י. י. טרונק

# דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט

## אָדער

# הערשעלעס לערן-יאָרן

(פאָלקסטימלעכער ראָמאַן פון לעבן
פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער)




ביי דער „געז' פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס, 1953

I. I. TRUNK

# DER FREILECHSTER ID IN DER VELT

(EL JUDIO MAS ALEGRE DEL MUNDO)



Editorial
''IDBUJ''
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
Buenos Aires - 1953

# א י נ ה א ל ט :

## צווייטער טייל

### הערשעלע אַסטראָפּאָליער אויפן וועלט־יאַריד

## ערשטער מעשה

### ביי שדים אין די הענט



## צווייטער מעשה

### דער פּרוש און דער יצר הרע

# דריטע מעשה

## גליקן אין גיהנום

# פערטע מעשה

## אַ שכן אין גן עדן

# עטלעכע ווערטער פון מחבר

ווען דער לייענער וועט פאַרענדיקן דאָס דאָזיקע בוך, וועט ער זיין היפּשלעך אַנטוישט. אָט רעדט זיך כסדר, אַז הערשעלע אָסטראָפּאָליער דאַרף אָנקומען קיין מעזשיבעזש און דאָרט משמח זיין דעם רבין ר׳ ברוכל. צוליב דעם טאַקע האָט אים אליהו־הנביא אַראָפּגעבראַנגט אין אַ זעקל. לסוף וויל דער מחבר גאָרנישט דערציילן צי האָט הערשעלע דערגרייכט דעם ציל און צי האָט ער טאַקע משמח געווען דעם טרויערנדיקן צדיק? דאָס איז נומער איינס. שנית: דערציילן דאָך אַ סך פאָלקס־מעשיות פון הערשעלען אין מעזשיבעזש. — פאַרוואָס וויל עס דער מחבר נישט טון און פאַרוואָס האַקט ער אָפּ אינמיטן?

אמת. דאָס גאַנצע בוך איז געבויט אויף מאָטיוון פון פאָלקס־מעשיות. מיר איז אָבער דורכויס געגאַנגען אַרויסצוברענגען די קאָנסטרוקציע פון אַ טיפערער מחשבה אין אָט די ייִדישע פאָלקס־דערציילונגען.

אין דער מכלומרשטער נאַיִוויטעט פון די פאָלקס־שאַפונגען ליגט זייער אַ ראַפינירטע וועלט־דערפאַרונג פון דורות. אין דעם דאָזיקן פרט האָט דער פאָלקלאָר אַ סך געמיינזאַמעס מיט די רעליגיעזע מיטאָסן. נישט מער וואָס אין דעם מיטאָס האָבן די דורות דערציילט פון זייערע דערפאַרונגען מיט דעם קאָסמאָס און מיט דעם געטלעכן און אין די פאָלקס־מעשיות — פון זייערע דערפאַרונגען מיטן מענטש און מיט דער מענטש־לעכער טבע. אין דער שפּראַך, אין דעם מיטאָס און אין דער פאָלקס־מעשה האָט די מענטשהייט אַריינגעלייגט אַלצדינג וואָס זי האָט צו טראַכטן און צו זאָגן וועגן דער וועלט.

אין דער ייִדישער פאָלקס-מעשה ליגט אַ סך און אַ סך פון דער דערפאַרונג וואָס דורות ייִדן האָבן אַדורכגעמאַכט אויף זייער לאַנגן וועג איבער גאָר דעם כדור־הארץ. דערפאַרונגען, אַז דאָס לעבן אויפן עולם־

התחתון איז דווקא נישט פויגלדיק און אַז דער בחיר־היצורים, דער מענטש, איז נישט אַזאַ זיסער שפּיל־פויגל. כדי צו דערגיין צו דעם דאָזיקן ביטערן אמת האָבן זיי געהאַט געגוג קאַלט און וואַרעם. ווייניק האָבן ייִדן געהאַט צו טון מיט אַלערליי צרות פון דער מענטשהייט? וואָס שייך זייערע דער־פאַרונגען מיט מענטשן האָבן ייִדן באַדאַרפט זיין די גרעסטע פּעסימיסטן און אַוועקלייגן זייערע קאָרטן אויפן שפּיל־טיש פון דער וועלט און זאָגן: פּאַס!

האָבן ייִדן אַ טבע פון אַן אויסטערלישן בטחון. ביי אַלע זייערע בי־טערע נסיונות האָבן זיי פאַרט תמיד געזאָגט: מירצעשעם! יאַקאַש וועט זיך דער דישל פון דער וועלט אויסדרייען צום גוטן. מיר וועלן נאָך פון אָט דעם וועלטעניו דערלעבן אַ סך נחת.

שטייען טאַקע ייִדן, הייסט עס, אין געברענטע צרות און זאָגן מירצע־שעם און וואַרטן ווי די אייביקע מנחם־מענדלס אויף די גרויסע גליקן. אָט אָט קומט דער ריכטיקער מענטש, צי די ריכטיקע אידעע און זיי וועלן שוין מאַכן די שיינע פּאַראַנדקעס.

פון דעם דאָזיקן אָפּטימיסטישן וואַרטן ביי די גרעסטע אַנטוישונגען איז געבוירן געוואָרן דער האַרטנעקיקער קיום וואָס מיר רופן ייִדישע געשיכטע. טייל מאָל דוכט זיך טאַקע אויס, אַז ייִדן האָבן זיך דערוואַרט און משיח רייט שוין אויפן פערדל. עס האָט זיך שוין אויף אַן אמתן אַ יאַווע־געטון די ריכטיקע אידעע, — און מענטשן האַלטן ביים אויסטוען זיך די אַלטע קאַפּאָטעס און ווילן ווערן גוט און פרום.

ייִדישע פאָלקס־מעשיות האָבן אונדז אַ סך דערציילט פון אָט דעם עקשנותדיקן ייִדישן וואַרטן. די היימישע תושבים אין אָט די מעשיות זע־נען די גרויסע און טייל מאָל גאָר נאַמענלאָזע ייִדן וואָס דאַרפן קומען און דערלייזן די וועלט — משיח, אליהו־הנביא, די למד־וואָוו וכדומה.

אין דעם פאָלקס־אָלימפּ פון דער העכסטער ייִדישער מחשבה איז אָבער אויך פאַראַן געגוג פלאַץ פאַר דער גרעסטער דערפאַרונג וואָס די ייִדישע דורות האָבן געהאַט, נעמלעך די דערפאַרונג פון אַנטוישונג. ייִדן זענען אַלע מאָל געוווּיר געוואָרן, אַז עפּעס האַלט עס נאָך נישט דערביי. משיח און אליהו־הנביא זענען טאַקע אונטערוועגס מיטן כל־טוב, נייערט זיי גייען און גייען און עפּעס קומען זיי נישט אָן.

אונדזער היינטיקער דור האָט זיך אויך געגוג אָנגעפּאָקט און אָנגע־מאָזלט אין שייכות מיט דעם דראַמאַטישן האָקוס־פּאָקוס פון דער וועלט וואָס מיר רופן האָפענונג און אַנטוישונג.

זענען דאָך אָבער ייִדן אַ קלוג פאָלק, און אַ קיומדיק פאָלק און אַ

בטחונדיק פאָלק — האָבן זיי גענומען דאָס ביטערע עצבות פון זייערע דערפאַרונגען מיט משיחן און מיט די למד־וואָוו — און האָבן גאָר אַרויס־געשיקט אויף דער שפּיל־בינע פון זייער פאַנטאַזיע אַ ייִד אַ קאַטאָוועס־טרייבער, אַ שקאָץ און אַ ווערטל־זאָגער, אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער. קוקט מען גוט אַרונטער אונטער דער פּאַיאַצישער קאַפּאָטע פון דעם דאָזיקן ייִד זעט מען, אַז דאָ גייט דאָס געשטאַלט פון דער ייִדישער אַנטוישונג. הערשעלע גייט אויך מאַכן די גוטע פאַראַנדקעס אויף דער וועלט, מיט דעם וואָס ער גייט זי פריילעך מאַכן. ווען ער וועט נאָר מירצעשעם אָנקומען קיין מעזשיבעזש און דאָרט פריילעך מאַכן דעם גרויסן ייִד וואָס איז אין עצבות, וועט ממילא ווערן אויף דער וועלט דער אמתער אגיל־ואשמח.

עס וואָלט זיך מיר וועלן מאַכן אַן אַנאַלאָגיע צווישן הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער און שלום עליכמען, נאָר דערפאַר איז נישט דאָ דאָס אָרט.

עס איז דאָס גרויסע וואָגעניש פון דער אַנטוישונג וואָס וויל גראָד ווערן דער שפּיץ פון בטחון. אַ מחבר טאָר זיך נישט איילן מיט דער דאָ־זיקער וואָגעניש און מיט זיין פּען וועלן אויפמאַכן די טירן פון מאָרגן. ער מוז אויך, מיינע טייערע לייענער, שטיין און וואַרטן און קוקן מה ילד־יום? צי וועט באמת דער ייִדישער קאַטאָוועס־טרייבער באַווייזן צו טון דאָס, וואָס אַלע דערלייזער ביז אַהער האָבן נישט געטון?

אַ מחבר וואָס נעמט זיך צו קאָנסטרויִרן די דערפאַרונגס־מחשבה פון די ייִדישע פאָלקס־מעשיות, טאָר נישט גיין קעגן די דערפאַרונגען פון די ייִדישע דורות און לויפן פאָרויס. פאַנטאַזיע איז אויך נאָר אַ סכום פון דערפאַרונגען און זי מוז זיך דורכויס האַלטן ביי די דערפאַרונגען פון דער ווירקלעכקייט. צווישן דערפאַרונג און אוטאָפּיע ליגט אַ תהום. אַ קלוגער מחבר מוז זיך היטן ווי פאַר פייער נישט אויסצוטוישן די יוצרות.

געוויס האָט יעדער מחבר געהערט און געלייענט פאָלקס־מעשיות, אין וועלכע ייִדן דערציילן ווי די וועלט וועט אויסקוקן העט העט שפּעטער אין די ימות־המשיח. ער מוז אָבער וויסן, אַז דאָס זענען די שוואַכסטע און צופעליקסטע שטעלן פון דער נאַציאָנאַלער ייִדישער פאָלקס־פאַנטאַזיע. עס זענען די אוטאָפּישע משיח־טעג פון אַ נאַציאָנאַלן „מירצעשעם“ מיט וועלכע ייִדן האָבן זיך ליב צו קוויקן ווען עס איז זיי באַזונדער אָנגעמאַ־זאָליעט אויפן האַרצן. זיי דערציילן אָבער גאָרנישט פון דער גרויסער וועלט־דערפאַרונג וואָס מיר רופן ייִדישע געשיכטע.

ייִדן וואָס זענען די גרעסטע וואַרטערס אין דער וועלט, זענען דאָ אַריינגעפאַלן אין דעם קטנות פון אומגעדולדיקייט און ווילן כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ און דוחק זיין דעם קץ.

ווי וועט טאַקע אויסקוקן די וועלט ווען הערשעלע אָסטראָפּאָליער וועט ענדלעך אָנקומען קיין מעזשיבעזש און דאָרט פריילעך מאַכן דעם רבין ר׳ ברוכל? ווי וועט אויסקוקן דער מין מענטש ווען ביים יצר-הרע און זיינע לאַפּיטוטן וועט שוין באמת ווערן אַן אייביקער תשעה־באב?

וועגן דער דאָזיקער פראַגע האָבן די דורות נישט געהאַט די מינדסטע דערפאַרונג. באדאי ווייסט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן אפילו דער בעסטער מחבר.

*
**

צום סוף וויל איך דערמאָנען, אַז די מתים־סצענע פּורים ביינאַכט אין דער שול האָב איך געמאַכט לויט מאָטיוון פון אייזיק מאיר דיק.



# קאַפּיטל איינס

דאָ ווערט קודם־כל דערציילט ווי אַזוי הערשעלע אָסטראָפּאָליער
איז אַראָפּגעקומען אויפֿן עולם־התחתון.

מיר ווייסן הן פֿון ספֿרים און הן פֿון אייגענער פּראַקטיק: דער עולם־הדמיון איז געגליכן צו אַ וואָג מיט צוויי שאָלן. אויף איין שאָל שטייט דער אמת און די גרויסע מחשבה. אַזוי צו זאָגן, דער תּיקון פֿון דער וועלט. די אַנדערע שאָל איז געגליכן צו אַ יאָר־מאַרק און צו אַ פּורים־שפּיל. דאָרט גייט עס צו הפֿקר־פּעטרישקע.

אין די צייטן וועגן וועלכע מיר הויבן אָן אונדזער ספּור־המעשה איז אויף דער וואָג־שאָל פֿון אמת און מחשבה געשטאַנען אַ דור פֿון גרויסע ייִדן. עס האָט טאַקע געהאַלטן דערביי אַז אָט־אָט קומט משיח. ס׳איז געווען נישט לאַנג נאָכן בעש״ט. אין דער פּמליה של מעלה האָט מען זיך פּשוט געצאַצקעט מיט אַזאַ דור ייִדן. מען האָט דאָרט גאָר געשמאַק געטראַכט צו ברענגען די גאולה.

דער בעל־דבר האָט אַ קוק געטון וואָסערע ייִדן עס דרייען זיך אַרום אויף דער וועלט. איז עס אים נעבעך ביטער געוואָרן ווי די גאַל. ער האָט זיך טאָג ווי נאַכט געבראָכן דעם קאָפּ ווי אַזוי כאַפּט מען זיך אַרויף אויף דער שאָל אַקעגנאיבער די גרויסע ייִדן און מען מאַכט ווידער אויף דער וועלט אַ חשכות. מחמת די וועלט האָט שוין אָנגעהויבן לייכטן מיט דער אור־הגנוז פֿון משיחס צייטן.

דעמאָלט האָט געלעבט דער רבי ר׳ ברוכל. ער האָט זיך גערעכנט פֿאַרן צדיק־הדור. אלא וואָס דען? ער איז געווען אַ גרויסער חוזה. האָט ער אַ קוק געטון מיט רוח־הקודש און געזען, אַז די דורות ייִדן, וואָס גרייטן זיך צו קומען שפּעטער זענען נעבעך יורדים אויף די מדרגות. וועגן קיינעם איז אַ צדיק נישט אַזוי פֿאַרזאָרגט ווי וועגן ייִדן־יורדים.

קוקנדיק אויף די ווייטענישן פון די דורות האָט דער רבי ר׳ ברוכל אַ זיפץ געטון.

אויף דעם דאָזיקן זיפץ האָט טאַקע אויסגעקוקט דער בעל־דבר. עצבות און זיפצן זענען פאַר אים די בעסטע לייטערס זיך אַרויפצוכאַפּן אויף דער וואָג־שאָל אַקעגנאיבער די צדיקים. אויבן וועט ער שוין אַלץ טון, דער ימח־שמו, אַז משיח זאָל נישט קומען.

אין דער פּמליה של מעלה האָט מען געזען אויף וואָס דער בעל־דבר גרייט זיך. האָט מען דאָרט בפּה אחד באַשלאָסן עס נישט צו פאַרצ׳ען אין דער לאַנגער באַנק. פון גיהנום הערט מען דערווייל שפּילן פּלייטן און פּייפּיאָלן. לילית טוט זיך אָן אַ שוואַרץ חופּה־קלייד. דער בעל־דבר טאַנצט אַ ריקודל מיט זיינע לאַפּיטוטן. עס גרייט זיך אַ גרויסע סעודה פון קרעפּל־פלייש געפּרעגלט אין סמאָלע. אַ קלייניקייט! דערלעבט, אַז די גרעסטע צדיקים גייען מיט אַראָפּגעלאָזטע נעזער.

האָט מען אין דער פּמליה של מעלה געכאַפּט העגדום־פּענדום, נישט געוואַרט אויף די תשעה ירחי לידה, נייערט תיכף ומיד אַראָפּגעשיקט אויף דער וואָג־שאָל וואָס אַקעגנאיבער איר איז געשטאַנען דער רבי ר׳ ברוכל — איינעם אַ פריילעכן ייִדן, אַ ייִד אַ גרויסער שקאָץ און אַ ווערטל־זאָגער מיטן נאָמען הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

## קאַפּיטל צוויי

אין זעקל ביי אליהו הנביאן. — אָסטראָפּאָליער הקדש.

אין די אויבערשטע עולמות האָט מען געוווסט: קיין בעסערן שליח ווי אליהו הנביא, מיט וועמען אַראָפּצושיקן הערשעלען אין שטעטל אָסטראָפּאָליע, דאַרף מען נישט. עס איז באַקאַנט אין אַלע זיבן הימלען, אַז אליהו־הנביא איז דער גרעסטער מליץ־יושר אויף יידן, אַ חוץ דעם איז אליהו־הנביא אַ מייסטער זיך צו פאַרשטעלן. ער האָט האָלט אַ פאַרשטעלטער אַרומצוגיין איבער יידישע שטעטלעך, שמועסן מיט יידן און געוויר צו ווערן זייערע באַדערפענישן און זייערע נויטן. ער קען די תפוצות־ישראל אויסגעבונדן. האָט מען אים, אליהו הנביאן הייסט עס, געגעבן הערשעלע אָסטראָפּאָליער און געהייסן אים אַראָפּטראָגן אונטן קיין אָסטראָפּאָליע.

אליהו הנביא האָט זיך נישט לאַנג מיישב געווען און זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ייד אַן אָרעמאַן, אַ מדינה־גייער. ער האָט גענומען אַ זעקל אויף די פּלייצעס. אין זעקל איז געלעגן דער קליינער הערשעלע. אין אַזאַ הילוך איז אליהו הנביא אריינגעקומען קיין אָסטראָפּאָליע. ער איז גלייך אַוועקגעגאַנגען אין שטעטלדיקן הקדש אַריין.

ווי אין אַלע תפוצות־ישראל איז אויך דאָס אָסטראָפּאָליער הקדש געשטאַנען אויפן בית-החיים. עס איז געווען אַ מפולת אויף הינערישע פיסלעך. ווען אליהו הנביא איז דאָרט אַהין געקומען, איז שוין געווען היפשלעך שפּעט אין אָוונט. אַ גרויסע און פולע לבנה האָט העל באַ־לויכטן דאָס הייליקע פעלד.

אויפן אָסטראָפּאָליער בית־הקברות האָט געוואָקסן נישט מער ווי אַן איין און איינציקער בוים. דער בוים איז געשטאַנען ביי אַן איינגעפאַלן אוהל פון אַ שוין לאַנג געשטאָרבענעם צדיק. ביים לעבן האָט דער צדיק אָפט געהאַט גילוי־אליהו. נפטר געוואָרן איז ער יאַנמיטן אַ תענית־חלום.

דער בוים ביים אוהל איז געווען דאַר און אויסגעטריקנט ווי אַ בוים אַ פּרוש און אַ שרוי־בתענית. ער איז געשטאַנען און זיך קוים געהוידעט צווישן די מצבות אויפן הייליקן פעלד וואָס איז געווען — ווי איך האָב שוין דערציילט — ווייס באַגאָסן מיט לבנה־שיין.

די אָרעמעלייט, וואָס זענען געקומען אין הקדש אַריין אויף זייערע צעריסענע בוידן, האָבן געלאָזט איבער נאַכט זייערע בידנע פּגירה־פערד־לעך זיך פּאַשען אויפן הייליקן פעלד. אין אַ לבנה־נאַכט איז עס געווען מוראדיק צו זען ווי די הויט־און־ביינערדיקע האַלב־בלינדע אָרעמאַנסקע פערדלעך שטשיפּען גראָז צווישן די יידישע מצבות פון אָסטראָפּאָליע.

אין אַזאַ לבנה־נאַכט איז אליהו הנביא געקומען אין אָסטראָפּאָליער הקדש אַריין מיט הערשעלען אין זעקל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צעפוילט בונט שטרוי און גענומען מעיין זיין אין אַ ספר. דאָס זעקל מיט הערשעלען איז געלעגן לעבן אים אויפן שטרוי. נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעטון די צעריסענע לאַפּטשעס פון די פיס און אָנגעהויבן אָפּצו־ריכטן חצות. שפּעטער האָט ער זיך געלייגט שלאָפן. אין הקדש איז גע־וואָרן שטיל. די ארחי־פרחי האָבן געכראָפּעט אויף די בונטן שטרוי. אינדרויסן אויפן בית־הקברות האָט געוואָיעט דער ווינט.

## קאַפּיטל דריי

אליהו הנביא ווערט נעלם און לאָזט איבער הערשעלען אויף אַ בונט שטרוי. — הערשל זאָגט דאָס ערשטע ווערטל און אַסטראָפּאָליע טרייסלט זיך פון לאַכן.

צומאָרגנס כאור זענען אַלע אָרעמעלייט אויפגעשטאַנען און זיך גע־וואָלט לאָזן אין שטעטל אַריין און דאָרט גיין איבער די הייזער. טוט מען אַ קוק: דער פרעמדער אָרעמאַן — דאָס הייסט דער פאַרשטעלטער אליהו הנביא — איז נישטאָ. במקומו, אויף זיין אָרט אויפן בונט שטרוי, זיצט אַ קליין קרועה־ובלועהדיק יינגעלע און קראַצט זיך אונטער דער פּאַטעלניצע.

איז עס געווען אַ מעשה פלא, מחמת נעכטן אויפדערנאַכט האָט קיינער אין הקדש נישט געזען קיין קליין יינגעלע.

איצט זיצט אָנשטאָט דעם אַלטן אָרעמאַן עפּעס אַ נפשל.

— ווּעמענס ביסטו? פרעגט אים אַ לאָמער געל־באַוואַקסענער ארחי־פרחי און קלאַפּט מיט אַ קוליע אויף דער ערד.

— דעם טאַטערס, ענטפערט דאָס יינגעלע און קראַצט זיך ווידער אונטער דער פּאַטעלניצע. — נישט דעם פאָטערס נאָר דעם טאַטערס.

דאַכט זיך, וואָס האָט דאָס יינגעלע געזאָגט? ער האָט געזאָגט „נישט דעם פאָטערס נאָר דעם טאַטערס". פון וואָס איז דאָ צו לאַכן? אין הקדש איז אָבער געוואָרן אַ ווילד געלעכטער פון יינגעלעס תשובה. מען האָט געמיינט, אַז די מפולת טרייסלט זיך אויף אירע הינערישע פיסלעך.

אינדרויסן איז דער שטאָט־קברן געווען פאַרנומען מיט גראָבן אַ קבר פאַר אַ נפטר. דערהערט געלעכטער אין הקדש, האָט זיך דער קברן שטאַרק געחידושט: פון וואַנען נעמט זיך צו אָרעמעלייט אַזאַ לאַכן? ער האָט

איבערגעלאָזט דעם קבר, גענומען די לאַפּעטע אין דער האַנט און אַריינ־געגאַנגען אין הקדש זען לשמחה מה זו עושה?

לאַכעדיקע אָרעמעלייט האָבן דערציילט דעם קברן, וואָס דאָס יינגעלע האָט געזאָגט, היינו: אַז ער איז דעם טאַטערס. —

דער קברן האָט זיך נישט לאַנג מיישב געווען: מיט דער לאַפּעטע אין דער האַנט האָט ער זיך גענומען טרייסלען פון געלעכטער.

אָסטראָפּאָליע איז נישט קיין גרויסער כרך, און דער בית־עולם איז נישט ווייט פון דער שטאָט. שטעטל מיט יידן זענען באַלד געוויר געוואָרן וואָס עס טוט זיך אין הקדש. קינד און קייט זענען געלאָפן קוקן. דערהערט וואָס דאָס יינגעלע האָט געזאָגט, האָבן אַלע יידן מקטן ועד גדול — אַליין נישט געוווּסט פאַרוואָס — זיך אָנגעהויבן קאַטשען פאַר געלעכטער.

פאַמעלעכל איז דאָס פשוטע וואָרט פון דעם פרעמדן יינגעלע זיך צעגאַנגען איבער אָסטראָפּאָליע. אַלע האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו לאַכן. מען האָט געמיינט, אַז אָסטראָפּאָליע וועט צעשיט ווערן מתוך שחוק.

יידן מיט בערד האָבן זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן: וואָס איז דער געלענדער?

דעמאָלט האָט מען נאָך נישט געהאַט געוווּסט, אַז דער אָרעמאַן איז געווען אליהו הנביא. מן השמים האָט מען אים אַראָפּגעשיקט מיט אַ זעקל. אין זעקל איז געלעגן דער פריילעכסטער און שקאָצישסטער ייד פון דער וועלט. דעם שקאָץ האָט מען אַראָפּגעשיקט, מחמת דער רבי ר׳ ברוכל האָט געקוקט ברוח־הקודש און געזען ווי פון די ווייטענישן קומען אָן יידן־יורדים. ער האָט געקוקט און אַ זיפץ געטון, דער גרעסטער צדיק פון דער וועלט. מחמת דעם, — שפּילן אין גיהנום פלייטן און פייפיאָלן. דער בעל־דבר טאַנצט אַ ריקודל מיט זיינע לאַפּיטוטן און גרייט זיך צו ווייזן דער וועלט ווער עס איז עלטער.

דאָס איז געווען דער ערשטער אויפטריט פון הערשעלע אָסטראָפּאָ־ליער אויפן עולם־העובר.

# קאַפּיטל פיר

ר׳ יאָקל דער בדחן גרייט זיך צו אַ חתונה.

אין אַ קליין הייזל אויף דער אַנדערער זייט אָסטראָפּאָליע האָט געוווינט דער קלעזמער ר׳ גימפּל מיט דער קאַפּעליע. איינגעדונגען ביי ר׳ גימפּלען ווי אַ שכן האָט געוווינט ר׳ יאָקל דער בדחן. אַזוי ווי זיי האָבן אַלע געגעסן פון איין שיסל און געהאַט די זעלביקע פּרנסה — קלעזמעריי און בדחנות — האָבן זיי אויך געוווינט צוזאַמען.

ווען עס האָט געהאַלטן פאַר אַ חתונה האָט מען געמיינט, אַז ר׳ גימפּלס הייזל איז אַ קרעטשמע. עס האָבן זיך דאָרט די קלעזמער געשאַרפט אויף די כלים. אַ פידל, אַ פלייט, אַ טראָמפּייט און אַ פּויק. אין די בין־המצרים, ווען יידן טאָרן נישט חתונה מאַכן, זענען די קלעזמער געלעגן אויפן פּיע־קעליק אָדער אונטער די ביימער און געשלאָפן. ווי מיר ווייסן זענען קלעז־מער קיינמאָל נישט אויסגעשלאָפן.

ווען די קלעזמער זענען געשלאָפן און די פידל, די פלייט, די טראָמ־פּייט און די פּויק האָבן געשוויגן — האָט מען דעמאָלט געהערט פון ר׳ גימפּלס הייזל די געשרייען פון די ווייבער. קלעזמערישע ווייבער זענען ארורות און צווישן זיך לעבן זיי ווי די קעץ, און רייסן זיך פאַר די קעפּ.

אין מיטן דער מעשה וואָס מיר דערציילן פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער, האָט ר׳ יאָקל דער בדחן גראָד געהאַלטן ביים צוזאַמענשלעפּן אַ לאַנגן פּזמון מיט פריילעכע גראַמען. אין אַ דערנעבנדיק שטעטל האָט געזאָלט זיין אַ נגידישע חתונה. ר׳ יאָקל האָט זיך געגרייט. און ווי עס פּאַסט פאַר אַ נגידישע חתונה האָט ער דווקא געוואָלט גראַמען עברי־טייטש מיט מאמרי־ח״זל.

פּלוצעם דערהערט ער דורכן פענצטער ווי אָסטראָפּאָליע לאַכט.

טראַכט ר׳ יאָקל: מן־הסתם איז געקומען אין שטעטל אַריין אַ בדחן, ער גייט מיר מקפּח פּרנסה זיין און וויל זיך אַריינכאַפּן אויף דער נגידי־שער חתונה וואָס דאַרף זיין למזל אין דערנעבנדיקן שטעטל. אַ שייגעץ דאָס איז!

## קאַפּיטל פינף

דעם בדחנס טעכטערל שיינדעלע לויפט קוקן וואָס עס איז געשען מיט אַסטראָפּאָליע.

ר׳ יאָקל דער בדחן האָט געהאַט זיין אייגנס אַ טעכטערל, אַ בת־יחידקעלע. זי איז נאָך אַפילו געווען אַ קליין מיידעלע, נאָר אַ מענה־לשון האָט זי געהאַט ווי אַן אַלטע גבאיטע. זי האָט זיך געמישט אין אַלע מחלוקתן פון די קלעזמערטעס, העכער געשריגן ווי אַלע ווייבער, געווען אויסגעבונדן אין די אַסטראָפּאָליער טעפּ און אַרומגעטראָגן רכילות.

געהייסן האָט זי שיינדעלע.

ר׳ יאָקל האָט אויף איר געזאָגט:

— אַ שאָד וואָס שיינדעלע איז נישט געבוירן געוואָרן אין מאַנסבילישע פּלודערן. גראַמען קען זי ווי אַ לעכערדיקער זאַק. ווען שיינדעלע וואָלט געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר, וואָלט זיך אַסטראָפּאָליע נישט באַדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ: וואָס טוט מען איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר ווען ר׳ יאָקלס מויל וועט אַנשטומט ווערן ווי ר׳ גימפּלס פידל אין תשעה־באָב? אין אַסטראָפּאָליער טעפּ וואָלט שוין געווען געוואַקסן אַ פּאַרטיקער בדחן.

דאָס געלעכטער אין שטעטל האָט, פאַרשטייט זיך, דערהערט שיינדע־לע דעם בדחנס.

— שיינע זאַכן, איך הער דאָ לאַכן, אַסטראָפּאָליע האַלט זיך ביים בויך אַז עס גייט אַ רויך, האָט שיינדעלע געזאָגט צו ר׳ יאָקלען מיט אַ גראַם, ווי עס פּאַסט פאַר אַ בדחנס אַ טעכטערל.

— גיי נאָר אַרויס, טעכטערל, און זע וואָס איז דאָס בייזע געלעכטערל, האָט ר׳ יאָקל געענטפערט אויך מיט אַ גראַם. פּונקט האָט ער געהאַלטן אינמיטן אַ נוטריקין.

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט: ס׳איז דאָך מן־הסתם אָנגעקומען קיין אַסטראָפּאָליע אַ נייער בדחן וואָס גייט מיר מקפּח פּרנסה זיין? טאָ וואָס איז די שמחה און וואָס איז דער טעם פון דעם גראַם? כ׳וועל דאָך נישט האָבן קיין האַם־האַם. קיין ברויט הייסט עס.

האָט ער אויף פּשוט עברי־טייטש געהייסן שיינדעלען אַרויסגיין אויפן מאַרק קוקן און חוקר ודורש זיין און למען השם תיכף ומיד קומען און ברענגען תשובה.



# קאַפּיטל זעקס

ר׳ יאָקל דער בדחן לויפט אַנקוקן הערשעלע אָסטראָפּאָליער. — עס וואַקסט אַ כלי־מפואר, זאָגט ר׳ יאָקל.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט. שיינדעלע איז געקומען הענדום־פּענדום צולויפן און דערציילט ר׳ יאָקלען כהאי לישנא:

— גאַנץ אָסטראָפּאָליע שאָקלט זיך פון לאַכן. אין הקדש טוט זיך אויף טיש און אויף בענק — און אַלצדינג צוליב עפּעס אַ יינגעלע וואָס אַן אָרעמאַן אַן אַרחי־פּרחי האָט איבערגעלאָזט אויף הפקר. עפּנט דאָס יינגעלע דאָס מויל — האָט שיינדעלע וויטער דערציילט — לאַכן די גרעסטע מרה־שחורהניקעס. ר׳ לייבעלע דער פרוש, וואָס פּאַסט משבת לשבת און שווייגט ווי די וואַנט, איז אויך געווען זען דאָס יינגעלע. האָט ער פלוצעם געטון אַ שמייכל. אָסטראָפּאָליע זאָגט, אַז זינט ר׳ לייבעלע לעבט האָט זיך אויף זיין פּנים באַוויזן דער ערשטער שמייכל.

ר׳ יאָקל דער בדחן האָט נישט לאַנג געטראַכט. ער האָט גענומען זיין יאַמשעגעם שטעקן און איז געלאָפן קוקן.

ער איז געקומען אין הקדש אַריין און מיט אייגענע אויגן געזען וואָס עס טוט זיך. ער האָט אַ קוק געטון אויף הערשעלע אָסטראָפּאָליער וואָס איז געזעסן אויפן שטרוי און זיך געקראַצט אונטער די פּאַטעלניצע.

ר׳ יאָקלען איז באַלד איינגעפאַלן אַ גאונישער געדאַנק:

באשר בכן — ער וועט דעם יתום נעמען צו זיך אַהיים און מחנך זיין פאַר אַ בדחן. אם ירצה השם, אויב עס וועט גיין מיטן רעכטן פוס, האָט ער פאַר שיינדעלען אַ געבאַקענעם זיווג. לאחר מאה ועשרים שנה לאָזט ער אים איבער בירושה אָסטראָפּאָליע והסביבה.

האָט דאָך אָבער ר׳ יאָקל געוווּסט, אַז אויף אַ יאַריד קויפט קיינער נישט קיין פערד איידער מען קוקט אים נישט אַריין אין די ציינער, —

דערימאַך האָט ר׳ יאָקל געטראַכט ביי זיך אין האַרצן און טאַקע אויף גראַם:

— איידער איך גיי אים אויסבעסערן די דאָליע און אים אויסהאָ־דעווען פאַר מיין ממלא־מקום אין אָסטראָפּאָליע, וועל איך פּאַוואָליע אויס־טאַפּן דעם יונג און אים פּרוּוון אויף דער צונג.

האָט מען געזען ווי ר׳ יאָקל דער בדחן גייט צו צום פרעמדן ייִנגע־לע. אַלע האָבן זיך אָפּגערוקט. ייִדן זענען טשיקאַווע געווען צו הערן דעם שמועס צווישן דעם באַרימטן אָסטראָפּאָליער בדחן און דעם קליינעם שקאָץ.

— ייִנגעלע, ייִנגעלע, ווו גייסטו און ווי הייסטו? האָט ר׳ יאָקל גע־פרעגט מיט אַ ניגון און מיט אַ גראַם.

— פונקט אין דער האָר ווי מיין זיידע האָט געהייסן, האָט הערשעלע אויך געענטפערט מיט אַ ניגון אָבער אָן אַ גראַם.

— ווו האָט געוווינט דיין זיידע? איז ער געווען בדחן אין אַ ייִדישער עדה? איז ער געווען ניכטער אָדער בגילופין? ווי האָט מען אים גערופן?

— אַזוי ווי מען רופט מיך, האָט הערשעלע געענטפערט און אויך אַ קלאַפּ געטון מיט זיין באָרוויסן פוס. — מיין זיידע האָט מען גערופן פונקט אַזוי ווי מען רופט מיך...

ר׳ יאָקל האָט זיך אַרומגעקוקט. די אָרעמעלייט אין הקדש זענען גע־שטאַנען און געשוויגן און געוואַרט וואָס עס וועט זיין.

— און ווי רופט מען דיך אין דער היים צום עסן? האָט ר׳ יאָקל געפרעגט נאָך אַ ישוב-הדעת. ער האָט איצט געפרעגט אויף אַ פּראָסטן נישט־געגראַמטן ייִדיש.

— צום עסן דאַרף מען מיך דען רופן? האָט הערשעלע געפרעגט — תוך כדי דיבור — זע איך אַ שיסל אויפן טיש — לויף איך אַליין.

ר׳ יאָקל האָט געטון אַ קנאַק מיט צוויי פינגער און געזאָגט צו די אַרומיקע:

— אָט דאָ וואַקסט אַ כלי־מפואר. ער וועט אַמאָל שאָקלען מיט די תפוצות ישראל. איך נעם אים אַהיים צו מיר און לערן אים בדחנות.

# קאַפּיטל זיבן

שיינדעלע זאָגט גראַמען. — קלוגע ווייבער אין אַסטראָפּאָליע.

הערשעלע האָט זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן און איז מיטגעגאַנגען מיט ר׳ יאָקלען אַהיים.

אויפן וועג איבערן שטעטל האָט ר׳ יאָקל געשוויגן און געטראַכט:

— אויב, אם ירצה השם, דאָס דאָזיקע יינגל וועט גיין אויף אַ דרך — פיר איך מיר אַהיים איבערן מאַרק צוויי קעץ אין איין זאַק, אי פּאַר שיינדעלען אַ חתן, אי פּאַר אַסטראָפּאָליער יידן אַ בדחן.

הערשעלע האָט אויך געשוויגן און געטראַכט:

— מן־הסתם וועט מיר אָט דער ייד געבן וועטשערע. זינט אליהו־הנביא האָט מיך אַהער געברענגט פון דער פּמליה של מעלה, האָב איך נאָך נישט טועם געווען כּי הוא זה — און איך בין טויט הונגעריק.

אַזוי טראַכטנדיק זענען זיי ביידע אָנגעקומען צו ר׳ יאָקלען אַהיים.

דאָס האַרץ האָט הערשעלען נישט גענאַרט. שוין פון דער ווייטנס האָבן פון דעם בדחנס פּענצטער אַרויסגעשמעקט גערייסטע קאַרטאָפלעס. הער־שעלען איז דאָס וואַסער געקומען אין מויל אַריין, — מחמת דעם האָט ער נישט געהערט ווי פון דער אַנדערער זייט פּענצטער בלאָזט דער טראָמ־פּייטער פון דער אַסטראָפּאָליער קלעזמער־קאַפּעליע.

ר׳ יאָקל האָט אויף דערגעשווינד אַ קוש געטון די מזוזה און אַ באַשמחהטער אַ זינג געטון צו שיינדעלען מיטן ניגון פון בענטשן „גשם“:

— אַז מען קויפט אויפן יאַריד אַ קו מוז מען איר געבן היי, דערימאַך שיינדעלע, פויל זיך נישט און גיב קאַרטאָפליעס פּאַר צוויי.

— איידער דער האָן וועט טון אַ קריי און אַ שווים וועט טון דער פיש, וועט אַלצדינג שטיין אויפן טיש — האָט שיינדעלע אַן איינגעריסטע גע־

ענטפערט, זיך אָפּגעווישט דאָס נעזל מיטן פאַרטעך און אַ קוק געטון אויפן באָרוויסן בחורל.

ר׳ יאָקל מיט הערשעלען האָבן זיך דערווייל געוואַשן און אָוועקגעזעצט ביים טיש. הערשל האָט שטיל געבאָמקעט, אַ סימן, אַז ער איז טאַקע געווען גוט הונגעריק. שיינדעלע האָט דערלאַנגט צוויי טעלער מיט אָנגעריישטע קאַרטאָפל־גריץ. פאַר הערשעלען האָט זי אָוועקגעשטעלט גאָר אַ פּיצעלע טעלערל.

ר׳ יאָקל האָט נישט באַלאַמוטשעט און זיך גענומען אַרבעטן מיטן לעפל. הערשעלע איז געזעסן און געשוויגן.

— אַכל! האָט ר׳ יאָקל געזאָגט אויף לשון־קודש און געוויזן הערשעלען אויפן טעלערל.

— מיין זיידע זכרונו לברכה האָט נישט געגעסן פון נישט קיין גע־טובלטע שיסלען. איך בין מיך נוהג פּונקט ווי מיין זיידע, האָט הערשל געזאָגט און פרום פאַרגלייזט די אויגן צו דער סטעליע — כ׳בין דאָך נישט אומזיסט אַ נאָמען נאָך אים.

— און פון גרויסן טעלער, ממזר, וועסטו עסן? האָט שיינדעלע אַהער געשריגן פון פּריפּעטשיק.

— גרויסע טעלער זענען עפּעס אַנדערש, גרויסע טעלער זענען גע־טובלט, האָט הערשעלע געענטפערט.

שיינדעלע האָט גענומען אַ גרויסן טעלער און אַהין אַריין איבער־געגאָסן די גריץ פון דעם קליינעם טעלער.

— איצטער איז דיר שוין ווויל? עפּן דאָס מויל! — האָט זי שקאָציש געזאָגט און זיך ווידער אָפּגעווישט דאָס נעזל מיטן פאַרטעך.

— כנראה, ווי עס קוקט אויס — האָט הערשל געזאָגט צו ר׳ יאָקלען — איז אָסטראָפּאָליע אַ שטאָט מיט קלוגע ווייבער. ווען קליינע מיידלעך זענען שוין דאָ אַזעלכע ממזרים — איז דאָך פּשוט עק וועלט.

# קאַפּיטל אַכט

הערשעלע לערנט זיך בדחנות ביי ר׳ יאָקלען, דערוויל טראָגט ער פּאַמעניצעס.

מיר האָבן לאַנג מאריך געווען צו דערציילן פון דער „מעשה בראשית" פון באַרימטן פריילעכן ייִד הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ווי אַזוי ער קומט קיין אָסטראָפּאָליע, און ווי אַזוי עס האָט אים געפונען זיין צוקונפטיקער שווער ר׳ יאָקל דער בדחן.

אין די שפּעטערע מעשיות, וואָס מיר וועלן אם ירצה השם דערציילן, וועט די אָסטראָפּאָליער שיינדעלע שפּילן די ראָל פון דער ארורה. זי וועט זיין דער שוואַרצער וואָלקן אין דער געשטאַלט פון אַ ווייבערישער ספּודניצע. איר ראָל אויפן עולם־התחתון וועט זיין: דווקא צו דערגיין די יאָרן דעם פריילעכסטן ייִד אין דער וועלט און אים אַריינצוברענגען אין עצבות. מען דאַרף דעם לייענער נישט אַריינשטעקן קיין פינגער אין מויל אַריין. ער פאַרשטייט באַלד: דאָ טרייבט דער בעל־דבר זיינע שמד־שטיק. נשים דעתן קלה. די פּרומסטע ייִדענע אפילו האָט אַן אָפן אויער פאַרן בעל־דבר. וואָרים פאַר אַן אמת־פריילעכן ייִד ציטערט דער ימח־שמוניק נישט ווייניקער ווי פאַר אַן אמת הייליקן ייִד. אפילו נישט ווייניקער ווי פאַר אַ למד־וואָווניק.

דער בעל־דבר דאַרף עצבות, נישט קיין פריילעכקייט.

ווי אַ בוים וואַקסט אין זיינע בלעטער, אַזוי באַדאַרף יעדע נשמה צו וואַקסן אין אירע מעשים. גאָלד מוז מען לאַנג זוכן. אויף עפּעס רעכטס איז אין תחילת קיינער נישט קיין מבין.

ר׳ יאָקל איז אויך תחילת נישט געווען קיין פולער מבין אויף דעם ייִנגעלע, וואָס ער האָט געברענגט פון הקדש און אים געוואָלט אויס־

האָדעווען סיי פאַר זיינס אַ יורש אין אָסטראָפּאָליער בדחנות און סיי פאַר אַן אײדעם, דאָס הייסט, אַ זיווג פאַר זיין בת־יחידקע שיינדעלע.

ר׳ יאָקל האָט הערשלען גענומען אויף דער לער. ד״ה קודם כל האָט דער קומענדיקער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט געמוזט אַרויסטראָגן פּאָמעניצעס. הגם די מלאכות זענען פאַרשידן — אָבער די „לער״ איז אומעטום די אייגענע: מען מוז טראָגן פּאָמעניצעס. אין דעם דאָזיקן פּרט זענען שניידעריי און בדחנות צו זיך גלייך ווי צוויי טראָפּן וואַסער.

הערשעלע איז טאַקע אויסגעריסן געוואָרן אויף דער „לער״ ביי ר׳ יאָקלען. שיינדעלע, וואָס האָט אויף הערשעלען געקוקט ווי אויף אַ זיווג מן השמים, האָט אים אויך גענומען אויף דער „לער״ און אים אויך באַצייטנס דערגאַנגען די יאָרן מיט פּאָמעניצעס. — ער וועט דאָך זיין מיין מאַן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, האָט שיינדעלע ביי זיך געטראַכט, מוז איך אים שוין באַצייטנס מאַכן פאַר אַ פּאָד־פּאַנטאָפל. נאָך פאַר דער גאָלדענער יויך מעג ער פאַר מיר האָבן דאָס זיבן־יאָריקע קדחת. אַ מאַן דאַרף מען זיך אַליין אויסאַרבעטן.



# קאַפּיטל ניין

שווער צו זיין אַ ייִד. — הערשעלע באַזינגט אַ כלה און נעמט אויס ביי שיינדעלען.

אַזויב עס איז שווער צו זיין אַ ייִד אין דער וועלט, — טאָ ווי שווער און ביטער איז צו זיין דער פּריילעכסטער ייִד אין דער וועלט. הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט טאַקע געהאַט אויסגעריסענע יאָרן ביי זיין קומענדיקן שווער און ביי זיין קומענדיקע זוגתו שתחיה. יעדעס ווערטל וואָס ער האָט געזאָגט — און די גלייכווערטלעך האָבן זיך פון אים געשיט בייטאָג און ביינאַכט — איז אים אויסגעפאַלן באָקום.

גאָר, גאָר שפּעטער האָט אים ר' יאָקל אָנגעהויבן צו לערנען באַ־זינגען אַ כלה.

דאָס כלה־באַזינגעניש האָט הערשעלע באַלד אָנגעהויבן נאָכצוזאָגן מיט אַ זיסן קול נגינה. ר' יאָקל האָט צוגעמאַכט די אויגן און געקנאַקט מיט דער צונג. שיינדעלע איז אַרויס מיט אַזאַ קול־יללה, גלייך ווי זי וואָלט שוין געשטאַנען מיט הערשעלע אָסטראָפּאָליער אונטער די פיר שטאַנגען.

ר' יאָקל איז געווען צופרידן און געזאָגט צו זיין טעכטערל, אַז זי זאָל דעם כלי מפואר צוגיסן נאָך אַ ביסל וואַסער צום שיסעלע גריץ.



## קאַפּיטל צען

פּורים אין אָסטראָפּאָליע. — הערשעלע טראָגט שלח־מנות
און ווערט אַ פּורים־שפּילער.

דערווייל האָט זיך געמאַכט פּורים אין שטעטל אָסטראָפּאָליע. הערשעלע איז געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס אין די ווינטערדיקע קעלטן.

ר׳ יאָקל האָט געזאָגט צו אים האַרט פאַר „אסתר תענית״:

— פּורים־לעב באַווייזט אפילו דער גרעסטער שלימזל צו מאַכן געלד. וועסט עפּעס פאַרדינען אין פּורים און איך וועל דיר אויסדינגען אַ מלבוש אויפן יאַריד.

—פּורים בייטאָג — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט מיט גרויס ערנסטקייט — וועסטו טראָגן שלח־מנות. מ׳וועט ס׳דערלעבן, פּורים אויף דער נאַכט, וועסטו בייזאַמען מיט די פאַרשטעלטע קלעזמער אַרומגיין איבער אָסטראָפּאָליע און זיין אַ פּורים־שפּילער.

כך הוה. אַ גאַנצן טאָג פּורים האָט הערשעלע געטראָגן שלח־מנות.

שיינדעלע האָט אים אומעטום אָפּגעוואַרט און אים געזאָגט, אַז ר׳ יאָקל האָט איר געהייסן ביי אים צונעמען די געמאַכטע פאַר גראָשן. מחמת הערשל — האָט זי געזאָגט אין ר׳ יאָקלס נאָמען — האָט צעריסענע קעשענעס און ער קען חלילה פאַרלירן די ממתקים. ווי אַזוי וועט ער, דער ממזר, קומען בלי נדר פּסח צו אַ ניי מלבוש? אין איינוועגס האָט שיינדעלע אויפגעדעקט די טעלערלעך שלח־מנות און געזאָגט, אַז זי מוז פאַרזוכן און זען צי אָסטראָפּאָליע שיקט גוטע שלח־מנות.

אויף דער נאַכט האָט הערשל געשפּילט „דוד און גלית״. אַזוי ווי ער איז געווען אַ קליינער און אַ דאַרער, איז ער געווען פאַרשטעלט פאַרן יונגן קיניג דוד. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קיילעכדיק קריינדל

פון רויט פּאַפּיר און אויף די פּלייצעס דאָס זעקל, וואָס אליהו־הנביא האָט איבערגעלאָזט אין אָסטראָפּאָליער הקדש. אין זעקל האָט אים שיינדעלע אַריינגעלייגט אַ קאַרטאָפליע מיט וועלכער ער דאַרף שפּעטער, צום סוף פון שפּיל, דערהרגענען גליתן דעם פּלשתי. גלית איז געווען אַ הויכער קלעזמער־יונג, בלינד אויף אַן אויג. אין דער אָסטראָפּאָליער קאַפּעליע האָט ער געבלאָזן אויף דער פּלייט.

ר׳ יאָקל האָט הערשלען אויסגעלערנט אייגענע גראַמען, — גראַמען, וואָס זענען געמישט מיט עברי־טייטש, לשון־קודש און פּראָסט גוייִש. מיט די דאָזיקע גראַמען האָט הערשל באַדאַרפט איינטענהן מיטן קלעז־מער־יונג גלית.

הערשל האָט זיך אָבער ווייניק גערעכנט מיט ר׳ יאָקלס גראַמען. טאָמער האָט גלית דער פּלייטיסט געזאָגט אַ וואָרט, האָט אים הערשל באַשיט מיט הלצות און גלייכווערטלעך.

דער עולם איז געלעגן אויף די בייכער און וויבער האָבן הערשלען אַריינגעשטופּט אין דער האַנט אַריין אַן אוצר מיט המן־טאַשן.

הערשלען איז געפעלן געוואָרן דער פריילעכער טאָג פּורים און ער האָט ביי זיך געטראַכט:

— ווען דער אויבערשטער וואָלט מיך געפאָלגט, וואָלט ער אָנשטאָט איין טאָג פּורים לכתחילה געווען באַשאַפן אַ פּורימדיקע וועלט. אָנשטאָט שיינע מיושבדיקע באַלעבאַטים וואָלטן זיך אַרומגעדרייט פאַרשטעלטע פּורים־שפּילער. אויף די ביימער וואָלטן געוואַקסן המן־טאַשן און שלח־מנותן, און מענטשן וואָלטן כסדר אַרומגעגאַנגען איינגעריסטע, געגרעדט מיט גראַם און געשריגן זיך אַ גוטן פּורים.

טראַכטנדיק אַזעלכע זיסע געדאַנקען, וואָסערע ליכטיקע וועלט עס וואָלט געווען, ווען דער רבונו של עולם איז זיך קודם מעשה־בראשית מיישב מיט הערשעלע אָסטראָפּאָליער — איז ער, הערשל, פּאַמעלעכל צוגעקומען צו דער אַלטער אָסטראָפּאָליער שול. ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ שטיין אַקעגנאיבער דעם פּאָליש און איז איינגעשלאָפן.

## קאַפּיטל עלף

הערשעלע שלאָפט איין לעבן פּאָליש פון דער אַלטער שול. — אַסטראָפּאָליער הענער קרייען אויף חצות.

**פ**ון קדמונים זענען אין אָסטראָפּאָליע פאַראַן אַ סך הענער. האַלבער נאַכט, ווען יידן דאַרפן אָפּריכטן חצות. שאַלט אָסטראָפּאָליע פון דעם שטאַרקן געקריי, וואָס טראָגט זיך פון אַלע ווינקעלעך. פון אָט דעם שאַרפן חצות־געקריי פון אָסטראָפּאָליער הענער, האָט זיך הערשעלע אויפגעכאַפּט.

ער רייבט זיך אויס די אויגן און טוט אַ קוק.

און ער גלויבט נישט זיינע אייגענע אויגן.

די גרויסע פענצטער פון דער אַלטער שול זענען שאַרף באַלויכטן. זינט ער לעבט, דאָס הייסט, זינט אליהו־הנביא האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון דער פמליה של מעלה, האָט נאָך הערשל נישט געזען אַזעלכע ליכ־טיקע פענצטער. אפילו שמחת־תורה זענען די פענצטער פון דער שול נישט אַזוי העל באַלויכטן. ווען נישט דאָס קרייען פון די אָסטראָפּאָליער הענער, וואָלט ער נישט געוווּסט, אַז ווו אַ זייגער, שלאָגט ער איצט האַלבע נאַכט. די הענער קרייען פון אַלע עקן פינצטערניש. עס איז חצות — אָבער וואָס עפּעס איז די אַלטע שול אַזוי גן־עדנדיק באַלויכטן?



## קאַפּיטל צוועלף

פון אינעווייניק פון שול הערט מען לייענען די מגילה. — איז עס אַ חלום אין חצות? — איז עס אַ ווונדערלעכע וואָר?

הערשעלע אַסטראָפּאָליער זיצט אויפן שטיין אַקעגנאיבער פּאָליש און קוקט פאַרוווּנדערט אויף דער שאַרף־באַלויכטענער אַלטער שול. פּלוצים הערט ער פון דרינען לייענען די מגילה. אינמיטן דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט און נאָכדעם ווי די הענער האָבן אָפּגעקרייט, איז דאָס מגילה־לייענען ביי אים אויסגעקומען גאָר מאָדנע און עפּעס ווי מוראַדיק.

זינט ער לעבט האָט נאָך הערשל נישט געהאַט געהערט אַזאַ שיין בנעימותדיק לייענען די מגילה. פון דער באַלויכטענער שול האָט זיך עס אַרויסגעגאָסן ווי זיסער האָניק און האָט באַשמעקט די פינצטערע אַסטראָפּאָליער נאַכט. נאָך דעם קרייען פון די הענער האָבן די נאַקעטע ווינטער־ביימער אָנגעהויבן צו רוישן אין אַ קאַלטן ווינט.

הערשל ווייסט, אַז עס איז חצות. אויף דער צונג ליגט אים נאָך דער טעם פון די המן-טאַשן, וואָס אַסטראָפּאָליער ווייבער האָבן אים געגעבן פאַר זיינע הלצות אויפן חשבון פון גליתן דעם פּליטיסט. עס איז דאָך נישט מעגלעך — טראַכט ביי זיך הערשל, זיצנדיק אויפן שטיין אַקעגנ־איבער דעם פּאָליש — אַז אין דער נאַכט חצות פאַר שושן־פּורים זאָל מען אין דער אַלטער שול לייענען די מגילה?!

פּאָרט הערט ער ווי מען לייענט אַזוי שיין די מגילה. ווען עס קומט צו המנען, גרעגערן אינעווייניק אין דער שול די גרעגערס און עס טופּען אַ סך פיס.

ער טראַכט און טראַכט. דאָס זיסע מגילה־לייענען געפעלט אים וואָס אַמאָל בעסער.

לסוף באַשליסט ער ביי זיך: איך וועל אויף טשעקאַוועסט אַריינגיין אין דער שול און אַ קוק טון: איז עס אַ חלום אין חצות? צי איז עס גאָר אַ ווונדערלעכע וואָר וואָס איך זע צום ערשטן מאָל אויפן עולם־התחתון?

# קאַפּיטל דרייצן

שרעק זיך נישט הערשעלע. — פּורים אין בײדע װעלטן. — הערשעלע שפּילט די ראָל פון דוד המלך.

הערשל האָט איבערגעטרעטן די שװעל פון דער אַלטער שול. ער האָט געזען: אין אַלע מעשענע הענג־לייכטער, סיי אויבן, צווישן די שול־באַלקענעס, סיי ביי די געשניצטע זיילן פון באַלעמער, פלאַקערן גרויסע אָנגעצונדענע וואַקס־ליכט. זיי ברענען מיט גרעסערע פלאַמען ווי עס איז זייער שטייגער און גיבן פון זיך אַרויס אַ העלקייט ווי אין דער שול וואָלט ממש געווען אַ וואַרעמער זוניקער טאָג. די אַלטע שול איז אָנגעפּאַקט מיט ייִדן. הערשל טוט אַ קוק אַרויף צו דער ווייבער־שול. זי איז פול מיט שיינע נגידישע ווייבער. עס קוקן אַראָפּ ווייבערישע קעפּ אָנגעטוענע אין סאַמעטענע און זיידענע קופּקעלעך מיט ציטער־נאָדלען.

אויפן באַלעמער שטייט אַ חזן אין אַ טייערן טערקישן טלית מיט אַ ברייטע זילבערנע עטרה. ער שאָקלט זיך און לייענט די מגילה. פּונקט האַלט ער שוין ביים סוף. מרדכי און אסתר ווערן געגרויסט און געהויבן ביים קעניג אחשורוש. אין שושן־הבירה זענען ייִדן פריילעך און טאַנצן פאַר שמחה און שיקן איינער דעם אַנדערן שלח־מנות. אויך די ייִדן אין דער אַלטער שול זענען לוסטיק און פריילעך. באַלד ענדיקט דער חזן די מגילה. די גאַנצע שול זינגט אויף איין קול „שושנת יעקב״. די ווייבער אויבן אין דער ווייבער־שול פּאַטשן צו מיט די הענט.

הערשל שטייט אויף דער שוועל פון דער שול. ער קען זיך בשום אופן נישט מסביר זיין וואָס דאָס האָט צו באַטייטן. ווער זענען די ייִדן? די פּנימער קומען אים אויס פרעמדלעך. אַזעלכע ייִדן האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אָסטראָפּאָליע.

פלוצים הערט ער הינטער זיך צוויי קולות. זיי רופן אים ביידע צו־זאַמען און שרייען אים נאָענט ביי די אויערן:

— ברוך הבא, הערשעלע! ס׳מאַכסטע?

ער האָט דערקענט די צוויי ייִדן, וואָס זענען ערשט מיט אַ חודש צוריק געשטאָרבן אין אָסטראָפּאָליע. ער אַליין איז געווען ביי זייער לוויה.

ער קוקט אויף די צוויי ייִדן. זיי שמייכלען צו אים גאָר פריינטלעך. ניין, ער האָט נישט קיין טעות. עס זענען צוויי ערשט־געשטאָרבענע אָרע־מעלייט. אין אָסטראָפּאָליע האָט מען זיי גערופן: די שוואַרצע ראובן און שמעון. הגם זיי זענען גאָר געווען געלע, האָט מען זיי גערופן שוואַרצע, מחמת כל־ימיהם האָבן זיי געהאַט אַ פינצטער לעבן און נעבעך געגאַנגען איבער די הייזער. זיי זענען ביידע געווען ווילדע מרה־שחורהניקעס און געשוויגן ווי אייביק־שטומע. ווען מען האָט אויף זיי געקוקט האָט מען זיך דערמאָנט אין שבעה־זיצן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. איצטער זענען זיי, אָט די צוויי טירן־גייער, אָנגעטון אין שיינע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס. אויף די קעפּ טראָגן זיי נגידישע שטריימלעך. די פּנימער זענען לאַכעדיקע. עס קוקט אויס ווי זיי וואָלטן ערשט נישט לאַנג געמאַכט אַ כוסה.

— ברוך הבא, הערשל, — האָבן די צוויי ייִדן צו אים געזאָגט מיט פּורימדיקער בגילופנדיקייט. זיי האָבן אים אָנגענומען פאַר די הענט און אים טיפער אַריינגעפירט צווישן דעם פרעמדן עולם ייִדן אין דער אַלטער אָסטראָפּאָליער שול.

זייערע הענט, וואָס האָבן אים געהאַלטן, זענען געווען ביינערדיק און קאַלט ווי אייז.

הערשל האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז נאָכדעם ווי די הענער האָבן אָפּגעקרייעט אויף חצות, פּראַווען דאָ, אין דער אַלטער שול, די מתים פון אָסטראָפּאָליער בית־הקברות אַ פריילעכן פּורים.

לאַנג טראַכטן האָט ער נישט געקענט. ער האָט געפילט ווי די אייז־קאַלטע הענט פון די צוויי אָסטראָפּאָליער אָרעמעלייט שלעפּן אים אַריין צווישן דעם עולם.

אויף דעם שאַרף־באַלויכטענעם באַלעמער האָט דער טויטער חזן אין דעם שיינעם טערקישן טלית, אָנגעהויבן צו ציקלען אַ פּורימדיקן פּיוט. עולם מתים האָט אונטערגעכאַפּט. די שול איז פול געוואָרן מיט פּורימ־דיקן געזאַנג. די ווייבער אויבן אין דער ווייבער־שול האָבן געשאָקלט מיט

זייערע קופּקעלעך און ציטער־נאָדלען און צוגעפּאַטשט מיט די הענט. זינ־גען, פאַרשטייט זיך, טאָרן נישט אַפילו טויטע ווייבער. באַלד האָבן זיך די מתים אַרומגענומען פאַר די פּלייצעס, אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פיס און צו טאַנצן פריילעכע פּורימדיקע ריקודלעך.

הערשל האָט געהערט ווי פון אַלע זייטן רופט מען אים ביים נאָמען און מען שרייט: „ברוך הבא!" מען לייגט אַרויף אייז־קאַלטע הענט אויף זיינע פּלייצעס און מען שלעפּט אים אַריין אין ריקודל.

אַ חוץ די צוויי געשטאַרבענע אָרעמעלייט, האָט הערשל צווישן דעם גרויסן עולם מתים — ווי מיר האָבן שוין דערציילט — קיינעם נישט געקענט. אָבער אַלע, און אַפילו די ווייבער אין דער ווייבער־שול, האָבן אים דווקא גוט געקענט און כסדר געזונגען: אַ גוטן פּורים, הערשל! זיי האָבן אויך געוווּסט וואָס עס איז מיט אים געשען זינט ער איז פון דער פּמליה של מעלה אַראָפּגעקומען קיין אָסטראָפּאָליע, און אַז ער איז אויף דער „לער" ביי ר' יאָקל דעם בדחן. מיט זייערע קאַלטע הענט האָבן זיי באַטאַפּט אליהו־הנביאס זעקל און זענען געוווען טשיקאַווע צו זען די קאַרטאָפליע וואָס שיינדעלע האָט דאָרט אַריינגעלייגט כדי אין פּורים־שפּיל כלומרשט צו דערהרגענען דעם אָסטראָפּאָליער פּלייטיסט גלית.

הערשעלע האָט באַשלאָסן, אַז אַזאַ חשובן עולם איז אַ מצווה משמח צו זיין. האָט ער געזאָגט צום גראַם: אַ גוטן פּורים, ייִדן! המן האָט גע־וואָלט אומברענגען אַלע ייִדן, צום סוף טרעפט מען זיי אויף אַלע יאַרידן. המן הענגט נאָך אַלץ אין שושן — און ייִדן טוען זיך האַלדזן און קושן. אַ קלאָג צו ויזתאן — אַ מכה וועט ער עסן לויתן, אָבער ביי אונדז ייִדעלעך איז שמחה וששון.

צו הערשעלען איז דאָ צוגעגאַנגען אַ הויכער, אויסגעדאַרטער נפטר. ער האָט געהאַט אַ שיינע גרויע באָרד, וואָס האָט אים דערגרייכט ביז צום בויך און איז געוווען אָנגעטון אין אַן אַטלעסענע קאַפּאָטע מיט זילבערנע סטראָקעס. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טייער קירהש שטריימל מיט אַ סך שפּיצן.

— הערשעלע, — האָט דער חשובער בר־מינן געזאָגט מיט אַ שמייכל און אים אַרויפגעלייגט אַן אייז־קאַלטע האַנט אויף דער פּלייצע — ביסט מיט אונדז אויפן עולם האמת זיכערער ווי להבדיל בין החיים והמתים, מיט יענע אין דרויסן, אויפן עולם־הדמיון.

דער שיינער חשובער בר־מינן האָט צו הערשעלען גערעדט גאָר פריינט־

לעד און האַרציק און אים אַרויפגעפירט אויפן באַלעמער. די ווייבער אויבן אין דער ווייבער־שול האָבן פונאויפסניי אָנגעהויבן צו פּאַטשן מיט די הענט און צו שאָקלען מיט די קופּקעלעך. הערשל האָט באַשיימפּערלעך געזען: עטלעכע יונגע אויסגעפּוצטע נגידותטעס אויבן צווישן די ווייבער שאָקלען זיך פון לאַכן. דאָס קול פון געלעכטער האָט ער נישט געהערט. מן־הסתם לאַכן די מתים נישט אויפן הויכן קול.

פּלוצים איז דאָס געזאַנג פון פּורימדיקן פּיוט אַנטשטומט געוואָרן. די טויטע ייִדן האָבן אויפגעהערט צו טאַנצן. די ווייבער אויבן אין דער ווייבער־שול האָבן עפּעס געמאַכט מיט די הענט און געוויזן אויף הער־שעלען.

דאָ איז ווידער צו אים צוגעגאַנגען דער שיינער מת אין דער אַטלע־סענער קאַפּאָטע און מיטן קירהשן שטריימל. ווידער האָט ער אים אַרויפגע־לייגט אַ קאַלטע האַנט אויף דער פּלייצע און געזאָגט מיט אַ סך בנעימות־דיקייט.

— מיר ווייסן, הערשעלע סערדצע, אַז דו ביסט אַ טייערער פּורים־שפּילער און אַ שקאָצישער ווערטל־זאָגער. אַ גאַנצן פּורים אויף דער נאַכט ביסטו היינט אַרומגעגאַנגען איבער אָסטראָפּאָליע און משמח געווען לע־בעדיקע ייִדן לכבוד פּורים. זיי אויך אונדזערע הערצער משמח! היינט איז פּורים אין ביידע וועלטן. שפּיל פֿאַר אונדז הערשעלע, דאָס שיינע שפּיל פון דוד און גלית.

מען האָט נישט געוואַרט אויף הערשלס תשובה. שוין האָט מען גע־מאַכט פּלאַץ אויפן באַלעמער. עטלעכע טויטע פּורים־שפּילער אין פּאַפּי־רענע מלבושים, פּאַפּירענע שטיק־היט אויף די קעפּ און רויטע מאַסקעס אויף די נעזער האָבן הערשלען אַרומגערינגלט. זיי האָבן געשפּילט די פּלשתים. אַ יונגער, הויכער בר־מינן מיט אַ מאַסקע פון אַ רויב־פויגל אויפן פּנים, אַ פּאַפּירענע קאַסקע אויפן קאָפּ און אַ הילצערנע שווערד אויף די לענדן האָט זיך אַוועקגעשטעלט הערשלען אַקעגנאיבער. ער האָט געשפּילט גליתן. אויבן אין דער ווייבער־שול האָבן זיך די בר־מינגטקעס געשטופּט צו קוקן. אין דער אַלטער שול איז געוואָרן שטיל. אַלע האָבן אַרומגערינגלט הערשלען און די פּורים־שפּילער און געוואַרט אויפן שפּיל פון דוד און גלית.

דער חשובער נפטר אין דער אַטלעסענער קאַפּאָטע און מיטן שיינעם

קירהשן שטרײמל האָט זיך אַ גלעט געטון בײ דער לאַנגער גרויער באָרד און געזאָגט:

— נו, הערשעלע, לאָמיר הערן.

דער טויטער גלית האָט געזאָגט פּונקט די אײגענע װערטער װאָס דער לעבעדיקער קלעזמער־יונג דער פּלײטיסט. באַלד האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען אַ שײן ליד אויף עברי־טײטש. דאָס ליד איז געװען מחיהדיק און זיס און פול מיט װוּנדערלעכע גראַמען. פון גרויס מתיקות האָט הערשל פאַרגעסן װוּ ער געפינט זיך. די צונג האָט זיך אים אויפגעבונדן און ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן די גראַמען װאָס ר׳ יאָקל דער בדחן האָט אים אויסגעלערנט. צום סוף האָט ער צוגעגעבן זײנע אײגענע הלצהלעך און אַראָפּגענומען אליהו הנביאס זעקל פון דער פּלײצע. ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרט די קאַרטאָפליע כּדי מכּלומרשט צו טויטן דעם בר־מינן גלית.

פאַרשטײט זיך, אַז װעדליק דעם שפּיל האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער — דאָס הײסט דער קיניג דוד — חלילה גליתן נישט געװאָרפן די קאַרטאָפליע. ער האָט זי בלויז געהאַלטן אין דער האַנט און דערבײ געזונגען אַ ליד.

— איך קען דיר ממיתן, דו אַנטיסעמיט, מיט דער קאַרטאָפליע, װי איך בין אַ ייִד! בײ הערשל פון אָסטראָפּאָליע שפּילט דאָס נישט קײן ראָלע. נאָר מיט דער קאַרטאָפליע איז בעסער צו קאָכן גריץ — און דיך קאָן איך הרגענען מיט אַ בלויזן װיץ. קאַרטאָפליעס קומען ייִדעלעך צונויף, און אַ װיץ, װידער, קאָסט מיך אומזיסט, דו פּאַסקודנער פּלשתי װאָס דו ביסט!

עולם נפטרים האָבן זיך גאָר מחיה געװען. אַזוי װי כּמעט אַלע האָבן געטראָגן שטרײמלעך — האָבן זײ צופרידן געשאָקלט מיט די שטרײמלעך. אויבן פון דער װײבער־שול האָבן די װײבער אַרויסגעקוקט װי טויבן פון אַ טויבן שלאַק, און געשאָקלט מיט די קעפּעלעך און ציטער־נאָדלען.

װי דאָס שפּיל האָט זיך פאַרענדיקט, האָט דער חשובער ייִד מיטן קירהשן שטרײמל און מיט דער לאַנגער גרויער באָרד געגעבן הערשלען אַ קניפּ אין בעקל אַרײן. הערשל האָט געשפּירט װי שטיקער אײז רירן זיך אים צו צו די באַקן.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך צװישן די בר־מיננס געפילט גאָר

היימישלעך. בפרט אַז מיט זיין שפּיל און הלצות האָט ער ביי זיי שטאַרק אויסגענומען.

***

אָבער נישט אַלע פּורים טרעפט זיך אַ נס און אַ לעבעדיקער טרעפט זיך מיט אַ מת — האָט שפּעטער געזאָגט ר׳ יאָקל דער בדחן צו זיין טעכטערל שיינדל. — וואָרים ווען אַלע טאָג זאָל זיין דער נס פון פּורים און כסדר פּורים־שפּיל און געלעכטער — וואָס וואָלטן יידן געהאַט צו זאָרגן מיט זייערע טעכטער? אוי, וואָלט דאָס געווען אַ וועלט! מיר, בדחנים, וואָלטן געשלאָפן אויף זעק מיט געלט!

# קאַפּיטל פערצן

הערשעלע פאַרלאַנגט דריי זאַכן. — דער טויטער חזן ר׳ העשל. — ווידער קרייען אָסטראָפּאָליער הענער.

אין זכות פון דעם וואָס דו האָסט אונדז אַזוי שטאַרק דערפרייט לכבוד פורים — האָט דער חשובער נפטר אין דער שיינער אַטלעסענער קאַפּאָטע געזאָגט צו הערשעלען — זאָל זיך שמחה קיינמאָל נישט אָפּטון פון דיין האַרצן. מיט וואָס זאָלן מיר דיך באַלוינען, הערשעלע סערדצע? קיין קופּערנע און זילבערנע מטבעות האָבן מיר נישט אויפן עולם־האמת.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך אָנגערופן אַ האַפּערדיקער:

— געלט־שמעלט, — האָט ער געזאָגט, — געלט האָט קרח און איך בין נאָר אַ פורים־שפּילער אַן אורח. דערימאַך פאַרלאַנג איך פון אייך דריי זאַכן, שלשה דברים הייסט עס אויף עברי־טייטש.

הערשעלע האָט אויפגעהויבן דריי פינגער און אָנגעהויבן צו ציילן:

— אקדמות מילין, קודם כל הקודמס — וויל איך וויסן מיט וועמען איך האָב דעם כבוד? אַז איר זענט בר־מיננס — וועגן דעם דאַרף מען מיר נישט אַריינשטעקן קיין פינגער אין מויל. אַ בלינדער וואָלט עס אויך געזען. ווערדליך אייער שיינער אַטלעסענער קאַפּאָטע מיט די זילבערנע סטראָקעס און ווערדליך דעם טייערן קירהשן שטריימל, ר׳ נפטר, קוקט איר מיר אויס צו זיין פון דער מזרח־וואַנט. היינט־זשע מה שמך, ר׳ ייִד?

— שנית — האָט הערשעלע ווייטער געזאָגט — זייט־זשע מיר הונ־דערט מאָל מוחל און גיט מיר אַ סימן, אַז איך האָב טאַקע געהאַט דעם כבוד הגדול והנורא צו שפּילן „דוד און גלית״ פאַר די שענסטע מתים פון אָסטראָפּאָליער בית־הקברות. די אָסטראָפּאָליער ייִדן האָבן נישט ליב צו גלויבן אין פּוסטע יאַרידן. זיי מוז איך געבן אַ סימן אַז די זאַך זאָל

שטימען. אַז נישט וועלן זיי מיך האַלטן פאַר אַ בעקער אַ בעל־דברים וואָס באַקט ליגנס און שקרים.

— און דריטנס — האָט וויטער הערשעלע געזאָגט און געוויזן אויף זיין דריטן פינגער — מן הסתם ווייסט איר, אַז אין דערנעבנדיקן שטעטל קומט למזל פאַר אַ נגידישע חתונה. ר׳ יאָקל דער בדחן, ביי וועמען איך בין אויף דער „לער״ — דאָס ייסט, איך טראָג ביי אים פּאַמעניצעס — חלשט צו וויזן דאָרט וואָס ער יכולט. איר זיצט דאָך אין גן־עדן און הערט דאָרט זינגען די מלאכי־השרת. על כן דערימאָך, לערנט מיך אויס אַ שיין שטיקל מזמור, עפּעס אַ גן-עדנדיקן כפתור ופרח. וועט עס גיין אויף אַ דרך לפי ערך. איך וועל עס אַהיימברענגען ר׳ יאָקלען. דער ייִד וועט זיך מחיה זיין עס באַכצוזינגען אויף דער נגידישער חתונה אם ירצה השם, ווען מיר וועלן עס דערלעבן.

דער חשובער נפטר אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און אין קירהשן שטריימל מיט די שפּיצן האָט זיך אויסגעשמייכלט. ער האָט הערשעלען געגעבן אַ קניפּ אין בעקל און צו אים געזאָגט כהאי לישנא:

— אַלע דיינע דריי בקשות וועלן דיר ממלא ווערן, הערשעלע סערדצע. ראשית ווילסטו וויסן ווער איך בין? איך בין ר׳ שלום אַלטאַרוס. מיט זיבעציק יאָר צוריק בין איך געווען מרא־דאתרא אין פּעסט במדינת הונגריה. צווייטנס, ווילסטו אַ סימן: גוט. איך וועל דיר זאָגן אַ תורה פון דער מגילה. נאָענט פאַר מיין פּטירה האָב איך זי געזאָגט אייער אָסטראָפּאָליער רב ר׳ הירש לעמעלעס. היינט איז ער שוין, קיין עין הרע, אַ ייִד אַ בן תשעים. לפני כמה וכמה שנים ווען איך האָב געהאַלטן נישט פאַר קיין שום ייִד געדאַכט, ביים בלע המות לנצח, — האָב איך באַלד נאָך ווידוי גע־וואָלט זאָגן אַ גלייכווערטל. אַז מען ווערט נפטר מתוך שמחה האָט מען אַ לייכטן חיבוט־הקבר. דער נעמלעכער ר׳ הירש לעמעלעס — וואָס איז היינט אָסטראָפּאָליער מרא־דאתרא — איז דעמאָלט געווען גאָר אַ יונגער־מאַנטשיק און מיינס אַ תלמיד־מובהק. דאָס גלייכווערטל האָב איך נאָר אים אַליין געזאָגט און טאַקע כמעט ווען איך האָב שוין געהאַלטן פאַר גסיסה. מען האָט זיך שוין געגרייט אַריינצורופן אַ מנין ייִדן און אָנצו־צינדן ליכט. דאָס גלייכווערטל איז פון דער מגילה. „אונדזערע חכמים זאָגן אין „מדרש אסתר״ — האָב איך געזאָגט צו מיין תלמיד ר׳ הירשן — אַז די גזירה פון המנען איז געווען געחתמעט מיט ליים און נישט מיט בלוט. עס שטייט בפירוש לאבדם, דאָס הייסט לא־בדם״. אַ חוץ ר׳ הירשן

ווייסט נישט אויף דער וועלט קיין בן־אדם וואָס איך האָב געזאָגט נאָך ווידוי. נישט געקוקט אויף זיינע תשעים, קיין עין־הרע, האָט ר׳ הירש אַ גוטן זכרון און ער געדענקט עס גוט. גיי, הערשעלע, צו ר׳ הירש לעמע־לעס, און זאָג אים וואָס איך האָב דיר דערציילט. עס וועט זיין דער בעס־טער סימן מיט וועמען דו האָסט גערעדט היינט פורים ביי דער נאַכט אין דער אַלטער שול.

דער טויטער רב ר׳ שלום אַלטאַרוס פון פעסט האָט ווייטער געזאָגט:

— אַצינד ווילסטו מען זאָל דיר אויסלערנען ניגונים פון גן־עדן, כדי זיי אַהיימצוברענגען צו ר׳ יאָקלען דעם בדחן. האָסט געפּועלט. אונדזער חזן ר׳ העשל אַלטונער וועט דיר אויסלערנען משופרא דשופרא. עס איז נאָר אַ חסרון וואָס, נישט פאַר קיין ייִד געדאַכט, איז ר׳ העשל נפטר גע־וואָרן פון אַ לונגען־פעלער. ער האָט נישט אין זיך קיין סימן פון אַ לונג און איז הייזעריק ווי די וואַנט. נאָר נישקשה. ר׳ העשל איז אַ ווילדער יודע־נגן. הייזעריקערהייט קען ער מער ווי די היינטיקע חזנים. ער באַ־דאַרף גאָר נישט צו זינגען. ער וועט דיר נאָר ווייזן מיט די פינגער. וועסט עס בעסער פאַרשטיין ווי עס וואָלטן דיר געזונגען די חזנים מיט זייערע משוררים היינט צו טאָג אויפן עולם־הדמיון. ר׳ העשל! — האָט דער טויטער רב ר׳ שלום אַלטאַרוס פון פעסט געגעבן אַ געשריי אין עולם אַריין.

עס האָט זיך אַרויסגערוקט אַ הויכער און אַ בלאַסער בר־מנן.

נאָך זייענדיק אין די אויבערשטע עולמות האָט הערשעלע אָסטראָפּאָ־ליער געהאַט גענוג צייט זיך צוצוקוקן צו די אַלערליי מתים, וואָס זענען געקומען זיך משפּטן פאַרן בית־דין של מעלה. אָבער אַזאַ מין מת ווי ר׳ העשל אַלטונער האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזען אויף זיינע אויגן. ממש הויט אוןביין פון אַ מת. ביי ר׳ העשלען איז דאָס פּנימל געווען קליין און איינגעשרומפּן ווי ביי אַ נפלע. אויפן פּיצעלע גאָמבעלע האָבן זיך שטאַרק געטרייסלט עטלעכע גראָע לאַנגע האָר. מיקלאָמפּערשט האָט דאָס געזאָלט זיין דאָס בערדל. אויפן האַלדז האָט ער געהאַט אַ גרויסן קנאָפּ ווי אַלע באַרימטע חזנים. די אויגן האָט ער, דער טויטער חזן ר׳ העשל, געהאַלטן פאַרגלייזט צו דער סטעליע.

— ר׳ העשל! — האָט דער פעסטער רב געטון אַ זאָג צום אַמאָליקן חזן, — לערנט אונדזער הערשעלען אויס עפּעס קנאַקנדיקס און טשאַקענ־

דיקס, פון די אמתע חזנים ניגונים, וואָס די מלאכי־השרת זינגען אין גן־עדן, כדי משמח צו זיין די צדיקים.

ר׳ העשל האָט מכלומרשט געטון אַ הוסטל. דאָס הוסטל האָט קיינער נישט געהערט, מחמת, ווי געזאָגט, איז ר׳ העשל געווען שטום ווי די וואַנט. ער האָט נאָך העכער פאַרגלייזט די אויגן צו דער סטעליע און אָנגעהויבן הערשעלען צו ווייזן מיט די פינגער.

אויף אַזאַ אופן האָט זיך הערשל אויסגעלערנט ביי אַ האַלבע טוץ ניגונים. צווישן די ניגונים זענען געווען דריי, וועלכע זענען באַזונדערס שיין געווען און ער האָט זיך זיי גוט אַריינגענומען אין זכרון, כדי זיי שפּעטער אויסצולערנען ר׳ יאָקלען דעם בדחן. זאָל זיך ר׳ יאָקל האָבן מיט וואָס צו באַווייזן אויף דער נגידישער חתונה, וואָס וועט זיין למזל און בקרוב אין דערנעבנדיקן שטעטל! איין ניגון איז געווען אַ פריילעכס מיט וועלכן ייִדן וועלן אַקעגנגיין משיחן. מיטן צווייטן ניגון פירן די מלאכי־השרת אַריין די צדיקים אין גן־עדן. דער דריטער ניגון האָט געשטאַמט פון גאָר גאָר אַמאָל און מען זינגט אים נאָך עד־היום אין גן־עדן אין די הייליקע ימים־טובים פון פסח, שבועות און סוכות. עס איז דער ניגון מיט וועלכן די עולי־רגלים פלעגן אַריינקומען אין די טויערן פון ירושלים.

דאָס זינגעניש וואָס עס האָט געוויזן מיט די פינגער דער שטומער נפטר, דער חזן ר׳ העשל, האָט געדויערט ביז אַזייגער פיר ביינאַכט.

פּלוצים זענען די פלאַקערנדיקע ליכט אין די הענג־לייכטער פון דער אַלטער שול געוואָרן טונקעלער און טונקעלער. עס האָט זיך ווידער פון דרויסן געהערט דאָס קרייען פון די אָסטראָפּאָליער הענער.

אינעווייניק אין דער שול האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט אַ נעפּל אין געשטאַלט פון אַ בלאַסן טלית. אין דעם דאָזיקן טלית זענען די טויטע ייִדן פאַמעלעך צערונען און נעלם געוואָרן.



## קאַפּיטל פֿופֿצן

יִדן קומען דאַווענען השכמה און טרעפֿן הערשעלען שלאָפֿן אויפֿן דיל פֿון פּאָליש.

הערשעלע האָט אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי ס׳איז אים באַפֿאַלן אַ טיפֿער שלאָף.

גאָר כּאאור האָט דער שמש געעפֿנט די טירן פֿון דער אַלטער שול. עטלעכע אָסטראָפּאָליער בעלי־בתּים זענען געקומען דאַווענען השכמה. זיי האָבן געזען הערשעלען ליגן אויף דעם דיל אינעם פּאָליש און שטאַרק כראָפּען.

דער שמש האָט אים געשטויסן מיט דעם גרויסן, אַלטן פֿאַרזשאַווערטן שול־שליסל.

— הע, שייגאַץ! — האָט דער שמש געפּאָנפּעט — גענומען אַ כּוסה נעכטן פּורים און מער נישט אַהיימגעטראָפֿן צו ר׳ יאָקלען?

הערשעלע האָט זיך געריבן די אויגן און עפּעס גערעדט ווי אויף תּרגום־לשון. ער האָט עפּעס דערציילט פֿון די געשעענישן היינט ביינאַכט.

די יִדן האָבן געהאַלטן, אַז דער נעכטיקער פּורים ליגט אים נאָך אין קאָפּ.

ווי די יִדן שטייען און לאַכן פֿון דעם צעחושטן הערשעלע אָסטראָפּאָליער, איז בינו לבינו אָנגעקומען ר׳ הירש פֿילד, דער תּשעימדיקער אָסטראָפּאָליער מרא־דאתרא. צוליב דעם ווינטערדיקן פֿרימאָרגן איז ער געגאַנגען אַרומגעוויקלט מיט אַ סך וואַרעמע פּאַטשיילעס. ער איז קוים, קוים געקראָכן אָנגעלענט אויף אַ יאַמשענעם שטעקן און ר׳ זלמן מרדכי דער בית־דין־שמש האָט אים אָנגעהאַלטן ביי דער האַנט. דער אַלטיטשקער מרא־דאתרא איז אויך געקומען דאַווענען השכמה.

ווען הערשעלע האָט דערזען דעם אַלטן רב איז ער צו אים צוגעלאָפן און אויסגעשריגן:

— רבי! ר׳ שלום אַלטאַרוס זכרונו לברכה, דער מרא־דאתרא פון פעסט, האָט מיך געהייסן אייך דערמאָנען אַ גלייכוועדטל וואָס ער האָט געזאָגט קודם פטירתו.

און הערשעלע האָט אויפן אָרט נאָכגעזאָגט דאָס גלייכווערטל.

דער אָסטראָפּאָליער מרא־דאתרא ר׳ הירש האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטון. דער יאַמשענער שטעקן איז אים שיעור נישט אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. די לאַנגע ווייסע באָרד האָט געציטערט אויף זיין פנים.

— פון וואַנען ווייסטו עס? — האָט ער געפרעגט.

— טאַקע פון דעם נעמלעכן ר׳ שלום אַלטאַרוס זכותו יגן עלינו, — האָט הערשעלע געענטפערט און דערציילט וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט ביינאַכט אין דער אַלטער שול.

— אמת ויציב, —האָט ר׳ הירש געזאָגט און איבערגעפרעגט הערשעלען אַלע פּרטים.

הערשעלע האָט דערציילט. די ייִדן וואָס זענען געקומען דאַווענען השכמה, האָבן אים אויסגעהערט מיט גרויס ציטערניש און פלאַטערניש.

— אַצינד, רבי, — האָט הערשעלע געזאָגט — לאָזט מיך אַהיימלויפן צו ר׳ יאָקל דעם בדחן. איך מוז אים זינגען די ניגונים וואָס עס האָט מיך מיט די פינגער אויסגעלערנט דער טויטער חזן ר׳ העשל.



# קאַפּיטל זעכצן

הערשל זינגט די ניגונים פון גן־עדן און אַלע ייִדן צעגייען פון מתיקות.

הענדום־פּענדום איז הערשעלע געלאָפן אַהיים.
ביי דער טיר האָט ער געקריגן אַ וויסטן קבלת־פּנים פון שיינדעלען.

— וואָס איז דערימאַך, סמאַרק? — האָט זי געשריגן — מיינסט, ווייל דו האָסט נעכטן געטראָגן שלח־מנות איז שוין היינט צו טראָגן פּאָמעניצעס פון די גרויסע סכנות?

און זי האָט אים געוויזן אויף דער פּאָמעניצע וואָס איז געשטאַנען פול ביזן אויג. צום נעכטיקן פּורים האָט די פּאָמעניצע נישט דערלייגט. עס איז אין איר אַרומגעשווומען אַ גרויסע שפּע.

— ווער וואַרפט זיך עס מיט פּאָמעניצעס, נאַרעלע? — האָט הערשעלע געענטפערט. — אַ פּאָמעשאַף איז אַ ייִדישע זאַך און איך וועל זי באַלד אַרויסטראָגן שלח־מנות צו די קאַטשקעס אין דרויסן, ווייל ס'איז בנאמנות אויף זיי אַ גרויס רחמנות. אקדמות מילין מוז איך אָבער ר' יאָקלען אויסלערנען עטלעכע ניגונים פון גן־עדן. איך קען זיי נאָך חלילה פאַרגעסן, אויב איך וועל זיי האַלטן אַ פּאָר מעת־לעתן.

ר' יאָקל איז געשטאַנען ביים פענצטער און אַריינגעפּויקט מיטן גראָבן פינגער אין דער געלאַטעטער שויב. אויף אַזאַ אופן איז אים לייכטער געווען צו גראַמען לשון־קודש, עברי־טייטש און גויִיש. ער האָט געגרייט אַ זאָגעניש צו דער נגידישער חתונה למזל אין דערנעבנדיקן שטעטל.

הערשעלע אָסטראָפּאַליער האָט נישט געוואַרט און איז אַרויס מיטן ערשטן ניגון, דער ניגון, מיט וועלכן ייִדן וועלן אַקעגנגיין משיחן.

ווי הערשעלע האָט נאָר געטון דעם ערשטן זינג, האָט ר' יאָקל פאַר־געסן אַלע גראַמען און איז שיעור נישט צעשמאָלצן געוואָרן פון מתיקות.

שיינדעלע, וואָס האָט זיך פאַרנומען הערשעלען צו יאָגן מיטן בעזים, איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און איז פאַרגאַנגען אין זיסקייט. הערשל האָט ווייטער געזונגען. פון דער טיר האָבן זיך אַריינגעשטעקט די קעפּ פון אַלע קלעזמאָרים מיט ר׳ גימפּלען בראש. דורכן פענצטער האָבן אַריינגעקוקט די קלעזמערטעס. ס׳איז געוואָרן אַ געהאָרכעריי און אַ שטילעניש. און הערשעלע האָט געזונגען די ניגונים פון גן־עדן, וואָס עס האָט אים אויסגעלערנט מיט די פינגער דער טויטער חזן העשל.

***

עס איז ידוע, אַז פון וואָס מען זאָל נישט האָבן צו רעדן, קומען מיר אַרויס אויפן טויט. אַזוי האָט אויך אונדזער העלד, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, איידער ער האָט אָנגעהויבן באַרימט צו ווערן אויפן עולם־הדמיון, קודם כל זיך נאָך אַמאָל געמוזט טרעפן מיט מתים.

די גאַנצע וועלט איז אַ חלום און דער טויט איז דער פּתרון. — אַלע עליו־השלומס זענען גוט. אַלע כלות זענען שיין און אַלע מתים זענען פרום. אין נאָענטסטן קאַפּיטל וועלן מיר אם ירצה השם דערציילן פון דער גאַנדז וואָס ר׳ יאָקל בדחן האָט אַהיימגעברענגט פון דער נגידישער חתונה און ווי הערשעלע האָט מיט דער גאַנדז געלערנט בלק.

## התנצלות פון מחבר.

דער פּאַרפאַסער פון דעם דאָזיקן חיבור האָט שוין במשך זיין שרייבערישער פּרנסה באַשריבן — ווי מען זאָגט אין אַמעריקע — פּלענטי חתונות. לצים זאָגן: מחברים באַלאַנגען נישט צו די גאָר קלוגע מענטשן, און זיי זענען גיכער געגליכן צו חזנים. וואָס די וועלט זאָגט וועגן חזנים באַדאַרף איך דעם לייענער נישט צו דערציילן. פונדעסטוועגן בין איך פאָרט נישט אַזאַ נאַר זיך איינצורעדן, אַז איך בין בכוח צו באַשרייבן אַ חתונה, אויף וועלכער דער בדחן האָט געזונגען ניגונים פון גן־עדן און די קלעזמער האָבן געפירט חתן־כלה אונטער דער חופּה מיט דעם ניגון מיט וועלכן ייִדן וועלן אַקעגנגיין משיחן.

וועגן דעם גן־עדן־ניגון, וואָס ר׳ גימפּלס קאַפּעליע האָט געשפּילט ביים מצווה־טענצל וועל איך שוין בעסער שווייגן.

איך מיין די נגידישע חתונה וואָס איז געווען מיט גרויס מזל אין אַ

שטעטל נעבן אָסטראָפּאָליע, און ר׳ יאָקל האָט געוויזן לעיני כל ישראל וואָס עס הייסט אַזוינס אַ בדחן ביי ייִדן.

אַלע נגידישע מחותנים און מחותנתטעס האָבן זיך געפּרעגלט אין מתיקות.

וואָלט עס געווען אַ חתונה ביי אָרעמעלייט — מן־הסתם וואָלטן זיי זיך געטיילט מיט ר׳ יאָקלען מיטן לעצטן העמד. ווי מיר ווייסן, האָבן נגידים נישט אַזעלכע ווייכע לבבות. אפילו ניגונים פון גן־עדן זענען נישט בכוח צו מאַכן, אַז אַ נגיד זאָל אויף אַ רגע חלילה פאַרגעסן אין טאָלער.

נאָר הלמאי זאָל איך רעדן שלעכטס אויף ייִדן און מעגן זיי אפילו זיין ייִדן נגידים? וועל איך בעסער איבערדריידן מיין פעדער פאַר אַ מליץ־יושרטע און וועל דערציילן וואָסערע מתנה די מחותנתטע הנגידית מרת פראַדל שרהטשע שתחיה האָט מיטגעגעבן ר׳ יאָקלען אַהיים קיין אָס־טראָפּאָליע.



# קאַפּיטל זיבעצן

דער גן־עדן פון גענדז אויפן עולם התחתון. — די נגידיתטע פראַדל שרהטשע באַווייזט איר בריית הארץ.

כידוע חלומען גענדז וועגן נגידישע חתונות און דאָס מהאי טעמא: עטלעכע חדשים פאַר כלה־באַדעקנס און איידער דער שוחט נעמט זיך צום חלף, הייבט זיך אָן פאַר די גענדז דער גרויסער שווילטאָג.

מען קלייבט אויס די בעסטע און פעטסטע גענדז, — יוארים נישט אַבי אַ גאַנדז איז זוכה מען זאָל זי שעכטן אויף אַ נגידישע חתונה — די דאָזיקע מזלדיקע גענדז שטעלט מען אַריין אין שטייגן. מען פאַשעט זיי און מען שטאָפּט זיי מיט מילך און מיט האָניק. טאָמער האָט אַ גאַנדז נישט קיין אַפּעטיט, שטופּט מען איר אַריין די מטעמים מיט אַ וואַלגער־האָלץ. שייך צו זאָגן אַ גן-עדן? עס איז אַ גן־עדן פון גן־עדן־לאַנד. די גענדז ווערן שווער און פעט. אַלע מאָל באַטאַפּט מען זיי ווי אבנים־טובות און מען בלאָזט זיי אַריין אין די הינטנס צו זען ווי עס האַלט שוין מיטן קיין עין־הרע.

עס קומט די גליקלעכע מינוט און מען טראָגט זיי אַוועק צום שוחט. די גענדז קענען זיך שוין נישט רירן פון גרויסער שפע. ממש זיי צע־רינען אויף שמאַלץ.

דאָס איז אקדמות מילין.

שפּעטער — ווען מען דערלעבט עס מיט אַלעם גוטן — ליגן די גענדז כשר־געמאַכטע אויף פּאַטעלניעס צי אין בראָט־אויוון. דאָ ווייזן די גענדז ווער זיי זענען און אַז מען האָט זיי נישט בחנם געשטאָפּט מיט כל־טוב.

זיי באַשיינען און באַקרוינען די טעלער אויף דער חתונה־סעודה.

די מחותנתטע מרת פראַדל שרהטשע האָט אַזוי ביי זיך געטראַכט:

— קיין שענערע מתּנה ווי אַ געבראָטענע גאַנדז קען גאָר נישט גע־מאָלט זיין פאַר אַזאַ פריילעכן דלות ווי ־אַ בדחן. זאָל ער וויסן, דער פּענ־טאַק, וואָס עס הייסט חי־געלעבט.

עס איז אפילו אַ חרפּה פאַר אַ געבראָטענער פעטער גאַנדז אַריינ־צוקריכן אין אַ קבצנישער קישקע, — האָט וויטער פראַדל שרהטשע גע־טראַכט אין אירע געדאַנקען — ווען די גאַנדז וואָלט פריִער געוווּסט ווער עס וועט זי עסן, וואָלט איר אוודאי פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. נאָר מילא — פאַרפאַלן. צום כּלה־באַדעקנס האָט דאָך עפּעס ר׳ יאָקל געזונ־גען אַ ניגון פון גן־עדן און צווישן די ווייבער איז געוואָרן אַ יללה פון גרויס מתיקות. איך האָב נישט קיין ברירה — האָט פראַדל שרהטשע מיט זיך איינגעטענהט — איך מוז אים מיטגעבן אַ גאַנדז אַהיים קיין אַסטראָפּאָליע.

די מחותּנתטע האָט איינגעוויקלט די גאַנדז אין אַ סך פּאַפּירלעך, זי דערלאַנגט ר׳ יאָקלען און געזאָגט:

— נאַט אייך, ר׳ יאָקל, אַ גאַנדז און ברענגט אַהיים אייער הויז־געזינט אַ מתּנה פון דער חתונה. אם ירצה השם מען זאָל עס דערלעבן ביי אייער שיינדעלען מיט נחת און פריידן.

ר׳ יאָקל האָט אַזש געציטערט מיט ביידע הענט, ווען ער האָט גע־האַלטן דאָס טייערע חפץ. דאָס וואַסער איז אים געקומען אין מויל אַריין. די גאַנדז, מצדה, האָט אויך נישט געשוויגן. פון אונטער די פּאַפּירלעך האָט זי אַרויסגעשמעקט מיט אַלע ריחות פון דער סעודהניו, וואָס ייִדן וועלן עסן ווען משיח וועט קומען. געבראָטענערהייט האָט זי אויסגעקוקט זיך צו בלאָזן און צו זאָגן צו ר׳ יאָקלען:

— אַז אַך און וויי איז שוין צו אַ וועלט ווו קבצנים עסן אַזעלכע גענדז ווי איך בין, קיין עין-הרע.



# קאַפּיטל אַכצן

המבדיל בין קודש לחול — אַז עס געראָט איז ווויל. — פּרשת אמור שערט מען די לעמער.

פון דערנעבנדיקן שטעטל קיין אָסטראָפּאָליע איז סך־הכל געווען ביי אַ מייל פּוילישער וועג. ר׳ יאָקל צוזאַמען מיט ר׳ גימפּלען און דער קאַפּעליע זענען אהיים געגאַנגען צופוסנס. מחמת די גרויסע זאַמדן זענען זיי געגאַנגען באָרוועס און די שטיוואַלעס געטראָגן אויף די פּלייצעס. ר׳ יאָקלס גאַנדז האָט פאַרשמעקט דעם וועג. די קלעזמאָרים האָבן זיך כסדר באַלעקט.

ווען ר׳ יאָקל איז נאָך קוים געווען אויף דער שוועל פון זיין דירה האָט ער שוין מיט גרויס קוראַזש אַריינגעשריגן צו שיינדעלען:

— המבדיל בין קודש לחול — אַז עס געראָט איז טאַקע ווויל. מיט אַ ווענטקע כאַפּט מען פיש, און געבראָטענע גענדז פליִען אויפן טיש. וואָס ביי אַ גביר פאַרוואַלגערט זיך אין אַ רעגן, געפינט זיך ביים אָרעמאַן נישט אין פאַרמעגן — ווו מען האַקט האָלץ פאַלן שפּענער.

שיינדעלע איז געקומען אַרויסצולויפן אַן איינגעריסטע, מחמת זי איז געשטאַנען ביי דער קיך און געקאָכט וועטשערע.

ר׳ יאָקל האָט אויפגעהויבן דאָס פּעקל און איר געוויזן פונדערווייטנס.

אַז מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצוּוויקלען די געבראָטענע גאַנדז פון אירע פּאַפּירן, האָט מען געמיינט, אַז ר׳ יאָקלס שטיבל שווימלט אַוועק פון ריח־ניחוח. אויף ר׳ יאָקלס טיש איז די גאַנדז געלעגן בכל יפיה, מיטן אויפגעשניטענעם בויך אויף קאַפּויער, ברוין ווי דער בורשטין פון טייערסטן ליולקע־ציביק. זי האָט געגלאַנצט פון פעט און שמאַלץ.

ר׳ יאָקלען האָט פאַרפעלט אָטעם. ער איז געשטאַנען פונדערווייטנס

און זיך געשמאָלצן פאַר נחת. שיינדעלע האָט געדרייט מיטן קעפּל און באַקוקט די גאַנדז פון אַלע זייטן.

— פּרשת אמור שערט מען די לעמער. — האָט זי געזאָגט מיט אַ ניגון פון מעביר־סדרה־זיין — אַז מען ציילט ספירה קומט אויף אַ קלעז־מער אַ פּגירה, און אַז מען בענטשט טל לאָזט מען אַרויס דאָס פערד פון שטאַל — ווען באַקומט אַ גאַנדז פליגל און פליט אַריין אין בויך? שבת נאָרן קיגל און נאָך די פעטע יויך. — און אויף שבת בלי נדר מאַך איך לכבוד דער גאַנדז פון פינטע דער גבירטע דעם אמתן לאָקשן־קוגל און די אמתע קישקע פון קישקע־לאַנד.

זי האָט געזען ווי הערשעלע זיצט ביים פענצטער און שטשאָבעט זיינע צעריסענע תחתונים, און זי האָט צו אים געזאָגט מיט אַ גיפטיק געלעכטערל:

— אַז דו וועסט מיך שיין בעטן, וועל איך דיר אפשר געבן אַביינדל אָפּצולעקן, — ווייס אויך וואָס עס הייסט אַזוינס שבת־קודש.



# קאַפּיטל נײַנצן

נישטאָ קיין ערגערע קרענק ווי עקשנות.

דאָס איז געשען דאָנערשטיק ווען די זון איז פּונקט געשטאַנען איבער די דעכער פון אַסטראַפּאָליע.

ביי ר׳ יאָקלען אין שטוב האָט מען נישט מער גערעדט סיידן פון דער געבריאַטענער גאַנדז וואָס ליגט איז שאַפע און ברענגט חשק מען זאָל זי אויפעסן שבת נאָכן קוגל.

ווייסט מען דאָך אָבער אַז דער בעל־דבר האָט טויזנט צונגען און אַז ווען ער נעמט זיך צו אַ בשר־ודם און שלאָגט אים עפּעס אָן — פאַרקעט ער אָון פאַרקעט און מען קאָן פון אים נישט פּטור ווערן.

האָט ער תּחילת זיך געשטעלט פאַר אַ נעבעכל וואָס מיינט חלילה נישט קיין שלעכטס — און האָט געזאָגט צו הערשעלען:

— וואָס אַרט עס דיך, סערדצע? אַלע רעדן פון דער גאַנדז. טאָ פּויל זיך נישט און גיב אויך אויף איר אַ קוק.

הערשעלע האָט זיך געקראַצט אונטער דער פּאַטעלניצע און האָט געענטפערט דעם בעל־דבר:

— הכצעקתה — מאַכט רש״י: פינף יידענעס און איין גאַנדז — דו קאָנסט דאָך, בעל־דבר לעבן, שיינדעלעס מיילעכל!

— ווערסט אָפּוואַרטן נאַרעלע ווען קיינער וועט נישט זיין אין שטוב און כאַפּן אַ קוק אויפן געבראָטענעם גענדזל — האָט דער בעל־דבר גע־ענטפערט. — מעגסט מיר גלויבן אויף מיין יצר־הרעשן נאמנות, עס איז דאָ וואָס צו זען.

# קאַפּיטל צוואַנציק

תמות נפשי עם פלשתים — הערשעלע פּאָלגט דעם יצר־הרע.

ווען ר׳ יאָקל און שיינדעלע זענען גראָד נישט געווען אין דער היים, איז דער יצר־הרע ווידער צוגעשטאַנען צו הערשעלען, אַז ער זאָל נישט פאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק און אַ קוק טון אויף דער נגידישער גאַנדז.

— מילא, — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט — תמות נפשי עם פלשתים! זינט איך געדענק איז אַן עקשן די גרעסטע קרענק און אַז מען בעט אַ פאַרך צום מנין האַלט ער זיך דערוונטער —

און ער איז צוגעגאַנגען און געעפנט די שאַפע.

די גאַנדז איז דאָרט געלעגן ווי אַ געבראָטענע בת־מלכה מיטן אָפענעם בויך קאַפּויער, — זי האָט אַנטקעגנגעשטרעקט הערשעלען צוויי מחיהדיקע פיסלעך ווי זי וואָלט אים דערלאַנגט שלום־עליכם.

— קוק, קוק, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, — האָט דער יצר־הרע ווייטער געפּאָרקעט, — קוק, קוק, וויסטער יתום!

און אין אַ רגע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— זעסט דאָך, נאַרעלע, ווי די גאַנדז בעט זיך ביי דיר, אַז דו זאָלסט נישט וואַרטן אויף שבת נאָכן קוגל, נייערט למען־השם אויפן אָרט ביי איר אויפעסן כאָטש איין פיסל.

הערשעלע האָט געשפּירט ווי עס ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן. דאָס לעפעלע ביים האַרץ האָט אים געצויגן און די צונג האָט זיך אים געוויקט אין וואַסער.

קיין שום מעשה־ביכל, וואָס דערציילט וועגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער, ווייסט נישט ווי אַזוי עס איז געשען — און ער אַליין האָט זיך עס אויך קיינמאָל נישט געקאָנט דערמאָנען.

מען ווייסט נאָר: אַז ווען עס איז הערשעלען צוריק ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן, האָט ער אין מויל געשפּירט דעם טעם פון געבראָטנס — און די גאַנדז האָט זיך מיישב געווען און אים איצט אָקעגנגעשטרעקט נישט מער ווי איין פּיסל.

ער האָט אויפאינדערגעשווינד צוגעמאַכט דאָס שאַפקעלע, זיך אַוועקגעזעצט ביים פענצטער און אָנגעהויבן צו שטשאָבן אַ פּאָר צעריסענע תחתונים פון ר׳ יאָקל דעם בדחן, — ווי קיינמאָל גאָרנישט.



## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

שבת אין דער פרי כלחוך. — די גאַנדז גיט שלום־עליכם מיט איין פּיסל.

שבת אין דער פרי, כלחוך, האָט זיך ר׳ יאָקל געפּעדערט צו זיין פון די ערשטע אין בית־המדרש. מיט גראַמען און גלייכווערטלעך האָט ער אויסגעהאַנדלט ביי ר׳ איטשע בערן דעם שמש פאַר דריי פּייעם אַן עליה. אמת, עס איז נישט מער געווען ווי אַ פּשוטער „שלישי" — נאָר וואָס קאָן מען, מישטיינס געזאָגט, קריגן פאַר דריי פּייעם? ר׳ יאָקל האָט געהאַלטן, אַז צו דער נגידישער גאַנדז פּאַסט נישט אַהיים צו קומען נישט קיין אויפגערופענער.

באַלד נאָכן דאַווענען האָט ער געכאַפּט דעם טלית אויף די פּלייצעס און איז געלאָפן אַהיים.

לכבוד דער גאַנדז האָט זיך שיינדעלע אָנגעטון דאָס ציצענע פאַר־טעכל וואָס זי טראָגט נאָר פּסח צום סדר.

ווערדליק ווי ביי אַ ייִד אַ דלות, האָט מען געקאָנט זאָגן, אַז דער שבת־טיש האָט איצט ביי ר׳ יאָקלען געשמעקט מיט גרויס שפע: צוויי חלהלעך, אַ האַלב פלעשעלע בראָנפן, אַ בידנע פישל, וואָס האָט זיך געלאָזט כאַפּן פּשוט ווייל עס איז געווען אַ שלימזל, און אַ געבאַקטע ציבעלע מיט רעטעך.

שיינדעלע איז באַלד געלאָפן צום בעקער אַהיים צו ברענגען דעם לאָק־שענעם קוגל מיט דער קישקע פון קישקע־לאַנד.

אין אָסטראָפּאָליע איז געווען אַן „עירוב" — האָבן ייִדן געמעגט טראָגן טשאָלענטער.

דער לאָקשנקוגל און די קישקע האָבן זיך געוואָלט אויספּיינערן פאַר דער נגידישער גאַנדז און זיי האָבן זיך געסטאַרעט צו זיין געראָטן.

אַז ס'איז געקומען נאָך דער קישקע, האָט ר' יאָקל זיך אַ נעם־אָן געגעבן פאַר דער באָרד און געזאָגט צו זיין טאָכטער שיינדעלע:

— אַ גאַנדז וואָס הערט די מגילה, טאָר מען נישט אַרויסטרייבן פון דער קהילה, סוף בהמה לשחיטה, מיר זיצן צו צווייען און די גאַנדז דאַרף זיין די דריטע — גיב־זשע אַהער, שיינדעלע, דאָס טייערע עוף, וועלן מיר מיט איר מאַכן אַ טאָלק און אַ סוף.

מיט גרויס ערפורכטיקייט האָט שיינדעלע געעפנט די שאַפע און איז באַלד אַרויס מיט אַ געוואַלד.

ר' יאָקל האָט געמיינט, אַז די געבראָטענע גאַנדז איז אַרויסגעפלויגן און ער איז צוגעלאָפן צום שענקל.

ווערדליק וואָס זיינע אויגן האָבן באַקומען צו זען, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דער גאַנצער עולם־התחתון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביטערן חוזק:

די גאַנדז איז טאַקע געלעגן אויפן טעלער — נייערט זי האָט אויס־געשטרעקט צו ר' יאָקלען נישט מער ווי איין פיסל.

דער זיסער טעם פון דעם לאָקשנקוגל האָט זיך אויף ר' יאָקלס צונג איבערגעדרייט אויף אַ ביטערניש.

שיינדעלע האָט נישט אויפגעהערט צו געוואַלדעווען. זי האָט אָנגע־כאַפּט הערשעלען פאַרן אויער און אים צוגעשלעפּט צו דער שאַפע:

— ממזר, — האָט זי געשריגן אויף אַ גראַם — האָסט זיך צוגעכאַפּט צו דער שיסל און אויפגעפרעסן ביי דער גאַנדז אַ פיסל. ימח־שמו זאָלסטו ווערן, און די געדערים זאָלן זיך דיר איבערקערן.

הערשעלע האָט אַ קוק געטון אויף דער גאַנדז און זיך געמאַכט תמעוואַטע.

— ס'טייטש — האָט ער געזאָגט — איר האָט גאָר פאַרגעסן ר' יאָקל, אַז אַלע גענדז אויף דער וועלט, סיי זיי פּאַשען זיך ביי גויִים אויפן פעלד, סיי זיי ליגן ביי ייִדן אויף דער שיסל, האָבן נישט מער ווי איין פיסל?

— פרעסער, ביסט געוואָרן משוגע? צי האַלסטו אונדז פאַר נאַראָנים און נישט פאַר קיין קלוגע? האָט ר' יאָקל מיט שיינדעלען אַרויסגעשריגן מיט איין גראַם.

— אדרבה, — האָט הערשעלע ווייטער געזאָגט, — קומט אַרויס אינדרויסן. ביים וואַסערל פון אונדזער גויִישן שכן שטייען תמיד עטלעכע גענדז. איר וועט זען צי די גענדז האָבן מער ווי איין פיסל.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

באַין ברירה קוקט ר׳ יאָקל נאָך דעם חשבון פון דער וועלט.

באַין ברירה און פון גרויס צרות האָבן ר׳ יאָקל מיט שיינדעלען טאַקע פאַרגעסן דעם חשבון ווי עס האַלט מיט געגנדז אויף דער וועלט.

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען קוקן.

ביים גויס וואָסערל זענען געשטאַנען עטלעכע געגנדז און געדרימלט. דרימלדיק איז יעדע גאַנדז געשטאַנען אויף איין פיסל.

ר׳ יאָקל האָט אַראָפּגעלאָזט הערשעלען אַ הילכיקן פּאַטש. די געגנדז האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון דרימל און אַרונטערגעלאָזט די אַנדערע פיסלעך.

— אַ שיינע ראיה, — האָט הערשעלע געלאַכט. — ווען איר וואָלט באַצייטנס געטון דאָס אייגענע וואָס איר טוט איצט, וואָלט אויך די גאַנדז אין דער שאַפּע געהאַט דאָס צווייטע פיסל.

נישט געקוקט דערויף וואָס אין ר׳ יאָקלס הייזל האָבן געוווינט קלעז־מאָרים און אַ בדחן — און דער קוימען האָט געפּיפן מיט גראַמען — איז דאָרט געווען אַ פאַרשטערטער שבת.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר אייך באַקענען באותו־מעמד מיט דעם גרויסן חקרן ר׳ חייקל דעם מלמד. זיין חקירה איז געווען לאַקריץ מיט קובעבע און ער איז געוואָרן הערשעלעס רבי.

# קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

דער מחבר חקרנט זיך אַ ביסל וועגן וועלט־זאַכן.

ווי מיר האָבן דערציילט פון אָנהויב פון אונדזער ספּור־המעשה, האָט מען הערשעלע אָסטראָפּאָליער אומישנע אַראָפּגעשיקט פון דער פּמליה של מעלה כדי משמח צו זיין דעם חוזה, דעם רבי ר׳ ברוכל. דער לייענער דאַרף אויך וויסן אַז דער, וועלכן אליהו־הנביא האָט אַראָפּגעבערענגט אין אַ זעקל משמח צו זיין צדיקים, איז אויך נישט אַן אַבי־ווער. ער איז געווען אַן אוראייניקל פון אַ באַרימטן מקובל און טאַקע פון נעמלעכן אָסטראָפּאָליע, אַ מקובל מיטן נאָמען ר׳ שמשון.

איז דאָך אַלצדינג אין דער וועלט געגליכן צו אַ קייטל. אַלצדינג קייטלט זיך און אַלצדינג האָט אַ זין און אַ רעיון. על כן דערימאַך דאַרף מען זיך נישט ווונדערן וואָס אידער הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז געגאַנגען משמח זיין צדיקים, איז ער קודם כל געגאַנגען אין דער „לער״ ביי ר׳ יאָקל בדחן.

דאָ וועלן די חוקרים דרייען מיטן גראָבן פינגער.

מילא פּאַרפּאַלן. זאָלן זיי דרייען. זינט די וועלט שטייט זענען אמונה און חקירה נייערט ווי שטיף־ברידער, אָדער ווי שותפים וואָס האַלטן זיך אין איין לאָדענען.

פון ספרים ווייסן מיר, אַז די וועלט האַלט זיך נאָר אויף אַ משקולת. איינער ציט אַהין און איינער ציט אַהער. עס וועט שוין אַזוי בלייבן ביז משיח וועט קומען.

ערשט משיח וועט זיך אַ נעם טון צו דער וועלט און מאַכן אַ טאָלק צווישן אמונה און חקירה.

גרויסע שמחה איז געגליכן צו גרויסער אמונה. פאַר דעם בעל־שמחה איז אַלצדינג גוט און ווויל. דער, וואָס איך בין נישט ווערט צו דערמאָנען

איז אַ שמח־בחלקו, און מחמת זיין גרויסער פרייד מיט דער וועלט איז ער טיילמאָל אַ שקאָץ, טוט אָפּ שפּיצלעך און זאָגט גלייכווערטלעך. און זיין נאָמען, האָט באַשאַפן די וועלט פון סאַמע כי־טוב. דער בעל־שמחה אַפילו גלייכווערטלעך מיט גראַם.

דעם חוקר שטעכט עפּעס דער האָבער. ער וויל דווקא אַרונטערקוקן הינטערן ווענטל און פרעגן קשיות, הלמאי דאָס און הלמאי יענץ. עס דוכט זיך כסדר אויס, אַז עס קומט אים עפּעס אַ רעשט פון די מעשי־בראשית און אַז ער האָט חלילה עפּעס צוגעלייגט צום עסק און וויל וויסן אַ חשבון. —

איז דאָך די קשיא: הלמאי האָט ער, — דער וואָס איך בין נישט ווערט צו דערמאָנען זיין נאָמען, — באַשאַפן חוקרים וואָס זאָלן אים דרייען מיט דער נאָז איבער יעדן שטערן און קלאָגן זיך הלמאי די זון לייכט זיי צו טונקל?

איז דער תירוץ: משקולת. אַלצדינג וויגט זיך, אַלצדינג ווערט גע־צויגן אַהין און אַהער. אַלע שטיגן מוזן האָבן הינטער־שטיגן. שמחה מוז האָבן אַ פּאַטשעווקע פון עצבות. אונטער דער אמונה מוז זיך נאָכשלעפּן אַ שאַלאַטן־שמשטע. זי הייסט חקירה און זי טוט נישט מער בייערט דרייט מיט דער נאָז און שטעלט קלאָץ־קשיות.



## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

ביי ר׳ יאָקל בדחן וואַקסט אַ שקאָץ. — אַ קאַנטשיק קאָן קיינמאָל נישט שאַטן.

דאַמיר נישט כאַפּן די לאָקשן פאַר דער יויך און בעסער דערציילן פאַר־וואָס ר׳ יאָקל בדחן האָט געגעבן הערשעלען אין חדר אַריין צו ר׳ חייקל דעם חקרן. —

ראשית: מוז אַ יינגל קאָנען אַ פּרשה חומש און אַ בלאַט גמרא. פאַר־צייטנס האָט מען נישט געהאַט קיין השגה אין יידן וואָס ווייסן נישט וואָס רש״י מאַכט.

אַ יתומל וואָס מען האָט אים אַרויסגענומען פון הקדש און מען לערנט אים בדחנות, טאָר מען טאַקע נישט צעבאַלעוון, און ער מוז אונטער־העלפן אין שטוב. פאָרט קאָן מען אַ ייד נישט לאָזן וואַקסן פּוסט־ און ־פּאַס ווי דעם שטאַטבאָק אויפן שול־הויף.

דערצו האָט אַסטראָפּאַליע אָנגעהויבן צו קלינגען, אַז ביי ר׳ יאָקלען וואַקסט אַ שקאָץ, וואָס שוינט נישט יונג און אַלט. ווען עס קומט אים אָן דאָס גלייכווערטל, זענען אָן אָרעמאַן מיט אַ נגיד ביי אים גלייך. מעג עס זיין ר׳ פּינטע דער גביר — זאָגט אים דער קליינער אַריין מיטן דישל אין דער זיבעטער ריפּ. אויב עס וועט ווייטער אַזוי גיין, קאָן זיך ר׳ יאָקל חלילה איינרייסן מיט אַלע גבירים פון אַסטראָפּאָליע והסביבה. ביי וועמען וועט ר׳ יאָקל דעמאָלט זינגען אויף חתונות? סיידן ווען דער „עוזר־דלים״ וועט חתונה מאַכן מיטן „וקבצנו יחד?״

ר׳ יאָקל האָט געזען אַז אין עצה ואין תבונה קעגן אַן אָפענע צונג. האָט ער באַשלאָסן הערשעלען אַוועקצוגעבן צו ר׳ חייקל חקרן אין חדר אַריין. ר׳ חייקלס קאַנטשיק האָט זיך געלאָזט הערן אין אַסטראָפּאָליע.

— ווען ר׳ חייקל וועט אים אַריינצימבלען אין פּייקל, וועט ער אויפ־

הערן צו זיין אַזאַ מקיל. ער וועט זיך ווײַן טון צום גוטן אַ קייקל, — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט צו זיין טעכטערל שיינדעלע.

— אַ קאַנטשיק טוט קיינמאָל נישט שאַטן, סיי פאַר אַ הונגעריקן און סיי פאַר אַ זאַטן, — האָט שיינדעלע געענטפערט מיט אַ געלעכטערל און זיך אָפּגעווישט דאָס איינגעריסטע נעזל מיטן פאַרטעך.

נאָר קודם־כל וועלן מיר דערציילן עטלעכע שקאָצישקייטן פון הער־שעלען — שקאָצישקייטן, וואָס האָבן ר׳ יאָקל בדחן באַוויגן מדריך צו זיין הערשעלען מיט אַ חוקרישן קאַנטשיק.



## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

וװי עך בין אַ ייִד, אָסטראָפּאָליע איז אַ שטאָט מיט עזות־פּנימער. — כעלעמער מייז און המן־הרשע. — לאָמיך נאָר דערלעבן דעם „הרי־את".

אנומלטן איז אָנגעקומען קיין אָסטראָפּאָליע עפּעס אַ פרעמדער ייִד. אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט באָרד און פּאות און מיט אַ פאַרשלומפּערטן שירם. אַ רויטע פאַטשיילע האָט אים אַרויסגעקוקט פון די טאַשן פון דער לאַנגער נגידישער זשופּיצע. ער האָט הויך געשמעקט טאַבאַק אינמיטן מאַרק. מען האָט געשמועסט, אַז עס איז אַן ארץ־ישראל־ייִד, וואָס איז געקומען קיין אָסטראָפּאָליע אָנצוקלאַפּן ביי ייִדישע טירן די פּושקעס פון ר׳ מאיר בעל־הנס. פאַר ליכט־צינדן דאַרפן ווייבער דאָרט אַריינוואַרפן צו עטלעכע גראָשן. אַנדערע האָבן געזאָגט: ניין, עס איז נייערט אַ לאַנד־שדכן פון מרחקים און ער איז געקומען ר׳ פּינטען דעם גביר אָנשלאָגן אַ שידוך. דער ייִד האָט געמאַכט אַ רעש אין אָסטראָפּאָליע גלייך ווי ער אַליין וואָלט געווען, קיין עין־הרע, אַ שטעטל מיט ייִדן. ער האָט גערעדט הויך און מיט אַ זינגענדיק קירהש לשון גלייך ווי ער וואָלט מעביר געווען די סדרה. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן איבער אָסטראָפּאָליע מיט דער רויטער פאַטשיילע און מיט אַ שקאָטל טאַבאַק. קיין אָסטראָפּאָליער ייִד איז נישט געווען געגוג חשוב צו נעמען ביי דעם פרעמדן אַ שמעק טאַבאַק.

מען ווייס נישט אַקוראַט ווי אַזוי עס איז געשען, — נאָר דעם פרעמדן ייִד האָט זיך אינמיטן דערין פאַרגלוסט מחדש צו זיין די לבנה. אַבי אַ לבנה איז אים, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגעשטאַנען מחדש צו זיין. ער האָט דווקא געוואָלט האָבן אַ לבנה אַ הדר, אַן אמתן ארץ־ישראל־אתרוג אויפן ביינאַכ־טיקן הימל.

עס גייען אַרום פאַרשידענע נוסחאות ביי אָסטראָפּאָליער לצים, פאַר־

**וואָס האָט אַזאַ שיינער ייִד ביי קיינעם נישט געהאַט צו פרעגן וועגן דער לבנה, סיידן ביי עפּעס אַן אָפּגעריסן ייִנגלטשינגע וואָס לערנט זיך בדחנות ביי ר׳ יאָקל דעם בדחן? —**

דער ייִד האָט געטון אַ גרויסן שמעק טאַבאַק, זיך אויסגעשנייצט די נאָז אין דער רויטער פאַטשיילע, און געפרעגט ביי הערשעלען, וואָס ער האָט אים אַקוראַט געטראָפן ביי די טירן פון בית־המדרש:

**— זאָג נאָר שייגאַץ, ווען, שמועסט מען, וועט זיך דאָ שטעלן אַ שיינע לבנה? עס איז דאָך שוין האַלב אין חודש.**

**— איך בין נישט קיין היגער, ר׳ ייִד, איך בין פון אַ דערבייַיִקן שטעטל, פון וואַנען קאָן איך וויסן פון דער אָסטראָפּאָליער לבנה? האָט הערשעלע געענטפערט.**

דער ייִד האָט אַראָפּגעלאָזט הערשעלען אַ הילכיקן פּאַטש. דערנאָך האָט ער ווידער גענומען אַ גרויסן שמעק טאַבאַק און ווידער הויך אויס־געשנייצט די נאָז אין דער רויטער פאַטשיילע אַריין. ער האָט אַ שאָקל געטון מיט דער באָרד און געזאָגט צו די ייִדן וואָס האָבן עס געהערט:

**— ווי עך בין אַ ייִד, אָסטראָפּאָליע איז אַ שטאָט מיט עזות־פּנימער.**

מען האָט געשמועסט, אַז ר׳ פּינטע דער גביר איז דערפאַר געוועזן אויף ר׳ יאָקל בדחן אש־להבה. ווי נעמט מען אַ באַרימטן לאַנד־שדכן וואָס האָט אים געברענגט אַ קפּריסין פון די מרחקים, און מען מאַכט אים פאַר אַ קאָטשערע? פרומע־יאַכנע ר׳ פּינטעס ווייב האָט געזאָגט אין דער וויי־בער־שול צו די ווייבער, — (און געזאָגט האָט זי עס אַרויס פון איר דיקן קרבן־מנחה־סידור מיט די זילבערנע טאָוולען). אַלע ווייבער האָבן עס געהערט:

— ווייסט איר וואָס ווייבעלעך? — האָט זי געזאָגט — ר׳ יאָקל בדחן איז שוין אַן אויסגעשפּילטע קאַטאַרינקע. אם ירצה השם, ווען מיר וועלן עס דערלעבן אין גרויס נחת און איך מאַך חתונה מיין אסתר־ביילטשען, ברענג איך אַראָפּ ר׳ שמערל בדחן פון לעמעשקע. ייִדן דערציילן פון אים חידושים.

ר׳ יאָקל האָט געכאַפּט דעם יאַמשענעם שטעקן און געמאַכט געוואַלד אויף פּראָסט מאַמע־לשון און אין גראַמען, היינו: אַז דער שייגעץ וועט אים מקפּח פּרנסה זיין און אויסשטעלן בדילי־הדל, איך מעג שוין באַציימנס נעמען אַ בעזים — האָט ער געשריגן — און ווערן אַ קוימענקערער.

שיינדעלע האָט זיך אָפּגעווישט מיטן פאַרטעך דאָס פּאַריסטע נעזעלע און געזאָגט:

— לאָמיך נאָר דערלעבן נאָכן הרי־את. נעם איך אים אַריין אין דער יד און גיב אים דעם מאַט. ביי מיר וועט ער שוין ווערן אויס כוואַט דער יאַט.

לאָזט זיך אָבער אויס: הערשעלע האָט פונדאָסניי פאַרגעסן אַלע היומס. אין דער סאַמע שטוב ביי ר׳ יאָקלען האָט ער אָנגעהויבן צו פּראַווען זיינע שקאָצישקייטן.

מאַכט זיך אַ מעשה שהיה.

קיין אָסטראָפּאָליע — און אַקוראַט צו ר׳ יאָקל בדחן — האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט מייז. זעט זיך אויס, כעלעמער מייז. אַזיסט וואָס האָבן מייז צו זוכן ביי אַ בדחן? ביי ר׳ פינטע דעם גביר וואָלטן זיי זיך דאָך געוווען געבאָדן אין מילך און אין האָניג. זענען עס אָבער כעלעמער מייז, און עס פעלט זיי די קלעפּקע. ווער ווייסט? אפשר זענען זיי גאָר געווען די מייז פון כעלעמער חזן און דעריבער זענען זיי געווען מבינים אויף נגינה. האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו הערן שפּילן ר׳ גימפּלען מיט דער קאַפּעליע און צו הערן ר׳ יאָקלס בדחנות. אדרבה, לאָמיר זען וואָס אָסטראָפּאָליע קאָן, — האָבן די מייז מן־הסתם ביי זיך געטראַכט און זיי זענען באַשטאַנען בעסער צו פּגרן פון הונגער, אַבי צו הערן אַ גוט שטיקל בדחנות.

וואָס שייך אכילה האָבן זיי ביי ר׳ יאָקלען געמוזט אויסקומען מיט שהי־פּיה.

ר׳ יאָקל און שיינדעלע זענען זייער נישט צופרידן געווען מיט די בייע שותפים אין די לעכער. זיי האָבן זיי צעגריזשעט דאָס ביסל אָרעמקייט.

האָט זיך ר׳ יאָקל מיישב געווען און אַריינגענומען אין שטוב אַריין אַ קאַץ.

לאָזן די מייז אויף זיך האָבן אַ המן אַן אַנטיסעמיט און לאָזן זיי וויסן וואָס הייסט פּייניקן אַ פריילעכן ייִד, — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט צו שיינדעלען.

און מען האָט די קאַץ אַ נאָמען געגעבן המן־הרשע.

די קאַץ המן־הרשע איז אָבער געווען היפּש אין די יאָרן. אַ געלע און אַ גרויסע פּעפּערקע. זי האָט כסדר ליב געהאַט צו ליגן אויפן וואַרעמען פּריפּעטשיק. פון רשעות איז אָפּגערעדט. די מייז האָבן איר געמעגט אַרומ־טאַנצן אויפן קאָפּ, האָט עס זי געאַרט ווי המנען דער גרייגער. זי איז

געשלאָפן און זיך נאָר אויפגעכאַפּט און אויסגעגענעצט ווען ר׳ יאָקל האָט זיך געזעצט עסן.

צווישן די כעלעמער מייז ביים אָסטראָפּאָליער בדחן האָט מען גע־שמועסט, אַז אויף דער וועלט איז ענדלעך געוואָרן שלום ושלווה און אַלע קעץ האָבן געקריגן דאָס פּנים פון אַ חוזק. עס איז איצטער אַ וועלט פון הפקר־פּעטרישקע און מען קאָן צעגריזשען אַלצדינג וואָס ביי ר׳ יאָקלען געפינט זיך נאָר אין שטוב. ביים בדחן אין שטוב איז אַ ווייַנגאָרטן, מחמת אַ מויז וועט חלילה דאָרט נישט געשען דאָס מינדסטע. „המן־הרשע" האָט פאַרגעסן, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט אין דער מגילה און האָט זיך בעסער אַוועקגעלייגט שלאָפן אויף אַ וואַרעמען פּיעקעליק.

הכלל, ר׳ יאָקל מיט שיינדעלען האָבן זיך געבראָכן די קעפּ וואָס טוט מען ווייטער.

רופט זיך אָפּ הערשעלע און מאַכט זיך דערביי פאַר אַ נעבעכל:

— פאַלגט מיך, ר׳ יאָקלשי, און לייגט אַריין אין די מייז־לעכער שטיקלעך פון פאַראַיאָריקן אפיקומן. לאָזן נאָר די מייז אַ ביס טון דעם אפיקומן, זענען מיר פון זיי פּטור. שייך כעלעמער מייז ווייסן נישט, אַז נאָכן אפיקומן טאָר מען מער נישט טועם זיין?

ר׳ יאָקל האָט געכאַפּט צו הערשעלען דעם יאַמשענעם שטעקן און געשריגן:

— וואָס מיינסטו לאָבוז? איך בין ביי דיר אַ פּינטע דער נגיד, וואָס דו שטעלסט מיך אויס פאַר אַ לעמעשקע? גייסט גאָר טרייבן ליצנות מיט אַן אַלטן בדחן?

שיינדעלע האָט זיך מיטן פאַרטעך אָפּגעווישט דאָס נעזל און געזאָגט מיט אַ געלעכטערל:

— שווייג, טאַטע, לאָמיך נאָר דערלעבן צו הערן פון אים דעם „הריי־את", און זאָל ער מיר נאָר דער יאַט, אונטער דער חופּה צעטראַסקען דאָס גלאָז. ער וועט שוין ביי מיר ווערן אויס באַלעבאָס.

דאָס שעפּל האָט סוף כל סוף אָנגעהויבן איבערצוגיין און ר׳ יאָקל האָט געזאָגט צו שיינדעלען:

— עס וואַקסט מיר אַ ליכטיקער גנאיידעם. איידער איך וועל נאָך דערלעבן צו טאַנצן מיט דיר דאָס מצווה־טענצל וועט מיך, אָט דער יונ־גאַטש, אויסשטעלן פאַר אויס קאַפּעלוש־מאַכער. אָסטראָפּאָליע וועט אויף מיר טייטלען מיט די פינגער און לאַכן.

י. י. טרונק

— אָט גייט דער אויסגעקרייטער האָן, דאָס אויסגעקראָכענע שטריימל און דער הייזעריקער בדחן ר׳ יאָקל בן־פלעקל, ער האָט שוין איצט נישט מער ווי דעם בלויזן יאַמשענעם שטעקל, ער מעג שוין נעמען דאָס זעקל און גיין איבער די הייזער נאָכן מחצית־השקל — אַ שיינער תכלית נאָך פופציק יאָר בדחנות! דעם חתן דיינעם, שיינדעלע, מוז מען אַוועקגעבן צו ר׳ חייקל חקרן אין חדר אַריין. ר׳ חייקלס קאַנטשיק שמייסט על פּי חקירה. וואָס חקירה קאָן באַווייזן מיטן קאַנטשיק, דאָס קאָנען נישט באַווייזן אַ גאַנצע וועלט בדחנים מיט ר׳ גימפּלס קאַפּעליע בראש.



## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

שמעתי איז טייטש כ׳האָב געהערט. — ר׳ יאָקל טוט א הוסטל און הערשל ברענגט אים אַ לעפל.

איך האָב אַרומגעזוכט אין אַלע מעשה־ביכלעך און דאָרט נישט געקאָנט געפינען ווען עס איז געשען: צי זונטיק ביי וועטשערע, צי שבת נאָכן לאָקשן־קוגל. — גענוג, אַז עס איז געשען. שיינדעלע האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן און נישט דערלאַנגט הערשעלען אַ לעפל צום עסן.

הערשל איז געזעסן און געקוקט אין טעלער אַריין.

— וואָס קוקסטו אין טעלער אַריין ווי אַ פּגר אומגעוואַשן? וואָס האַלסטו די הענט אין די טאַשן ווי דו וואָלסט חלילה געזעסן ביי ליידיקע פלאַשן! זיי נישט קיין יאָלד און נעם זיך פּאַשען, — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט צו הערשעלען, זעענדיק ווי יענער זיצט און רירט זיך נישט צו צום געקעכץ.

— צו יעדן שעפל מוז מען האָבן אַ לעפל און אַפילו דער גרעסטער זינגער קאָן נישט זינגען מיט ליידיקע פינגער, — האָט הערשל געענט־פערט און געוויזן אויף זיין טעלער.

— שוטה, גיב אַ הוסט. אַז מען הוסט הוסט מען אויס אַ לעפל, האָט ר׳ יאָקל געזאָגט.

— שמעתי, איז טייטש כ׳האָב געהערט, מכל מלמדי השכלתי, און אַז מען ווערט עלטער ווערט מען טאַקע קליגער, — האָט הערשעלע גע־זאָגט און געגעבן אַ הוסטל.

הערנדיק דאָס הוסטל איז שיינדעלע צוגעלאָפן און אים געברענגט אַ לעפל.

מאַכט זיך אַ מעשה.

צי ר׳ יאָקל בדחן האָט, לא־עלינו, געכאַפּט אַ פאַרקילונג, אָדער ער

האָט געטון אַ האַסטיקן ביס אַריין אין אַ קאַלטער קאַרטאָפּליע? אַלע מעשה־ביכלעך שווייגן וועגן דעם. געניג, ער האָט געהאַט אַ בייזן בויך. עס האָט אים, נישט פאַר קיין ייִד געדאַכט, געיאָגט. אַלע פערטל שעה האָט ער זיך געמוזט וואַשן די הענט איבער דער פּאָמעניצע און זאָגן „אשר־יצר".

דער אַסטראָפּאָליער בדחן זיצט אויף אַ נאָווינקע שוין אפשר דאָס צענטע מאָל, דאָרט ווו מען טאָר נישט מהרהר זיין אין קיין דברי־תורה. ער זיפצט און קרעכצט נעבעך, מחמת אין די בני־מעיים גייט ביי אים אַ מלחמה צווישן גוג און מגוג. זיצט דאָרט ר' יאָקל און קלערט גראַמען בלויז אויף גויִיש. אויף לשון־קודש טאָר מען דאָרט נישט טראַכטן. איז זיך ר' יאָקל מיישב: וואָס וועל איך נייערט זיפצן און אָכצן? אויף טשיקאַ־ווע וועל איך אַמאָל טון אַ הוסטעלע.

באַלד ווי ער האָט נאָר געטון דאָס הוסטל, הערט ער ווי הערשעלע קלאַפּט אָן אין דער טיר פון יענעם מקום.

— ר' יאָקלשי, איר הוסט? — הערט ער הערשעלעס קול — אָט לויף איך און ברענג אייך אַ לעפל.

הערשעלע האָט געהערט ווי ר' יאָקל בורטשעט פון אינעווייניק.

ווען ר' יאָקל איז צוריק אַריינגעקומען און איידער ער איז נאָך צוגע־גאַנגען צו דער פּאָמעניצע, האָט ער געכאַפּט דעם יאַמשענעם שטעקן און געשריגן:

— ר' חייקל דעם חוקרס קאַנטשיק וועט אים שוין ווייזן, דעם שייגאַץ, ווי אַזוי מען שטעלט אויס אַן אַלטן בדחן פאַר אַ לאָקשנברעט.

***

ויהי ערב ויהי בוקר האָט מען אַוועקגעגעבן הערשעלען צו ר' חייקל דעם חוקר. אין ליטע און אין זאַמעט איז געווען אַזאַ זאַך ווי אַ חוקרישער מלמד. ווען מיר טאַקע דערציילן ווי אַזוי דער מלמד, כאָטש מיר זענען אין פינצטערן גלות, האָט געטראַכט און געחקרנט וועגן ליכטיקע שטערן און מזלות.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

יעדער ייִד ווערט געבוירן מיט זייַנע טועכצן. — חוקרים לאָזט מען אַראָפּ מיט כל הנערים.

ווי מיר ווייסן, האָט יעדער ייִד זייַן מזל. דרייסיק טעג אײדער אַ ייִד קומט אַראָפּ אויפֿן עולם־התחתון, רופֿט מען אויבן אויס, וואָס ער זאָל זייַן: אַ גביר צי אַ קבצן, אַ סופֿר צי אַ שדכן. צי ער זאָל זייַן אַ קרעמער צי גאָר אַ מלמד. אַ ייִד נעמט זיך גאָרנישט אַליין. איטלעכער טוט נאָר דאָס, וואָס עס איז אויף אים אַרויפֿגעלייגט געוואָרן מן־השמים.

אַזוי פֿירט זיך עס ביי ייִדן פֿון אַ גאַנץ יאָר. ווען מיר זעען די טועכצן פֿון ייִדן און זייערע פּרנסות, דאַרפֿן מיר, חלילה, נישט פֿרעגן קיין קשיות. עס איז נישט הפקר־פּעטרישקע. ייִדן זענען געווינט געווען צו זאָגן נעשה־ונשמע שוין אין די צייטן פֿון באַרג סיני. מן־הסתם איז אַלצדינג, וואָס ייִדן רעדן און טוען פֿון יענעם „כי טוב“, מיט וועלכן די וועלט אי״ז באַשאַפֿן געוואָרן אין די ששת ימי בראשית.

אָבער דאָס רעדט זיך בלויז פֿון סתם ייִדן. סתם ייִדן זענען מאמינים און בעלי־שמחה. עס ליגן נישט ביי זיי אין די בייטעלעך קיין סך רענדלעך, דערפֿאַר ליגט דאָרט אַ סך בטחון. אָן בטחון — ווי וואָלט אַ ייִד געקאָנט לעבן איין רגע אינעם פֿינצטערן גלות?

אַנדערש פֿירט זיך עס ביי ייִדן חוקרים. איך ווייס נישט ווי עס האָט ביי זיי אויסגעקוקט אויבן, אין די דרייסיק טעג קודם הלידה. איך ווייס אויך נישט וואָס דער מלאך פּורה דער שר של שכחה האָט זיי געזאָגט בעת ער האָט זיי געגעבן אַ שנעל אין דער נאָז אַריין, זיי אַרויסגעלאָזט פֿון דער מאַמעס בויך און געהייסן זייַן ייִדן. מן־הסתם איז עס מיט זיי אויבן נישט צוגעגאַנגען גלאַטיק.

עס זעט באַשיימפּערלעך אויס: בשעת מען האָט אויבן אויסגעשטעלט

די ייִדישע נשמות — איידער מען האָט זיי אַראָפּגעשיקט אויפֿן עולם־המעשה — און מען האָט יעדן ייִד געזאָגט, וואָס ער באַדאַרף צו טון אונטן — האָט אַזאַ חוקרישע נשמה זיך גראָד געמוזט אַ קאַפּעטשקע פּאַרקוקן אויף אַ שטערן. אפשר איז זי גראָד דעמאָלט געווען ערגעץ אין די הינער־פּלעט. דער מלאך־הממונה האָט זי פּאַרזען און איר נישט געזאָגט, וואָס זי האָט צו זיין און צו טון. האָט מען זי שפּעטער אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט אונטער איין טלית מיט כל־הנערים. דעריבער וויסן זיי נעבעך נישט, די חוקרים, וועער עס האָט זיי געשלייערט און ווו אויס און ווו איין. זיי דרייען זיך אַרום אויף אונדזער עולם ווי נישט געבעטענע שמעלקעס. עפּעס זענען זיי ווייטער אין די הינער־פּלעט.

אַזוי ווי זיי זענען עפּעס נישט מיט אַלעמען און מען האָט זיי נישט אָוועקגעלייגט די קלעפּקע אויף דער רעכטער זייט, דעריבער שטעקן זיי אומעטום אַריין די נאָז, דרייען מיטן גראָבן פֿינגער און פֿרעגן קלאָץ־קשיות.

סתם אַ ייִד ווייסט וואָס ער האָט צו זיין און וואָס ער האָט צו טון. פֿאַר אים איז אַלצדינג פּשוט בתכלית הפּשטות.

אַ ייִד אַ חוקר איז אַן אייביקער מה־נשתּנה.



## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

פּערעלע טראַכט נישט וועגן דער ליקוי־חמה, נייערט ווי נעמט
מען אויף שבת? — אַ פּוסנבענקעלע אין גן־עדן.

מיר האָבן טאַקע געזאָגט, אַז ר׳ חייקל דער חוקר איז געווען אַ מלמד. אָבער ער איז נישט אַרויס פון זיין מאַמעס בויך מיט טייטל און מיטן קאַנטשיק, ווי אַן אַנדערער ייִד אַ מלמד וואָס איז פון לכתחילה אַראָפּגעשיקט געוואָרן צו עפענען אַ חדר.

ר׳ חייקל דער חקרן האָט אויף דער זינדיקער וועלט חתונה געהאַט מיט אַ ווייב וואָס איר נאָמען איז געווען פּערעלע. ער האָט ביי זיין שווער — אַ ייִד אַן אָרעמאַן — געגעסן עטלעכע יאָר קעסט. פּערעלע האָט נישט באַ־לאַמוטשעט און דערווייל געשיט מיט קינדערלעך. מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, פון וואַנען וועט ר׳ חייקל נעמען פּרנסה?

טראַכטן וועגן פּרנסה האָט ר׳ חייקל באַלד אָנגעהויבן ווי אַן אמתער חוקר: טאָמער דאָס און טאָמער יענץ? דאָס הייסט: טאָמער זאָל איך מיר מאַכן אַ קרעמל? טאָמער זאָל איך גיין אויפן דאָרף, מיר דינגען אַ קרעטשמע און ווערן אַן אַרענדאַר? טאָמער זאָל איך גאָר ווערן אַ שוחט? וועגן מלמדות האָט ער דערווייל נישט געטראַכט. דער וואָס טראַכט שטענדיק על פּי חקירה, גייט תמיד דערנעבן.

ווען ר׳ חייקל האָט נאָך געגעסן קעסט ביי זיין שווער דעם אָרעמאַן און פּערעלע האָט שוין געהאַט פולע וויגן — האָט שוין אַסטראָפּאָליע גע־ווּסט וואָסער שאַרפער חוקר עס דרייט זיך אַרום אין אירע געסלעך. מען האָט בפירוש געזען, אַז ר׳ חייקל לאָזט נישט אַדורך קיין שטערן אין הימל און קיין פליג אויף דער וואַנט. אויף אַלצדינג האָט ער קשיות און פּאַרוואָסן. אַפילו אים אַליין, ירום הודו, דעם סאַמע רוסישן קייסער, נעמט ר׳ חייקל

אויפן חקירהשן צימבל. — אַלצדינג איז ביי ר׳ חייקלען קשה, — סיי די הנהגה פון דער וועלט און סיי להבדיל די הנהגה פון מלכות.

דאָס גליק איז אָבער געווען וואָס פּערעלע, ר׳ חייקלס אשה, האָט יאָ געטראַכט פון וואַנען מען נעמט אויף שבת? עס זענען איר געלעגן אין דער לינקער פּיאה סיי די ליקוי־חמה, סיי דער שטערן סרטון און סיי די רויטע ייִדעלעך אויף יענער זייט ברעג פון טייך סמבטיון.

דערצו האָט זי געהאַט קינדער ביי דער ברוסט און ביים פאַרטעך און זי האָט געוווּסט, אַז עס הויבט זיך ערשט אָן, — קיין ביין אויג זאָל איר נישט שאַטן.

ר׳ חייקל — האָט פּערעלע געוווּסט — האָט גרעסערע דאגות ווי צו טראַכטן מפרנס צו זיין אַ ווייב מיט קינדער. ער מוז זיך נעבעך ברעכן דעם קאָפּ וועגן די פּירעכצן אויפן הימל און ערד. אָבער זי? אַ נאַרישע ייִדענע?

האָט זיך פּערעלע מיישב געווען און אויפגעעפנט אַ שפּייז־קרעמל סאַמע אינמיטן אַסטראָפּאָליער מאַרק.

זי האָט באַלד געוווּסט: קיין גרויסע הילף אין מסחר וועט זי פון איר חייקלען נישט האָבן. הגם, נישט מער ווי אַ נאַרישע ייִדענע, האָט זי אָבער פאַרשטאַנען, אַז אַ חוקר מיינט אַ בטלן. און כאָטש אַ חוקר ווייסט אַלץ, קאָן ער אָבער, פון גרויס וויסעניש, נישט פאַרבינדן דער קאָץ דעם ווידל.

האָט פּערעלע ביי זיך געטראַכט: מילא. מיר איז שוין באַשערט צו האָבן אַ מאַן אַ חוקר. גטן דערפאַר וועל איך זיך נישט. אַזאַ חוקר וועט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר מן־הסתם האָבן דאָס ליכטיקע גן־עדן. וועל איך ביי אים זיין אַ פוסנבענקעלע. אפשר לוינט עס זיך — האָט פּערעלע ווייטער געטראַכט — פאַרשוואַרצט צו ווערן דאָס גאַנצע לעבן מיט אַ מאַן אַ חוקר, אַבי שפּעטער צו זיין אַ פוסנבענקעלע אין גן־עדן. קיין גרויסע הילף אין קרעמל — האָט פּערעלע ווייטער געטראַכט — וועל איך פון אים נישט האָבן. טאָ לאָז ער כאָטש, דער שלימזל, זיצן אין קרעמל בעת איך וועל אַרויסגיין אויפן מאַרק. זאָל ער, דער חוקר, האַלטן דערווייל אָן אויג, אַז מען זאָל מיר חלילה נישט צוגנבענען דאָס ביסל שפּייז.

כך הוה. פּערעלע האָט עוסק געווען אין קרעמל און דערפון געצויגן די בידנע חיונה. בעת זי האָט באַדאַרפט אַרויסגיין אויפן מאַרק, האָט זי אַראָפּגערופן ר׳ חייקלען פון די שטערן אויפן הימל און אים אָנגעזאָגט ברחל בתך הקטנה:

— זיי אַזוי גוט, חייקלשי, און האַלט אַן אויג אויף גנבים!

## קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

ר׳ חייקל דער חוקר היט דאָס קרעמל.

זיצט אַזוי אַמאָל ר׳ חייקל אויף אַ זעקל אַרבעס און היט דאָס קרעמל. אַ חוקר זיצט נישט סתם אַזוי ווי אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר. ער זיצט אויפן זעקל אַרבעס און איז מעיין אין ספר „שבילי־עולם״. דאָרט שטייט פּאָדריבנע באַשריבן וועגן דעם גאַנג פון די שבעה כוכבי־לכת און פון די איבעריקע גלגלים. ר׳ חייקל איז עפּעס שטאַרק נישט צופרידן מיט דעם גאַנג פון די וועלטן. ער חשבונט נאָך, ווי אַזוי דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן די וועלט. ער חשבונט און חשבונט. עפּעס שטימט אים נישט דער חשבון. ער איז אַפילו קאַפּאַבל אַלצדינג נאָכצורעכענען מיט קרייד. ער איז מלא קשיות און אָפּפרעגענישן און האָט דערווייל פאַרגעסן, אַז פּערעלע האָט אים אָוועקגעזעצט אויפן זעקל אַרבעס און געהייסן היטן דאָס קרעמל.

ר׳ חייקלען קומט באַשיימפּערלעך אויס, אַז דעם שטערן נגה און דעם שטערן מאדים האָט מען אין די ששת ימי בראשית געדאַרפט אַנדערש אַוועקשטעלן אין די גלגלים.

ווי ר׳ חייקל זיצט אַזוי און דאגהט וועגן די שטערן אין הימל, שטייט דערווייל אַ קאָזאַק ביי דער טיר פון שפּייז־קרעמל און הויבט עס אָן אויס־צולייִדיקן מיט גרויס חשק און אַפּעטיט.

ר׳ חייקל זיצט מיט אַ פינגער אויפן שטערן און ברעכט זיך דעם קאָפּ וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אויבן. פּערעלע האָט אים טאַקע אַוועקגעזעצט היטן דאָס ביסל אָרעמקייט — פאָרט קאָן מען נישט אָראָפּקריכן פון דעם וואָגן פון מעשה־בראשית. אויב מען מוז קוקן אויף די שטערן נגה און מאדים, קאָן מען נישט זען וואָס דער קאָזאַק טוט אין קרעמל.

אינצווישן קומט אָן פּערעלע. דערזעט זי: ר׳ חייקל זיצט ביים „שבילי־עולם״ און דער קאָזאַק איז שוין באַלד פאַרטיק מיטן שפּייז־קרעמל.

מאַכט זי אַ געוואַלד.

— חייקל! שרייט פּערעלע — דער קאָזאַק שטעלט דאָך אונדז בדלות. ער האָט דאָך שוין באַלד צענומען דאָס גאַנצע קרעמל.

— גיי רעד מיט אַ ייִדענע! — האָט ר׳ חייקל דער חוקר געזאָגט, אויפֿגעהויבן די אויגן און ענגדלעך אַ קוק געטון אויפֿן עולם התחתון — וואָס דען זאָל אַ קאָזאַק טון? ווילסט אפשר, אַז ער זאָל זיך אַוועקזעצן אין בית־המדרש און לערנען ש״ס ופוסקים?



## קאַפּיטל דרייסיק

אַלצדינג גייט על פּי דרך הטבע און ר׳ חייקל ווערט אַ מלמד.

א חוקר האָט אַלצדינג ליב צו דערקלערן על פּי שכל און על פּי דרך הטבע, מיר האַלטן ביי אַ חוקר און מיר מוזן גיין אין זיינע וועגן. אויך מיר וועלן נייערט דערציילן פון דרך־הטבעס.

ר׳ חייקל האָט פּאַמעלעך פּאַרלוירן די לעצטע פּאָר גראָשן און מען האָט אים פּאַמעלעך פונאַנדערגעגנבעט דאָס קרעמל. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה סיידן צו ווערן אַ מלמד און זיך מפרנס זיין פון דעם, מיט וואָס עס זענען זיך מפרנס די ביטערסטע הערצער ביי ייִדן. דאָס הייסט, פון יענע ייִדן, וואָס האָבן שוין אויסגעפּרוווט אַלע פּרנסות, און אומעטום איז זיי געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. און לסוף האָבן זיי געמוזט ציִען חיונה פון קאַנטשיק. אויב אויך ר׳ חייקל האָט געמוזט ווערן אַ מלמד, איז עס נישט געוואָרן על פּי נס. מיט אַ חוקר געשעען נישט קיין נסים. דער דרך־הטבע האָט אים געגעבן דאָס טייטל אין דער האַנט אַריין און אים אַוועק־געזעצט קנעלן.

כדי דער לייענער זאָל נישט מיינען, אַז מיר טרייבן חלילה קאַטאָוועס מיט אַן אָסטראָפּאָליער חוקר און מיר באַשרייבן נישט דעם דרך־הטבע מיט אַלע פּיטשעווקעס, — וועלן מיר דערציילן נאָך עטלעכע מעשיות פון ר׳ חייקלען, סיי אַ בלינדער און סיי אַ פילֹיסוף וועלן מוזן זען, אַז אַלצדינג וואָס איז געשען מיט ר׳ חייקלען זענען נייערט די דרכים פון דער טבע און פון שכל הישר.

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

ר׳ חייקל גייט מיט אַ הון צום שוחט. — ר׳ חייקל דער חוקר און ר׳ שמעיה חוש שמועסן פילאָסאָפיע.

איך ווייס נישט אַקוראַט ווען עס איז געווען — צי אַנומלטן, צי פאַראַיאָרן ערב שבועות. די מעשה־ביכלעך רעדן דערפון מיט גרויס פאַרשטעלעניש.

פערעלע האָט געשיקט ר׳ חייקלען מיט אַ הון צום שוחט.

זי האָט געזאָגט צו זיך אַליין כהאי לישנא:

— אַ קאָפּ וואָס פליט אַרום איבער אַלע שטערן, קאָן מען טאַקע נישט איבערלאָזן היטן אַ קרעמל. גנבים וואַרטן נאָר דערויף, אַז ר׳ חייקל זאָל „היטן". אָבער אַ הון צום שוחט קאָן מען, דוכט זיך, שיקן מיטן גרעסטן פילאָסאָף. די הון איז גוט געבונדן און זי וועט נישט אַוועקפליען צוזאַמען מיט ר׳ חייקלס טראַכטענישן.

נעמט טאַקע ר׳ חייקל די הון און גייט מיט איר אַוועק צום שוחט.

דער שוחט האָט געוווינט העט אין לעצטן הייזל פון אָסטראָפּאָליע. כדי אַהין צו קומען צו אים, האָט מען באַדאַרפט אַרומגיין אויף אַ שטיקל פעלד. אויף אָט דעם פעלד איז אויך געשטאַנען דאָס אָסטראָפּאָליער מרחץ. אין מרחץ האָט געוווינט ר׳ גרונם־געצל דער בעדער.

גייט אַזוי ר׳ חייקל אויפן פעלד מיט דער הון אין דער האַנט. די הון שווייגט נישט. זי פאָכעט מיט די פליגלען און קוואָקעט. אַ פאַרצייטישער ייִד וואָס וואָלט גראָד פאַרבייגעגאַנגען — און פאַרצייטישע ייִדן האָבן פאַרשטאַנען שיחת חיות ועופות — וואָלט ער מן־הסתם געהערט, אַז דאָס וואָס די הון קוואָקעט, וויל זי מיט ר׳ חייקלען שמועסן חקירה אויף הינער־לשון. שייך, די הון האָט נישט געוווּסט אַז אַ וועלט־פילאָסאָף טוט איר אָן דעם גרויסן כבוד, און טראָגט זי צום שוחט?

אָנשטאָט אַ פּאַרצייטישן ייִד איז ר׳ חייקלען אַנטקעגן געקומען דער צווייטער חוקר פון אָסטראָפּאָליע, ר׳ שמעיה חוש.

ייִדן האָבן אים גערופן חוש, מחמת ער האָט קיינמאָל נישט געהערט וואָס מען רעדט צו אים. אַן אָרעמאַן איז ער געווען — אַן אמתער עני ואביון אין זיבן פּאָלעס. נאָר באַדאַרפט האָט ער נישט מער ווי וואַסער אויף קאַשע. פון כמה וכמה שנים איז ער געווען אַן אלמן און עלנט ווי אַ שטיין. אַ גאַנצן מעת־לעת איז ער געזעסן אין בית־המדרש הינטערן אויוון און מעיין געווען אין ספרי־חקירה. רעדן צו ר׳ שמעיהן האָט געהייסן רעדן צו דער וואַנט. קיינמאָל איז ער נישט געווען אין אָסטראָפּאָליע, נייערט אויבן אויף די שבעה כוכבי לכת, צי גאָר אינמיטן די ווירבל־ווינטן פון חומר־היולי.

וואָס ר׳ שמעיה האָט געהאַט צו טון אויפן פעלד פון דעם מרחץ ווייסט קיינער נישט. מן־הסתם האָט אים דאָס האַרץ געזאָגט, אַז דער צווייטער אָסטראָפּאָליער חוקר גייט איצט מיט אַ הון און ער האָט מיט אים געוואָלט כאַפּן אַ שמועס וועגן תוך־זאַכן.

— וווּהין גייט איר, ר׳ חייקלשי? האָט ר׳ שמעיה געפרעגט און געקוקט אויפן הימל, — אַזיסט וואָלט ער דאָך געווען געזעצן, אַז ר׳ חייקל טראָגט אַ הון און מן־הסתם גייט ער צום שוחט.

— זי האָט מיך געשיקט מיט אַ הון צום שוחט, האָט ר׳ חייקל גע־ענטפערט כלאחר־יד. באַלד אָבער האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שטאַרקן זיפץ:

— ר׳ שמעיהשי, — וויפל די חקירה זאָל נישט זאָגן בע און עט — סוף־כל־סוף נאָך אַלע חשבונות לעבן מיר פאָרט אין אַ ניש־קשה פון אַ וועלטעניו.

די הון אין ר׳ חייקלס הענט האָט געפּאָכעט מיט די פליגל און הויך געקוואָקעט. די מעשה־ביכלעך שרייבן נישט, צי זי האָט זיך געאײַלט צום שוחט, צי זי האָט מסכים געווען מיט ר׳ חייקלען דעם חוקר.

ר׳ שמעיה אָבער איז געווען אַ ייִד אַן עקשן און אַ ווילדער מרה־שחורהניק. ער האָט זיך נישט געלאָזט איינבייסן פון ר׳ חייקלען.

— וועלטעניו־שמעלטעניו! — האָט ער בייז געזאָגט — קוקט ר׳ חייקל! אַלצדינג איז דאָ באַשאַפן געוואָרן אויף קאַפּויער. לאָמיר נעמען פאַר אַ משל ר׳ גרונם־געצלס דעם בעדערס קו. אָט שטייט זי און שטשיפּעט דאָ גראָז. קיין עין־הרע אַ גרויס באַשעפעניש ר׳ גרונם־געצלס קו. נעמט דער רבונו

של עולם און גיט איר נישט מער ווי די ערד אויף חיונה. לאָמיר נעמען אַ צווייטן משל: קוקט אָן דאָס פייגעלע אין הימל וואָס פליט איבער אונדזער קאָפּ. וואָס באַדאַרף אַזאַ פייגעלע מישטיינס געזאָגט? סך־הכל אַ פּיק אין אַ קערנדל. וואָס טוט דער בורא עולם? נעמט ער און גיט איר אַוועק אויף פּרנסה סיי דעם הימל און סיי די ערד. איך זאָג אייך, ר׳ חייקלשי, אויף אייער שוועלטעניו איז אַלצדינג פּידרעך און מיט דער פוטער אַראָפּ.

דאָס פייגעלע אין הימל, וואָס איז געפלויגן איבער די קעפּ פון די חקרנים האָט מן־הסתם איצט גראָד באַדאַרפט צו טון פויגלישע געברויכן, און עס האָט אַראָפּגעלאָזט אויף ר׳ שמעיהס קאָפּ עפּעס נישט קיין ריינע זאַך.

— נו, ר׳ שמעיהשי, האָט ר׳ חייקל געזאָגט און אויפגעהויבן די צע־קוואָקעטע הון ר׳ שמעיהן אונטער דער נאָז. לאָמיר נעמען אַ דריטן משל: ר׳ גרונם־געצלס קו וואָלט געהאַט פליגלען און געפלויגן איבער אייער קאָפּ און געטון דאָס זעלביקע וואָס דאָס דריבנע פייגעלע? עס וואָלט געווען שוין איינמאָל אַ שוועלטעניו!

ר׳ שמעיה האָט געשוויגן ווי די וואַנט. ער האָט שאַרף אַ קוק געטון אויף דער קו, וואָס אויף דער ערד און אויפן פייגעלע, וואָס אין הימל.

די הון אין ר׳ חייקלס הענט האָט זיך פונדאָסניי צעקוואָקעט. מן־הסתם האָט זי מיט אים מסכים געווען.

***

סיי אין פוילן, סיי אין קירה שמועסט מען עד היום פון ר׳ חייקלס חקירה. סיי ייִדן מיט גרויע קעפּ און סיי ווייבער ביי די טעפּ זאָגן: אָסטראָ־פּאָליע טוט פאַרמאָגן אַ מר בר ר׳ אשי. ער זיצט אויפן מזל עקרב און קנעלט דאָרט חומש מיט רש״י.



## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

די חוקרים זיצן אין מרחץ און טראַכטן וועגן די גאָלדענע שיך פון רוסישן קייסער.

אלכותא דארעא כמלכותא דרקיעא. — ר׳ חייקל האָט ווויל געוווּסט: פּאַר אַ חוקר איז נישט שייך אין זינען צו האָבן בלויז די שטערן מיט די גלגלים. כבקרת רועה עדרו, ווי די שעפּעלעך אונטער דער בייטש פון דעם פּאַסטעך, מוז אַלצדינג אין דער וועלט אַדורכגיין דורך דעם ביי־סיקן קאַנטשיק פון שכל־הישר. אַלצדינג מוז האָבן זיין דרך־הטבע.

מען קאָן דערימאַך דעם ירום הודו, דעם רוסישן קייסער הייסט עס, אויך נישט לאָזן רויק ליגן אין זיין גאָלדן בעטל אונטער דער זילבערנער קאָלדרע. דעם קייסער קאָן זיך נאָך חלילה אויסדוכטן, אַז די חוקרים האָבן פאַרגעסן אָן אים. ניין! אַ חוקר טאָר גאָרנישט פאַרגעסן. סיי וועגן די שטערן אין הימל אויבן און סיי וועגן די חצרות־המלכים אונטן מוז ער וויסן אַ קלאָרן חשבון.

מיר גייען איצט דערציילן פון אַ טיפן שמועס, וואָס איז פאָרגעקו־מען פריייטיק נאָכמיטיק אויף די אויבערשטע בענק פון אָסטראָפּאָליער מרחץ. געוויינלעך אַ שמועס צווישן ר׳ חייקל חקרן און ר׳ שמעיה חוש.

ר׳ גרונם־געצל דער בעדער האָט פאַרגעסן דעם זיי־געזונט און אונ־טערגעהייצט אַ מרחץ, אַז דער אויבער־לאַפּיטוט וואָס הייצט די קעסלען אין גיהנום, האָט געמעגט גיין און ווערן ביי אים, ביי ר׳ גרונם־געצלען, אַ שטיוול־פּוצער. אָסטראָפּאָליער ייִדן האָבן זיך ממש אָפּגעקאָכט לעבעדי־קערהייט און, פאַרשטייט זיך, דערפון געהאַט דעם גרעסטן תענוג. זיי האָבן זיך געשמיסן מיט בעזימלעך און געשריגן:

ר׳ גרונם־געצל, זשאַלעוועט נישט קיין פּאַרע!

און ר׳ גרונם־געצל האָט נישט געזשאַלעוועט.

אַ געדיכטע הייסע פּאַרע האָט געזעצט פון אַלע זייטן. נאַקעטע ייִדן זענען געזעסן אין דער פּאַרע און זיך געקוויקט לכבוד ערב שבת. אינמיטן די נאַקעטע ייִדן גאָר אויבן, אויף דער לעצטער באַנק, זענען געזעסן ר׳ חייקל חוקר און ר׳ שמעיה חוש.

זיי זענען געזעסן נאַקעטע ווי אדם־הראשונס. איטלעכער האָט געהאַלטן אַ בעזימל אין דער האַנט. מחמת דער געדיכטער פּאַרע זענען זיי געזעסן ווי אין אַ הייסן וואָלקן און זיי האָבן זיך נישט געזען איינער דעם אַנדערן.

אַ הייסער געדיכטער וואָלקן אויף דער אויבערשטער באַנק פון מרחץ האָט אויסגעקוקט אָנגעגרייט פון ששת ימי בראשית ווי אַן אָרט צו שמועסן חקירה.

— ר׳ שמעיהשי, — האָט ר׳ חייקל גערעדט אין וואָלקן אַריין — איך זיץ דאָ מיטן בעזימל אין דער האַנט און עס עגבערט מיר אין מוח: וואָסערע שיך טראָגט דער רוסישער קייסער?

— שייך וואָסערע שיך? — האָט מען געהערט ר׳ שמעיהס קול פון דער פּאַרע אַרויס — אַ פּשיטא, אַז גאָלדענע שיך.

— און אַז אין פּייטערבאַרג מאַכן זיך בלאָטעס? — האָט ר׳ חייקל גע־פרעגט און אויך אַרויס פון דעם וואָלקן פּאַרע — שייך צו טאָפּטשן אין בלאָטעס מיט גאָלדענע שיך?

ר׳ שמעיה אין זיין וואָלקן האָט אַ ווײַלע געשוויגן. משמעות, אַז ער האָט זיך פאַרטראַכט. באַלד האָט מען ווידער געהערט זיין קול:

— איר זענט אַ בטלן, ר׳ חייקל! האָט דאָך דער קייסער זיינע יועצי־המלך. נעמען זיי, די קלוגע קעפּ, און מאַכן פאַר אים אַ פּאָר לעדערנע שיך. ווען עס כליאַפּן די גרויסע רעגנס, ציט מען די לעדערנע שיך אַרויף אויף די גאָלדענע און מען שיקט דעם קייסער אַרויס אין די בלאָטעס.

ר׳ חייקל פון וואָלקן:

— אויב אַזוי, ר׳ שמעיהשי, פון וואַנען ווייסט פּייטערבאַרג, אַז עס גייט דער ירום הודו?

ר׳ שמעיה פון וואָלקן:

— האָט דאָך דער קייסער זיצן זיינע יועצי־המלוכה. נעמען זיי, די קלוגע קעפּ, און מאַכן אים לעכער אין די לעדערנע שיך און דאָס גאָלד קוקט אַרויס פון די לעכער. ווען מען שיקט דעם קייסער אַרויס אין די בלאָטעס ווייסט גאַנץ פּייטערבאַרג אַז עס גייט דער ירום־הודו און מען נעמט אַראָפּ דאָס היטל.

ר׳ חייקל פון וואָלקן:

— קריכט דאָך די בלאָטע אַריין אין די לעכער און פאַרשמירט דעם קייסער די גאָלדענע שיך?

ר׳ שמעיה פון וואָלקן:

— נעמען די יועצי־המלך און פאַרשטופּן מיט די אייגענע הענט די לעכער מיט שטרוי און די בלאָטע קאָן נישט אַריינקריכן.

— קומט דאָך אויס, וועדליק אייער חקירה, ר׳ שמעיה, אַז ווען מען זעט אַן ארחי־פרחי מיט געלעכערטע שיך און מיט שטרוי אין די לעכער, קאָן עס גאָר גריילעך געמאָלט זיין, אַז עס איז דער רוסישער קייסער, און מען דאַרף פאַר אים אַרונטער נעמען דאָס היטל?

ר׳ שמעיה:

— וואָס דען קלערט איר, ר׳ חייקל? על פּי חקירה קאָן מען טאַקע גאָרנישט וויסן און אַלצדינג קאָן זיין געמאָלט. על פּי חקירה ווייסט מען טאַקע נישט ווער עס איז דער ארחי־פרחי און ווער דער רוסישער קייסער. אויבן און אונטן זענען זיך תמיד גלייך.



# קאַפּיטל דריי און דרייסיק

ר׳ חייקל שמייסט אונטער די תלמידים אין חדר און די גלגלים
אויפן הימל.

די מעשיות וועגן ר׳ חייקל דעם חוקר האָבן מיר דערציילט פּאָדריבנע און מיט אַלע פּיטשעווקעס. זאָל דער לייענער אַליין זען, אַז מיט ר׳ חייקלען זענען נישט געשען קיין מעשה־נסים. נייערט על פּי דרך־הטבע האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה אויף פּרנסה סיידן צו ווערן אַ מלמד.

אויפן מלמדישן בענקל איז ר׳ חייקל געזעסן אין שפּאַנצער און הויזן און אין אַ לאַנגן ארבע־כנפות. אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ קאַנטשיק מיט אַ טייטל. דעם קאַנטשיק האָט ער געהאַלטן ווי אַן אבן־טוב.

עס האָט אויסגעקוקט, אַז אַ חוץ אונטן זיינע תלמידים ביי חומש מיט רש״י שמייסט ער אויך אונטער די אויבערשטע גלגלים, זיי זאָלן נישט באַלאַמוטשן און זיך דרייען.



## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

ר׳ יאָקל פירט הערשעלען אין חדר אַריין און פרומע־יאַכנע די נגידותטע איז זיך מיישב צום בעסערן.

זי מיר האָבן דערציילט אין אַ פריִערדיקן קאַפּיטל האָט ר׳ יאָקל בדחן געזען, אַז אין עצה ואין תבונה. — ער מוז הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַוועקגעבן צו ר׳ חייקלען אין חדר אַריין.

מיר ווייסן, אַז הערשעלע איז געווען אַ גרויסער בעל־שמחה. אין דער טבע פון שמחה ליגט אַ סך אמונה. דעריבער האָט הערשעלע נישט געוואָלט הערן דערפון צו גיין אין חדר אַריין צו אַ חוקר. ער האָט געשיט מיט הלצות און אָפּגעטון ר׳ יאָקלען כל־המיני שטיקלעך, אַבי זיך אַרויס־צודרייען פון אָסטראָפּאָליער פילוסוף.

ר׳ יאָקל איז געבליבן ביי דאָס זייניקע און געזאָגט צו הערשעלען:

— מעגסט מיר זיין דער גרעסטער ריידער און אָפילו קאָנען ריידן גאַנצע טעג צו דער וואַנט. דו מוזט גיין צום חוקר אין חדר. ער וועט דיך שוין לערנען פאַרשטאַנד!

שיינדעלע האָט אָנגעקוקט איר חתן און ביי זיך געטראַכט:

— איך וויל דאָך מיר מחנך זיין אַ מאַן אַ פּאָד־פּאַנטאָפל. זאָל ער שוין באַצייטנס ביי זיך זיין נידעריק און שפּל ווי אַ צעקוועטשטע קאַרטאָפל. זאָל ער ווייסן ווער עס גייט אין די פּלודערן און ווער עס איז דער טפל. זאָל ער זען, אַז ער איז נישט מער ווי אַ לעמעשקע אַן אמרפל. זאָל ער שוין באַצייטנס נייערט פּלאַטערן און ציטערן און קוקן אויף אַ ווייב ווי אויף אַ רעטעך אַ ביטערן.

האָט זי געמונטערט ר׳ יאָקלען און געזאָגט:

— ווען ר׳ יאָקל וועט הערשלען נאָר איינמאָל אַרונטערלאָזן די תחתו־נימלעך און אָפּשמייסן מיטן חקירהשן קאַנטשיק, וועט ער שוין ווייסן, דער

יונגאָטש, ווי אַ ייִד דאַרף זיך אויפפירן, אם ירצה השם, ווען מיר וועלן עס דערלעבן, נאָך דער חתונה.

— וואָסערע נייעסן? האָט זי געשריגן צו הערשעלען — מיר ווייסן, אַז אין ליטע און אין רייסן איז פאַראַן אַן אַלטער מנהג: שמייסן!

האָט ר׳ יאָקל געזען, אַז מיט גוטן וועט ער הערשעלע אָסטראָפּאָליער נישט ברענגען אין חדר אַריין צו ר׳ חייקל דעם חוקר — האָט ער סוף־כל־סוף אָנגענומען דעם שקאָץ פאַרן אויער און מעשה באַהעלפער אים גע־שלעפּט צום טייטל און צום קאַנטשיק.

פּונקט באותו רגע ווען ר׳ יאָקל האָט הערשעלען געשלעפּט איבערן מאַרק, איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען פרומע־יאַכנע די נגידותטע. אַקוראַט איז זי געגאַנגען פון דער ווייבער־שול און האָט געטראָגן איינגעוויקלט אין אַ פאַטשיילע איר גראָבן קרבן־מנחה־סידור מיט די זילבערנע טאָוולען. לעבן איר איז געגאַנגען ציפּע־שפּרינצע די גבאיטע. ציפּע־שפּרינצע איז געווען אַ הויכע ייִדענע דאַר און אויסגעטריקנט ווי אַ פאַראַיאָריקער לולב. זי האָט געטראָגן אַ קופּקע טיף איבער די אויערן און אַ טערקיש טוך איבער די פּלייצעס. אַ פּנים האָט זי געהאַט פול מיט ווערצעלעך. זי האָט געהאַט אַ טבע כסדר צו שפּייען אַרום זיך, כדי מענטשן זאָלן איר נישט געבן קיין עין־הרע.

פרומע־יאַכנע האָט געזען ווי ר׳ יאָקל בדחן פירט דעם עזות־פּנים פאַר די אויערן. האָט זי זיך אָנגערופן צו ציפּע־שפּרינצען דער גבאיטע:

— ווייסט איר וואָס, ציפּע־שפּרינצעשי? ר׳ יאָקל האָט פאָרט נאָך נישט פאַרגעסן דאָס גאַנצע בדחנות. אם ירצה השם, ווען איך וועל האַלטן ביי חתונה מאַכן מיין ביילע־גיטלען, וועל איך זיך נאָך מיישב זיין און נישט ברענגען ר׳ שמערעלע בדחן פון לעמעשקע. איך וועל זיך בעסער האַלטן ביים אַלטן און לאָזן ר׳ יאָקלען באַזינגען די כלה. אַן אַלטער בדחן איז געגליכן צום אַלטן יין־המשומר.

# קאַפּיטל פינף און דרייסיק

ר׳ חייקל דער חוקר לערנט מיט זיינע תלמידים די פּרשה „אשה כי תזריע״.

ר׳ חייקל דער חוקר האָט געהאַלטן אין מיטן סאַמע בעסטן קנעלן. ער איז געזעסן אין דער פאַרפעדערטער יאַרמלקע, אין שפּאַנצער און הויזן און אין לאַנגן ארבע־כנפות. דעם קאַנטשיק האָט ער געהאַלטן הויך אין דער האַנט און בנעימותדיק געלערנט מיט זיינע תלמידים.

ער האָט געלערנט די פּרשה „כי תזריע״. ר׳ חייקל האָט מיט זינג־זאַנג פאַרטייטשט דאָס חומש.

די יינגלעך האָבן זיך געשאָקלט איבער די אָפענע חומשים און מיט־געזונגען מיט ר׳ חייקלען.

— אשה אַ וואַ... האָט ר׳ חייקל געזונגען און געוואַרט, אַז זיינע תלמי־דים זאָלן אַליין טרעפן די אַנדערע העלפט פונעם טייטש־וואָרט.

— אשה, אַ וואַסער, האָבן אַלע יינגלעך געזונגען בפה אחד.

ר׳ חייקל האָט זיך געצופּט ביים ארבע־כנפות, געפאָכעט מיטן קאַנטשיק און געשריגן:

— פאַרשטאָפּטע קעפּ! כאַמולעס וואָס איר זענט! זאָגט גוייִם, נאָך אַ מאָל: אשה, אַ וואַ...

— אַ וואַזע, האָט אַ יינגל געפּרוּווט צו טרעפן.

ר׳ חייקל האָט זיך מיט איין האַנט געריסן פאַר דער יאַרמלקע און מיט דער אַנדערער געפאָכעט מיטן קאַנטשיק — ער האָט נאָך העכער געשריגן:

— חמור בן חמור!

דאָ האָט ר׳ חייקל געטון אַ קוק אויף פערעלען, וואָס איז געזעסן ביים

פריפּעטשיק און געשיילט קאַרטאָפל. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס יינגל וועט שוין איצט טרעפן וואָס ער מיינט.

דאָס יינגל האָט ווייטער געקוקט ר׳ חייקלען אין מויל אַריין ווי אַ האָן אין בני־אדם.

— עכברוש! — האָט ר׳ חייקל געשריגן — אשה איז אַזעלכעס וואָס איך האָב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר און דיין טאַטע האָט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, נאָר דו, לאָבוז, האָסט עס נישט. נו, זאָג זשע נאָך אַ מאָל: אשה אַ...

— אַ קילע, האָט דאָס יינגל געזאָגט אַ האָפּערדיקער און געמיינט, אַז ער האָט שוין געטראָפן דעם ריכטיקן טייטש.

ר׳ חייקלען האָט עס געהויבן פון בענקל און ער האָט זיך פאַרנומען איבערצוגעבן די גאַנצע ממשלה דעם קאַנטשיק — אשה אַ וואַאַב — האָט ער געוואַלדעוועט.

דאָ האָט זיך פּלוצעם געעפנט די טיר פון חדר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען ר׳ יאָקל דער בדחן און געהאַלטן הערשעלע אָסטראָפּאָליער פאַרן אויער.



# קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

אַ בדחן איז נישט קיין פּרנס־חודש און ער פּאַרשטייט טאַקע לשון־קודש.

ר׳ חייקל חוקר מיט זיינע תלמידים זענען געבליבן זיצן מיט אָפענע מיילער, ווען זיי האָבן געזען ר׳ יאָקל בדחן מיט דעם קליינעם הער־שעלע אַסטראָפּאָליער. מען האָט פּלוצעם אויפגעהערט צו לערנען די פּרשה „כי תזריע״.

ר׳ חייקל האָט זיך גלייך געמאַכט די יאַרמלקע אויפן קאָפּ און אַ זאָג געטון מיטן קאַנטשיק אין דער האַנט:

— אַ גאַסט ר׳ יאָקל. ברוך־הבא!

ער האָט געוויזן מיטן קאַנטשיק אויף הערשעלען און ווייטער גע־פרעגט:

— וואָס איז אים?

— עזים איז טייטש ציגן, — האָט ר׳ יאָקל געענטפערט — און זבובים איז טייטש פליגן. איך האָב אייך געברענגט, ר׳ חייקלשי, אַ גרויסן שייגעץ און דווקא נישט קיין היגן. ער שפּילט מיט מיר זומער און ווינטער נאָר אַלע מאָל אויף אַן אַנדערן ניגון. אוי באַדאַרף ער קריגן!

— וואָס טוט אים?... האָט ר׳ חייקל ווייטער געפּרוווט צו פרעגן.

ר׳ יאָקל האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן דאָס וואָרט.

— עתודים איז טייטש בעק — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט און אַ צי געטון מיט דער פּלייצע — ער האָט פאַר קיינעם נישט קיין פּחד און קיין שרעק. אויף ר׳ פינטען דעם גביר קוקט ער ווי אויף טאַבאַק אַ שמעק. גיט אים, זייט מוחל, טועם צו זיין פון אייער קאַנטשיק מיטן שעפּסענעם עק — וועל איך וויסן, אַז צו מיינע צרות וועט נעמען אַ סוף און אַ ברעג.

— איר קלאָגט זיך, ר׳ יאָקל? האָט ר׳ חייקל ווידער געפּרוווט צו פרעגן.

— קלאָגן? — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט מיט אַ געלעכטערל — עס קלאָגט די כלה בעת איך באַזינג זי צום באַדעקנס. עס שפּילט צו דאָס פידעלע און אין פּייקעלע פּויקן שטעקנס. איך בין אַ ייִד אַ פּראָסטער חי־וקים און טו זינגען און וויינען, ווייל איך קריג די פּאָר פּאַיעם. די ווייבער אָבער מיינען, אַז עס איז חורבן ירושלים.

— וואָס פעלט?... — האָט ר׳ חייקל ווייטער געפּרוווט טרעפן.

— פּרנסה! — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט מיט גרויס האָפערדיקייט — מיינט איר חוקר און ויזתא, אַז אַ בדחן איז עפּעס דאָרט אַ פּרנס־חודש, וואָס פאַרשטייט נישט דעם עברי־טייטש פון לשון־קודש?



# קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

די חוקרים ווילן עוקר זיין פון אָסטראָפּאָליע.

טייערער לייענער און טייערע לייענערין! עס וואָלט מיר אויסגעקומען איבערצושרייבן אַלע מעשה־ביכלעך אויף לשון־קודש און אויף מאַמע־לשון, ווען איך זאָל וועלן דערציילן, ווי ער איז דערגאַנגען הער־שעלע אָסטראָפּאָליער אין חדר ביי ר׳ חייקל דעם חוקר.

ייִדן אין אַלע תפוצות ישראל דערציילן אַ סך דערפון בעל־פּה. ייִדעס דערציילן עס זייערע אייניקלעך, און די אייניקלעך וועלן עס ווייטער דערציילן אם ירצה השם ביז משיח וועט קומען און מיר וועלן בשמחה רבה אויסגעלייזט ווערן פון גלות און אַוועקגיין קיין ירושלים.

ייִדן וועלן נישט אויפהערן זיך צו קוויקן ביי די מעשיות פון הער־שעלע אָסטראָפּאָליער.

עס איז שוין פון אים פאַרבייגעגאַנגען העכער אַ מאה שנים. די דורות וואָס זענען דעמאָלט געלעגן אין די וויגן זענען היינט אַלע אויפן עולם־האמת. הערשעלע אָסטראָפּאָליער ליגט האַרט ביים קבר פון חוזה דעם הייליקן רבי ר׳ ברוכל, צו וועמען אליהו־הנביא האָט געברענגט איי אַ זעקל דעם פריילעכסטן ייִד אין דער וועלט און אים געהייסן משמח זיין דעם צדיק־הדור.

דער צדיק און דער פריילעכער ייִד זענען געוועזן צוזאַמען דאָ אונטן און זענען ווייטער צוזאַמען דאָרט אויבן.

אָבער ווי זאָגן מיר אין „אקדמות״?

אַלע וואַסערן זאָלן זיין סופרישע גאָליש־טינט, אַלע ביימער אין די וועלדער זאָלן זיין נייערט גענדזענע פּעדערן, און איך, דער מחבר, זאָל זיך אַוועקזעצן אויף גאַנצע טעג און מער נישט טון נאָר סקריפּען מיט דער פּען, וועל איך אויך נישט קענען מסביר זיין על פּי דרך־הטבע

אַזאַ מין היכא־תמצא, היינו: ווי קען אַ ייִד אַ מאמין, וואָס איז כסדר מלא שמחה פון דעם „כי־טוב״, גיין אין חדר אַריין צו אַ ייִד אַ חוקר, וואָס די וועלט־קשיות האָבן אויף אים אַוועקגעלייגט גאַנצע וואָלקנס מיט עצבות?

נישט בלויז אַ בידנער פּראָפעסער, — אפילו דער גרעסטער לאַנד־שדכן וואָלט נישט באַוויזן צו מאַכן אַ שידוך צווישן דעם חוקר און דעם וויצלער.

ר׳ חייקל האָט זיך טאַקע פאַרלאָזט אויף זיין קאַנטשיק און אויף זיין חקירה, עס האָט אים אָבער געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. הערשעלע איז אים דערגאַנגען די יאָרן מיט זיין אייביקער שמחה, דאָס הייסט, מיט זיין אייביקער אמונה אין „כי־טוב״.

ייִדן האָבן זיך געהאַלטן ביי די בייכער ווען מען האָט אָנגעקוקט דעם תלמיד מיטן רבין.

דער צווייטער חוקר פון אָסטראָפּאָליע, ר׳ שמעיה חוש, האָט אַמאָל געזאָגט צו ר׳ חייקלען, און געזאָגט האָט ער אויפן פעלד פון אַסטראָפּאָ־ליער מרחץ:

— אָט דאָס ייִנגלטשינע, — האָט ר׳ שמעיה געזאָגט און געטון אַ זיפץ — מאַכט אַ תל פון דער וועלט, מחמת ער שטעלט אויס די חוקרים פאַר לאָקשנברעטער.

ס׳האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז אונדזערע ביידע חוקרים האָבן געטראַכט עוקר צו זיין פון אָסטראָפּאָליע, און נעמען די זעקלעך אויף די פּלייצעס און אַוועק אויף יענער זייט סמבטיון צו די רויטע ייִדעלעך.

**
*

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר דערציילן אַ מעשה גאָר אַ שיינע. היינו: אַ מעשה אַ ביסל אַ טרויעריקע און אַ ביסל פון מלאך־דומה. אין אָסטראָפּאָליע איז געווען אַ חתונה צווישן אַ יתום און אַ יתומה. משמח צו זיין חתן־כלה איז געגאַנגען ר׳ יאָקל מיט זיין בדחנות און די קלעז־מאָרים מיט זייערע פידעלעך.

שיינדעלע איז געבליבן אַליין. איז זי געזעסן ביים פּריפּעטשיק און זיך געזונגען לידעלעך. איז געקומען צו גיין אליהו־הנביא פאַרשטעלט פאַר אַן אָרעמאַן און האָט אין אַ זעקל געברענגט פאַר הערשעלען אַ נדן.

# קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

אין די שטעטלעך אַרום אַסטראָפּאָליע קרייעט דער שוואַרצער האָן.

צווישן חודש אב און חודש אלול — גויִים האָבן אָקערשט געהאַט אַראָפּגענומען פון די ביימער די שפּעטע זומער־עפּל. ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו בלאָזן שופר. אין עטלעכע שטעטלעך נישט ווייט פון אַסטראָפּאָליע האָבן זיך געמאַכט שלאַפּקייטן. מען איז קראַנק געוואָרן אויף די בייכער און גענומען שטאַרבן. חברה־קדישא איז באַצייטנס אַרומגעגאַנגען שכור און נישט געוואַרט אויף שמחת־תורה. זיי זענען געוואָרן די מיוחסים מחמת — בלע המות לנצח — עס איז זייער צייט. די שווייגנדיקסטע ייִדן אין די שטעטלעך, די קברנים, זענען גאַנצע טעג געשטאַנען מיט די שופלעס אויף די בית־עלמינס, געגראָבן קברים און זיך אויך נישט געזשאַלעוועט דעם ביטערן טראָפּן.

אין אַזאַ צייט איז קיינער נישט זיכער מיטן מאָרגן און קיינער ווייסט נישט ביי וועמען עס וועט אַ קריי־טון דער שוואַרצער האָן. קיינער ווייסט נישט ביי וועמען מען וועט אָנצינדן ליכט און אַרייַנרופן אַ מנין ייִדן.

שטעטל דערמאָנט זיך דעמאָלט אין אירע יתומות, יתומים און וויס־טע קאַליקעס. מען מאַכט זיי בכבוד גדול און מיט גרויס פּאַראַד, חתונה אויפן גוטן־אָרט. מען שטעלט חופּות צווישן די קברים און מען צינדט אָן הבדלות צווישן די מצבות. מען טרינקט דאָרט בראָנפן און מען עסט לעקעך. אַוווּ עס איז אייביק שטיל, שפּילן קלעזמאָרים, און בדחנים באַ־זינגען חתן־כלה. אין בגדי־שבת ויום־טוב טאַנצט מען חתן־כלה אַקעגן מיט אַ קוילעטש.

מען ווינטשעוועט זיך און מען שרייט מזל־טוב הינטער די פּלייצעס פון מלאך־המות, — צווישן די טויטע אונטער די מצבות און אונטער די בית־עולם ביימער, וואָס רוישן ווי זיי וואָלטן געזאָגט „מעבר־יבוק״.

זאָלן די ייִדן, וואָס זענען געשטאָרבן, לויפן און בעטן פאַר די ייִדן וואָס לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

און דער קברן שטייט מיט דער לאָפּעטע און גראָבט, און נעמט אַלע מאָל דעם ביטערן טראָפּן, כדי זיך מחזק צו זיין דאָס האַרץ.

## קאַפּיטל נײַן און דרײַסיק

אַסטראַפּאַליע וויל דעם מלאך־המות אַפּטון אויף טערקיש׳ אַיִן גייט חתונה מאַכן צוויי קאַליקעס. — ציפּע־שפּרינצע פּליט אַרײַן שטעטל אַרײַן.

איז דאָך עפּעס אַסטראַפּאַליע אַ קלוג שטעטל און איז באַרימט אין אַלע תפוצות ישראל מיט אירע חוקרים, האָט זי גענומען און זיך מיישב געווען לאמור, אַזוי צו זאָגן:

— וואָס וועלן מיר פּאַרצײַען אין דער לאַנגער באַנק? וואָס טויג אונדז צו וואַרטן ביז אַסטראַפּאַליער הינט וועלן בײַנאַכט בילן אַקעגן דער לבנה, מחמת זיי וועלן די ערשטע דערזען ווי דער מלאך־המות פּאַרט אין שטעטל אַרײַן אויף אַ שאַרפער בריטשקע? וועלן מיר זיך טאַקע קליגן און דעם, מיט די טויזנט אויגן, אַפּטון אויף טערקיש, אַז ער זאָל עס האָבן צו געדענקען!

מען האָט געמאַכט אַזאַ קהלישן חשבון:

— מיר האָבן אין אַסטראַפּאַליע אַ שטומע יתומה פּראַדל מיטן נאָמען. די מויד מעג שוין הערן שפּילן פון כמה וכמה שנים. ווער וועט זיך אויף איר מרחם זײַן און מיט איר גיין אונטער דער חופּה? דערווײַל טראָגט זי פּאָמעניצעס און ווײַבער גיבן איר אויסצולעקן די טעלער. דאָס איז נומער איינס. נומער צוויי, — האָבן מיר צאַלעקן דעם יתום. ער איז דאָך אויך נישקשה פון אַ וויסטער קאַליקע. ער פּאַרמאָגט זײַן אייגנס צוויי גרויסע שפּיציקע הויקערס. איינעם פון פאָרנט און איינעם פון הינטן. איז אים דאָס ווײניק — האָט ער נאָך דערצו אַ בעלמע אויף אַן אויג. אויפן צווייטן אויג איז ער אויך נישט קיין גרויסער זעער, סײַדן ווען מען ווײַזט אים די שיסל. שלאָפן שלאָפט צאַלעק אין דרויסן צוזאַמען מיטן שטאָט־באָק. ער איז נאַקעט און באָרוועס ווי אַ שמחה פּלאַכטע. אין שטעטל איז ער אי שטאָט־נאַר און אי וואַסער־

טרעגער. וועלן מיר נעמען אָט די צוויי אבנים־טובות און זיי חתונה מאַכן, ווען מיר וועלן עס דערלעבן, אויפֿן בית־הקברות. ווען דער בלע־המות־לנצח וועט זיך וועלן אַ נעם טון צו אָסטראָפּאָליע, וועט ער אַ קוק טון מיט זיינע טויזנט אויגן און זען, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעמען. אָסטראָפּאָליע האַלט שוין מיט אירע קאַליקעס העט ווייט נאָך דער חופּה און נאָך דער גילדענער יויך. אדרבה, זאָל ער זען, דער זומערדיקער מלאך־המות, וואָס מיר, אָסטראָפּאָליער ייִדן, קענען און ווי מיר האָבן אים אויסגעשטעלט פּאַר אַ לעקיש.

וועט דאָך דער לייענער מיינען, אַז אָט די קלוגע עצה קומט פֿון די קעפּ פֿון די אָסטראָפּאָליער חוקרים? ניין! גראָד ציפּע־שפּרינצע די גבאיטע האָט זיך דערטראַכט צו דעם גליקלעכן געדאַנק, וואָס אָסטראָפּאָליע האָט פּאַרצוקערט.

והמעשה שהיה כך היה.

די גבאיטע ציפּע־שפּרינצע איז געווען אויפֿן בית־החיים. זי האָט דאָרט געמאָסטן קברים פּאַר אַ אָסטראָפּאָליער יולדת, וואָס איז נעבעך שווער געגאַנגען צום קינד. מען האָט געמיינט, אַז עס עקט זיך. דער נייער ייִד האָט נישט געוואָלט אַרויסגיין און אַ קוק טון אויף אָסטראָפּאָליע. די ייִדענע ליגט אין ווייען שוין דעם דריטן טאָג און אירע קולות גייען עד לב־השמים.

אין אַזעלכע ביטערע שעהן פּלעגט פּלוצים אַריינקומען אין שטוב די הויכע, דאַרע גבאיטע ציפּע־שפּרינצע. די טיפּע קופּקע איז איר מיט גרויס רוגזה געלעגן איבער די אויערן און דאָס טערקישע טוך האָט גע־ציטערט אויף אירע פּלייצעס. די שטוב איז פֿול געווען מיט וויינענדיקע און אָכצנדיקע ווייבער.

האָט ציפּע־שפּרינצע קודם־כל נאָכגעקוקט צי עס זענען אויסגע־האָנגען געבונג „שיר־המעלותן״. זי האָט זיך טיף אַרונטערגעבויגן אונטערן בעט פֿון דער יולדת און געזוכט אַ שוואַרצע קאַץ. עס איז דאָך ידוע, אַז ווען אַ ייִדישע טאָכטער ליגט אין דער קימפּעט, פֿאַרשטעלט זיך די ימח־שמוניצע לילית פּאַר אַ שוואַרצער קאַץ, קריכט אַרונטער אונטערן בעט און דערלאָזט נישט קיין לייכט „האָבן״.

שפּעטער האָט ציפּע־שפּרינצע אויסגעשפּיגן אויף אַלע זייטן און געזאָגט מיט אַ טרוקן קוויטשנדיק קול פֿון אַ מאַנסביילישן סריס:

— אָט גיי איך אויף דעם הייליקן פֿעלד און מעסט אויס אַ פּאָר

קברים! ס'איז בדוק־ומנוסה. עס מוז העלפן.

האָט ציפּע־שפּרינצע געמאָסטן די קברים אויפן פּוסטן אָסטראָפּאָ־ליער בית־החיים און דערביי געזאָגט די געהעריקע תחינות. קיינער איז דאָרט נישט געווען סיידן די מתים אונטער די מצבות. עטלעכעביימער האָבן געראַשט מיט זייערע בלעטער. קראָען האָבן געקראַקעט אין די אומעטיקע איינזאַמע הויכענישן איבערן הייליקן פעלד.

אין די שטילקייטן צווישן די נאַקעטע מצבות וואָס זענען געווען באַקריצט מיט גרויסע לשון־קודשדיקע אותיות, ווי זיי וואָלטן געווען שער־בלעטער פון שטיינערנע אויפגעמישטע גמרות, האָט זיך ציפּע־שפּרינצע דערמאָנט וואָס עס טוט זיך איצט אין די שטעטלעך אַרום אָסטראָפּאָליע. דאָרטן זענען די בית־החיימס פול מיט געוויין און יללה. די שערי־רחמים אין הימל זענען דאָרט פאַרמאַכט און ייִדן שטאַרבן ווי די פליגן.

עס זענען איר באַלד, דער גבאיטע, געקומען אויפן זינען די אַלטע מויד, די שטומע פראַדל, ווי אויך דער אָפּגעריסענער און אָפּגעשלי־סענער צאַלעק, דער וואַסערטרעגער מיט די צוויי שפּיציקע הויקערס פון פאָרנט און פון הינטן. דער שוואַרצער מלאך, ווען ער וועט זיך אָפּ־פאַרטיקן מיט יענע שטעטלעך, וועט מן־הסתם אויך נישט פאַרגעסן אָסטראָפּאָליע. נישטאָ קיין בני־יחידים ביים מלאך־המות!

ציפּע־שפּרינצע האָט אַ שטאַרקן טרייסל געטון מיט דער טיפער קופּקע אויפן קאָפּ און געזאָגט צו זיך אַליין:

— אויב אָסטראָפּאָליע איז קלוג, שטעלט זי שוין מאָרגן אַ חופּה אויפן הייליקן פעלד און מאַכט חתונה די שטומע מיטן הויקער. איידער וואָס, איידער ווען, וועלן מיר אים, דעם מיט די טויזנט אויגן, ווייזן די גרויסע פייג.

די גבאיטע ציפּע־שפּרינצע האָט נישט לאַנג געבראַיעט און מיט גרויסע מאַנסבילישע שריט געשפּאַנט צוריק אין שטעטל אַריין. די טיפע קופּקע האָט זיך איר אַראָפּגערוקט אַזש ביז צו די אויגן. די שפּיצן פון איר טערקיש טוך האָבן געפלאַטערט אין ווינט און עס האָט אויסגעקוקט ווי די הויכע דאַרע גבאיטע ציפּע־שפּרינצע הויבט זיך אויף פון צווישן די קברים און פליט אַוועק קיין אָסטראָפּאָליע.

זי האָט ווי פאַרגעסן די יולדת, וואָס ליגט שוין דעם דריטן טאָג אין ווייען, און איז באַלד געגאַנגען צו דער נגידותטע פרומע־יאַכנע.

# קאַפּיטל פערציק

פרומע־יאַכנע און ציפּע־שפּרינצע ווערן צווײ מחותנתטעס.

מיר ווייסן, אַז אין די טעג ווען דער מלאך־המות וואַשט זיין שווערד אין די וואַסער־ברונעמער און עס שמעקט מיט „מעבר־יבוק", הייבט אויף נגידים אָן צו ציטערן די הויט. סוף כל סוף דערמאָנען זיי זיך, אַז אַ מענטש לעבט נישט אייביק און קיינער ווייסט נישט ווען מען וועט מאָרגן אַוועקלייגן אויפן טהרה־ברעט. די רענדלעך מיט די נחלאות וועט מען איבערלאָזן אין פרעמדע הענט און זיך לאָזן אַוועקטראָגן צו די בית־עולם־ביימער.

דליתים און פענטאַקעס האָבן אויך נישט ליב צו הערן ווען עס קלאַפּט די פּושקע פון צדקה תציל ממות. פונדעסטוועגן, האָט אַ נגיד מער צו פאַרלירן אויפן עולם־הזה ווי אַן אָרעמאַן. אַן אָרעמאַן האָט כאָטש פאַרן טויט איין זאָרג ווייניקער. ער דאַרף נישט צו זאָרגן ווי אַזוי איינצוטיילן די ירושה.

ציפּע־שפּרינצע איז מיט גרויס רעש אַריינגעקומען צו פרומע־יאַכנען און איר אָנגעזאָגט, וואָס אָסטראָפּאָליע דאַרף טון איידער עס ווערט שפּעט. אָט־אָט רוקט זיך עס צו, כ'מיין, דאָס וואָס מען טאָר נישט ברענגען פאַרן מויל. אין לעמעשקע, דעם שטעטעלע לעבן אָסטראָפּאָליע, האָט זיך עס שוין אָנגעהויבן.

פרומע־יאַכנע איז שטאַרק בלאַס געוואָרן און אויסגעשפּיגן דריי מאָל צוזאַמען מיט ציפּע־שפּרינצען. גראָד איז זי געזעסן איבער איר גראָבן קרבן־מנחה־סידור מיט די זילבערנע טאָוולען. זי האָט געזאָגט די תחינות און מעמדות, וואָס אַ יידענע דאַרף זאָגן אין אַזאַ פינצטערן זומער.

— ציפּע־שפּרינצעשי — האָט פרומע־יאַכנע געזאָגט און אָנגעקוקט

די גבאיטע דורך די שפּאַקולן — ר׳ חייקל און ר׳ שמעיה חוש האָבן דאָך עפּעס קעפּ. נאָר צו אַ קאָפּ פון אַ גבאיטע קומט עס נישט.

— קודם־כל עסט אויף אַ טעלערל אתרוג־איינגעמאַכטס — האָט פרומע־יאַכנע ווייטער געזאָגט — און נעמט שוין די פאַטשיילע און גייט איבער די הייזער. איך וועל מיך מטריח זיין און אַרויף אויפן בוידעם צו מיינע אַלטוואַרגן. אויב די מייז האָבן דאָרט אַלץ נישט צופרעסן, וועל איך אויסקלייבן אַן אויסשטייער פאַר חתן־כלה.

אומר ועושה. אַסטראַפּאַליע איז געגאַנגען אויף רעדלעך צוליב דער קלוגער עצה פון ציפּע־שפּרינצע דער גבאיטע.

פראַדל, די שטומע מויד, ווען זי האָט דערהערט אַז מען גייט זי פירן אונטער די פיר שטאַנגען מיטן הויקער, האָט זי פון גרויס שמחה אָנגעהויבן צו ריטשן ווי אַ קו פאַר דער מעלק. זי איז צוגעלאָפן צו צאַ־לעקן דעם וואַסערטרעגער און האָט אים שוין געוואָלט אָוועקשלעפּן אונ־טער דער חופּה. צאַלעק האָט געגעבן אַ שאָקל מיט ביידע הויקערס. ער האָט נישט געוווּסט וואָס די שטומע מויד וויל פון אים. ער האָט אויפ־געהויבן צו איר זיינע שאָנדעס און איר געוואָלט פּלעטן דעם קאָפּ. די מויד האָט זיך נאָך שטאַרקער צעריטשעט און אַלעמען געוויזן מיט ביידע הענט אויף צאַלקען.

נאָר ווער האָט געקוקט אויף חתן־כלה?

אינצווישן איז ציפּע־שפּרינצע אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער. וואָס מען האָט איר געוואָרפן אין דער פאַטשיילע אַריין, האָט זי אַהיימגעבערענגט צו פרומע־יאַכנען. די ווייבער האָבן איבערגעציילט יעדן גראָשן. יעדן גראָשן האָבן זיי דריי מאָל באַשפּיגן פאַר אַן עין־הרע.

דער מלאך־המות האָט זיך גאָרנישט געריכט וואָסער שטיקל אַסטראָ־פּאַליע טוט אים אָפּ.

— מילא, — האָט ער צו זיך געזאָגט — ראשית כל דבר וועל איך מיך אָפּפּאַרטיקן מיט אַנדערע שטעטלעך. עך, האָב צאַאַט — האָט ער געזאָגט צו זיך אויף קירהש לשון און אַ פינטל געטון מיט אַלע זיינע טויזנט אויגן — אַסטראַפּאַליע איז נישט קיין ציג און זי וועט מיר נישט אַנטלויפן.

## קאַפּיטל איין און פערציק

אין אַלע שטעטלעך גייען לויות און אין אָסטראָפּאָליע איז חופּה־טאָג.

אין חופּה־טאָג פון די צוויי יתומים האָט מען געמיינט: נישט קיין אַנדערע סיידן ר' פּינטע דער גביר און זיין פרומע־יאַכנע מאַכן חתונה זייער ביילע־גיטלען.

שוין כּאַאור האָט אָסטראָפּאָליע זיך אויסגעפּוצט אין מילך און אין האָניק. ווייבער האָבן זיך אָנגעטון בגדי־שבת ויום־טוב און מאַנסבילן — זייערע סאַמעטענע קאַשקעטן און די שבתדיקע קאַפּאָטעס.

ציפּע־שפּרינצען די גבאיטע איז נישט געווען צו דערקענען. איז זי דאָך געווען די אמתע מחותנתטע! די קופּקע האָט זיך איר פון גרויס צעיאַכמערטקייט אַוועקגערוקט אויף אַ זייט און איר פאַרשטעלט דאָס רעכטע אויער. מחמת שמחה האָט די גבאיטע נישט געהערט וואָס מען רעדט צו איר. מען האָט געמוזט צו איר שרייען ווי צו אַ טויבער. די שפּיצן פון דעם טערקישן טוך האָבן איר געפלאַטערט איבער די פּלייצעס. ס'האָט אויסגעקוקט, אַז די אָסטראָפּאָליער גבאיטע פליט ווי אַ גרויסע רויטע הון איבערן שטעטל.

פרומע־יאַכנע איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרטון אין באַקן און אין קאָכן לכבוד דער חתונה. זי האָט זיך געווינטשעוועט מיט אַלע ווייבער. אסור, אויב ביי איר ביילע־גיטלען וואָלט זי זיך מער געפּאָרעט.

זי האָט זיך כּסדר שואל־עצה געווען מיט ציפּע־שפּרינצען און איר, דער גבאיטע, אַלע ווילע אַריינגעשטעקט אין מויל אַ לעפל מיט יויך.

ציפּע־שפּרינצע האָט זיך באַלעקט און באַלד געשפּיגן אַרום זיך, אַז מען זאָל איר חלילה נישט געבן קיין עין־הרע.

די איינציקע אין אָסטראָפּאָליע, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי פרעמדע

אויף דער חתונה, זענען געווען חתן־כלה. די שטומע מויד פראַדל, נאָכדעם ווי צאַלעק האָט צו איר אויפגעהויבן די שאַנדעס און איר געוואָלט געבן איבערן קאָפּ, איז געוואָרן אינגאַנצן פריטשמעליעט. ווי נאָר זי האָט גע־זען פון דער ווייטנס דעם חתן, האָט זי אָנגעהויבן צו אַנטלויפן ווו דער פּעפער וואַקסט. צאַלעק האָט ווייטער געטראָגן וואַסער. אַ גאַנצן חופּה־טאָג איז ער געלעגן אונטער אַ בוים אויפן מקווה־פעלד און געשלאָפן. לעבן אים איז געלעגן דער שטאָט־באָק, געציטערט מיטן בערדל און געמעלה־גרהט.

אָסטראָפּאָליע האָט געהאַט עפּעס בעסערס צו טון ווי זיך אומצוקוקן אויף חתן־כלה. איטלעכער האָט געוואָלט זיין אַ מחותן. ציפּע־שפּרינצע האָט נישט אַרויסגעלאָזט די פּאַטשיילע פון דער האַנט. ייִדן האָבן דאָרט אַריינגעשיט יעדער לויט זיין יכולת־נאָך. מען האָט געוווּסט, אַז אויף אַזאַ אופן וועט מען זיך אויסקויפן פון ביטערן גזר־דין, וואָס אָט־אָט שפּאַרט ער אָן קיין אָסטראָפּאָליע.

דער קברן אויפן בית־הקברות האָט אַוועקגעלייגט די לאָפּעטע. ער האָט גענומען אַ גרויסן בעזים אין דער האַנט אַריין און אויסגעקערט דאָס הקדש, מחמת דאָרט האָט געזאָלט זיין די חתונה־סעודה.

שוין אינדערפרי, כלחוך, האָט ר׳ גדליה דער שול־שמש אַרויפגע־ברענגט אויפן בית־עולם די חופּה־שטאַנגען מיט דער חופּה. ער האָט זיי אַוועקגעשטעלט הינטער אַ מצבה.

אַרום און אַרום אין די שטעטלעך זענען געגאַנגען שוואַרצע לויות, אָבער גאַנץ אָסטראָפּאָליע האָט אויסגעקוקט ווי אַ יום־החתונה. עס איז געווען שמחה וששון הגם מען האָט אינגאַנצן פאַרגעסן סיי אין דער כלה און סיי אין דעם חתן. — ביי פרומע־יאַכנעס אין די טעפּ האָט זיך געקאָכט דער לויתן. און ציפּע־שפּרינצע האָט געהאַט די ממשלה איבער אַלע מאָסן.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן קלעזמאָרים און בדחן זינגען און שפּילן אויף די קברים. עס וועלן דאָרט זיין רייך און אָרעם. אינדערהיים ביים פּריפּעטשיק דעם שטילן וועט זיצן שיינדעלע און זיך צעגיסן אין גע־

פּילן. זי וועט זינגען לידלעך גאָר זיסע און שיינע און טראַכטן וועגן הערשעלען איר מורי־מורינו. ביי דער טיר וועט טון אַ קלאַפּ ווי עמיץ וואָלט געקומען וועקן. אויף דער שוועל וועט שטיין אליהו־הנביא ווי אַן אָרעמאַן מיט אַ שטעקן.

עס וועט זיין עפּעס צו לייענען און עס וועט זיין עפּעס צו הערן. דער פּראָפעסער זעט שוין ווי זיינע לייענערינס נעמען די פאַרטעכער און ווישן זיך די טרערן.



# קאַפּיטל צוויי און פערציק

ווידער אַ התנצלות המחבר.

ווען דער פּאַראַפּאַסער של החיבור הזה איז אַ זקן ורגיל צו באַשרייבן חתונות, וואָלט ער איצט באַדאַרפט צו פאַרקאַטשן די אַרבל און ווייזן וואָס ער יכולט. טאַטעלע מיינער! אַ חתונה אויפן אַסטראָפּאָליער בית־הקברות! מען קאָן זיך דאָך צונעמען די הענט און לאָזן האַצקען טיש מיט בענק און ווייזן דער וועלט ווער עס איז עלטער.

טוט ער עס אָבער נישט דער פּאַראַפּאַסער.

פאַר וואָס?

וועל איך ווידער אַוועקשטעלן אַ ווערדליק.

ווערדליק דער מחבר טוט נישט מער אין זיינע חיבורים נאָר טאָג און נאַכט באַשרייבט ער ליבענישן און חתונות, מעג דער לייענער מיינען, אַז אָט דאָס פּאַראַפּאַסערל איז נאָך גאָר אַ זיידן יונגערמאַנטשיקל, דער קאָפּ ליגט אים נאָר אין בלימעלעך און אין פייגעלעך און דערצו איז ער אויסגעזאָרגט מיט פּרנסה. אפשר גאָר — וועט דער לייענער טראַכטן — וויל איך, דער מחבר, אַמאָל אַ טאַנץ טון דאָס מצווה־טענצל? וואָס איז זיין נשמה אַ פּעטרישקע? אפשר גיט ער, דער ממזר, אַ קאַפּוליער אַנצו־הערעניש די שדכנים, אַז זיי זאָלן זיך נישט פוילן, נעמען די שירעמס אין די הענט אַריין און פאַר אים אויסזוכן אין די מרחקים דאָס ריכטיקע און דאָס געדיכטע?

וואָס זאָל איך מיך לאַנג שפּילן אין בלינדע קו און אָפּנאַרן אַ וועלט מיט ייִדן? מיר לעבן היינט אין אַ וועלט וואָס איז כולו אמת ויציב און איך וויל נישט אַז דער לייענער, — און איבערהויפּט די לייענערין, — זאָלן מיינען אַז זיי האָבן פאַר זיך אַ צוציקל און שפּיל־פייגעלע.

ניין! דער מחבר איז אַ ייִד וואָס איז שוין, קיין עין־הרע, היפּשלעך

אין די ששים. די געבליטן זענען אים שוין אָפּגעקילט. יצרו פסק ממנו. ער האָט אַ קאָפּ מיט גראָע האָר און אַ גראָע באָרד. מיט געזונט איז ער אויך נישט איי־איי. הכלל, ער האָט אַלע סימנים, אַז אויבן מישט מען שוין אויף זיין ספר־הזכרונות און מען וועט באַלד אַ קלאַפּ טון ביי זיין טיר. ענדלעך, ענדלעך — הגם דאָס טרעפט זיך זעלטן ביי אַ פּאַרפּאָסער — איז ער פּאָרט געקומען צום שכל, אַז די יאָרעלעך לויפן ווי די וואַסערלעך אויפן פעלד און אַז אַ מענטש לעבט נישט אייביק. עס וועט שוין מער נישט לאַנג געדויערן, און ער, דער מחבר, וועט אויך מוזן אָפּזאָגן זיינע פּאָר גילדן און אַוועק אַהין ווו עס רוישן די בית־עולם־ביימער. עס איז די העכסטע צייט צו מאַכן אַ חשבון און נישט קומען צום בית־דין של מעלה ווי אַ פּענטאַק און ווי אַן ארחי־פרחי. ווען נישט די ביטערע פּרנסה — האָט נישט איין מאָל דער מחבר ביי זיך געטראַכט — וואָלט איך גאָר אויפהערן זיך נאַריש מאַכן מיט דער פּען און וואָלט זיך בעסער אַוועקגעזעצט ערגעץ הינטער אַן אויוון און געזאָגט תהילים און מעמדות. דאָס איז נומער איינס.

נומער צוויי דאַרף יעדער לייענער וויסן: ווען אַ מחבר נעמט די פּען אין דער האַנט אַריין און זעצט זיך אַוועק שרייבן אַ חיבור, נעמט באַלד דער יצר־הרע אויך אַ פּען און זעצט זיך אַוועק אים ביי דער זייט. כלומרשט וויל ער, דער בעל־דבר, דעם מחבר העלפן אין דער מלאכת־הקודש. קיין בעסער אָרט ווו אָנצורעדן אַ מענטש צו אַלדאָס בייז, צו קנאה, שנאה, תאווה און כבוד, האָט זיך דער יצר־הרע גאָר נישט געקענט ווינטשעווען. אַלע גיהנום־לאַפּיטוטן האַלטן זיך ביי די זייטן פון לאַכן, וואָרום אַ מחבר בעתן שרייבן דאָס איז אַ וואַרער חוזק. כלומרשט שרייבט ער וועגן תוך־זאַכן, — אָבער אין אמתן טוט דער מחבר נישט מער נאָר האַלט אָפּן די אויערן פאַר אַלע יצר־הרעשע ריידעלעך און ער וויל נעבעך כבוד. וואָס מער כבוד. און ער וויל האָבן זיין שכר שוין אויף דער וועלט.

אַ מחבר איז נעבעך אין די הענט פון בעל־דבר כחומר ביד היוצר און ווי אַ שטיק טייג אין די הענט פונעם בעקער. עס קומט דאָ אַרויס אַ פלאָדן — אַז אָך און וויי איז צו מיינע יאָר.

אין מיין סיפּור־המעשה האַלט איך גראָד ביי דעם ווי גאַנץ אָסטראָפּאָליע מיט פרומע־יאַכנעס בראש זענען שוין אויפן בית־הקברות. די שטומע כלה, די מויד פראַדל, זיצט בכל יפיה אין איר גאַנצער פּראַכט,

אויף אַ כלה־שטול הינטער אַ מצבה. ר׳ גימפּל מיט דער קאַפּעליע שטייען גרייט אויפצושפּילן. ר׳ יאָקל הויבט אָן דאָס מאָראַלישע באַזינגעניש צו כלה־באַדעקנס. ווייבער שטייען מיט די פאַרטעכער פאַר די אויגן און אָט־אָט האַלטן זיי ביים אַרויספּלאַצן מיטן גרויסן געוויין.

דער יצר־הרע, וואָס איז געזעסן לעבן מיר מיט זיין פּען, האָט זיך אַזש באַלעקט פון הנאה. ער האָט צו מיר, דעם פאַרפאַסער, אַ זאָג געטון:

— זעץ זיך אַרויף, מחבר לעבן, אויפן פערדל און ווייז דער וועלט וואָס דו יכולסט!

כאָטש איין מאָל אין מיין לעבן האָב איך געוואָלט זיין אַ כובש ביצרו און האָב געזאָגט:

סטאָפּ! לא מיט אַן אלף! שיינדעלע זיצט אַליין אין דער היים ביים פּריפּעטשיק. וועל איך בעסער גיין מיט מיין פּען און טרייסטן אַ פאַר־איינזאַמט האַרץ פון אַ כלה־מיידל.

ביי די ווערטער איז דער יצר־הרע שיעור נישט אויפגעשפּרונגען. זיינע אויגאַנים האָבן געשפּריצט מיט פייער.

— ווייז, לעקיש, וואָס דו יכולסט — האָט ער געעפּנט אַ פּיסק און זיך געריסן פאַר דער רויטער, יצר־הרע־באָרד — ביסט משוגע צי מטורף, שונאי־ציון? זאָלסט מיר שוין נעמען און מאַכן דאָס שרייבערישע געבראָטנס! מען וועט דאָך דיך, טיפּש, אַרומטראָגן אויף די הענט איבער אַלע גאַזעטן און אַנדערע קרויט־בלעטלעך.

— לא מיט אַ ספּאָדיק! — האָב איך געזאָגט, — כ׳האָב דיר געגוג, פּאַניע יצר־הרע, אין מיין גאַנץ לעבן נאָכגעגעבן דעם געשמדטן האַלדז. ענדלעך מוז איך מיט מיר אַליין אויך מאַכן אַ שטיקל חשבון. ווי קאָן מען זיין אַ בעל־חשבון ווען מען ווייזט נישט אַמאָל דעם יצר־הרע אַ פייג?



## קאַפּיטל דריי און פערציק

שיינדעלע זיצט ביים פּריפּעטשיק און זינגט לידעלעך.

מיר האָבן דערציילט, אַז אָסטראָפּאָליע צוזאַמען מיט ר׳ גימפּלען, זיין קאַפּעליע און ר׳ יאָקל דעם בדחן זענען געווען אויפן בית־עולם און דאָרט האָט זיך געטון מיט דער קהלישער חתונה. הערשעלע איז געווען ביי ר׳ חייקל דעם חוקר אין חדר און געלערנט חומש מיט רש״י. שיינדעלע איז געזעסן אין דער היים ביים פּריפּעטשיק.

זי איז געווען פאַרזונקען אין מחשבות.

פון וואָס טראַכט אַ כלה־מיידל אין אירע מחשבות ווען זי זיצט איינע אַליין ביים פּריפּעטשיק?

אַלע כלה־מיידלעך טראַכטן דעמאָלט וועגן חתן. שיינדעלע האָט גע־טראַכט דאָס זעלביקע ווי אַלע כלה־מיידלעך.

איר איז אָבער געווען טרויעריק און אומעטיק איינע אַליין ביים פּריפּעטשיק. זי איז געזעסן און געקוקט אין דער שטילקייט אַריין. אויף די שויבן האָבן געזומט די אלול־פליגן. די אַלטע געלע קאַץ „המן־הרשע״, איז איר געלעגן צופוסנס און געשלאָפן.

איבערן דיל זענען אַרומגעלאָפן די כעלעמער מייז, וואָס האָבן פאַר־בלאָנדזשעט צום אָסטראָפּאָליער בדחן.

שיינדעלע האָט פאַרגעסן אַלע שאַרפע גראַמען, — עס איז איר געווען מאָדנע זיס און מאָדנע באַנג. דאָס מיידלשע האַרץ האָט זיך געעפנט. גאָר שטיל און בנעימותדיק האָט שיינדלע אָנגעהויבן צו זינגען אַ לידעלע.

אַזוי ווי אַלע מאַנסבילן זענען געווען אין דרויסן אויפן גוטן־אָרט, האָט שיינדעלע אויף איר מיידליש קולעכל געטון אויסזינגען די היימיש־לעכע געפילן פון איר נשמה:

י. י. טרונק

איך שפּיל און איך שפּיל אויף דער גיטאַרע,
איך שפּיל אויף איר זייער שיין.
מיין ביטער האַרץ, איי, קיינער קאָן נישט פילן
נאָר איך און מיין ליבסטער אַליין.

אין ר' יאָקל בדחנס באַק־אויוון האָט אָנגעהויבן צו גרילצן די גריל. די אַלטע געלע קאַץ האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און אָנגעקוקט שיינ־דעלען.

שיינדעלעס קול איז געוואָרן וואָס אַמאָל אומעטיקער. נאָכדעם ווי זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און באַטראַכט די זומערדיקע אלול־פליגן אויף די פענצטער־שויבן, האָט זי ווייטער געזונגען:

ווער עס זאָגט אַז ליבע איז אַ גליק, אוי ווי איז מיר!
אַ ליבע איז אַן אומגליק אויף דער וועלט.
אַ ליבע איז אַ וואָרע טשאַכאָטקע.
פון אַ ליבע גייען יונגע קינדערלעך פון דער וועלט.

אין דרויסן אויפן עפּל־בוים, וואָס איז געוואָקסן נישט ווייט פון ר' יאָקלס פענצטער האָט אָנגעהויבן צו טרילערן אַ פויגל.

שיינדעלע האָט אויפגעהאָרכט דעם פייגעלעס געזאַנג, ווי עס וואָלט געווען אַן ענטפער אויף די בענקענישן פון איר האַרץ.

די געלע קאַץ האָט נאָך העכער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. זי האָט אָנ־געקוקט דאָס כלה־מיידל.

שיינדעלע האָט באַקומען פייכטע אויגן, זי האָט געפילט ווי אירע געבליטן וואָרן וואַרעם און זי האָט ווייטער געזונגען:

איך וואָלט דיך וועלן ליבן,
ביסטו פון מיר ווייט.
איך וואָלט דיך וועלן קושן,
שעם איך זיך פאַר לייט.
טאָ שפּיל זשע, שפּיל דעם נייעם קאַדריל.

אויף אַן אַנדערן עפּל־בוים האָט אויך אָנגעהויבן צו זינגען אַ פייגעלע.

שיינדעלע האָט אַ גלעט געטון דער קאַץ איבערן קאָפּ. די קאַץ האָט זיך אויסגעגענעצט. שיינדעלע האָט ווייטער געזונגען:

דער פריילעכסטער ייִד אין דער וועלט

אויף דער גרינער דאַטשע,
שטייט אַ געלע קליאַטשע,
מיט אַ פור מיט סחורה,
אויף איר טשיפּע דבורה.
טשיפּע־דבורה, קום אַראָפּ פון וואָגן!
טשיפּע־דבורה, איך וויל דיר עפּעס זאָגן!
טשיפּע־דבורה, ס׳הייבט שוין אָן צו טאָגן!
טשיפּע־דבורה, טשיפּע־דבורה, טשיפּ, טשאַפּ־טשאַפּ!

ביי דעם „טשיפּ־טשאַפּ“ האָט שיינדעלע געהערט, ווי עס עפנט זיך די טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ פרעמדער אָרעמאַן, אַן אַלטער איינגעבויגענער ייִד מיט אַ שיינער גראָער באָרד און מיט אַ גאָר פאַר־צייטיש שמויסן־מיצל אויפן קאָפּ. אין דער האַנט האָט דער אָרעמאַן גע־טראָגן אַ גרויסן וואַלד־שטעקל און אויף דער פּלייצע אַ זעקל.

## קאַפּיטל פיר און פערציק

אליהו־הנביא שיט אויס אויפן טיש אַ זעקל מיט נייע גאָלדענע רענדלעך.

דער פרעמדער ייד האָט אַ קוש געטון דער מזוזה און געזאָגט: „גאָט־העלף!״ שיינדעלע האָט אויפגעהערט צו זינגען. אַ מאַנסביל, אַפילו ווען ער איז אַן אָרעמאַן און אַ זקן, טאָר נישט הערן קיין קול באשה.

— וואָס ווילט איר, ר׳ ייד? האָט זי געפרעגט ווי אַן אויפגעוועקטע פון שיינע חלומות.

— איך זוך הערשעלען, האָט דער אָרעמאַן געענטפערט און געבליבן שטיין אויף דער שוועל.

— ער איז איצט אין חדר ביי ר׳ חייקל דעם חוקר, — האָט זי גע־ענטפערט — זענט איר זיינער אַ זיידע?

— איך בין אליהו־הנביא, האָט דער פרעמדער אָרעמאַן געענטפערט מיט דער גרעסטער פּשטות.

אַ היינטמאָדיש מיידל וואָלט זיך זיכער דערשראָקן ווען זי וואָלט פּלוצעם דערהערט ווער עס איז געקומען צו גאַסט. פאַרצייטנס זענען יידן געוווינט געווען מיט אליהו־הנביאן ווי מיט גאָר אַ היימישן פעטער. בעל־עגלות האָבן דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן אים געטראָפן אין וואַלד און אים אַרויפגענומען אין דער בויד אַריין. סוחרים האָבן אים געטראָפן אויף יאַרידן אין אַלערליי געשטאַלטן. אַמאָל אַפילו אין דער געשטאַלט פון אַ פויער, וואָס האָט געטריבן אַ ציגעלע צי אַ קעלבל. ער האָט צו זיי אַפילו גערעדט אויף גויִיש. מיטאַמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז גאָר אליהו־הנביא. זיי האָבן אים געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר ער איז באַלד אויפן אָרט נישט געוואָרן און טאַקע צוזאַמען מיטן בהמהלע. נשים־צדקניות האָבן אים געזען, ווי ער זיצט הינטערן אויוון צוזאַמען מיט אַ וואַסער־

טרעגער. עס ברענט אַ גראַשנדיק ליכטעלע און אליהו־הנביא לערנט מיטן פּראָסטן ייִד אַ פּרשה חומש. אַלע ייִדישע מעשה־ביכלעך זענען פול געווען מיט אליהו־הנביא. פאַרצייטישע ייִדן האָבן געגלויבט אין דעם, וואָס עס שטייט געשריבן. אַ חוץ דעם, איז אליהו־הנביא סתם געווען ביי יעדן ייִד אַ גאַסט, ווען מען האָט געעפנט די טיר אין דער סדר־נאַכט און אין דער הגדה האָט מען געהאַלטן ביי „שפוך חמתך".

שיינדעלע האָט זיך אויפגעשטעלט פון איר בענקל ביים פּריפּעטשיק. פול מיט שמחה איז זי אַקעגנגעגאַנגען אליהו־הנביאן.

— ברוך־הבא, ר׳ אליהו־הנביא! האָט זי געזאָגט, — וואָס מאַכט איר אויפן געזונט?

— אַ שיינעם דאַנק פאַרן פרעגן, — האָט אליהו־הנביא געענטפערט. ער האָט אַראָפּגענומען דאָס זעקל פון דער פּלייצע און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

שיינדעלע האָט געהערט ווי עפּעס קלינגט אין אליהו־הנביאס זעקל.

— אַ חידוש וואָס איר זענט נישט אין דרויסן אויף דער חתונה? האָט שיינדעלע געפרעגט ביי אליהו־הנביאן.

— כ׳בין שוין געווען אויף דער חתונה אויך — האָט אליהו־הנביא געענטפערט מיט אַ שמייכל — ר׳ יאָקלס באַזינגען די כלה איז געווען עפּעס צו הערן. אויך פון ר׳ גימפּלס פידעלע האָב איך געהאַט גרויס הנאה. אם ירצה השם, ווען משיח וועט קומען, און מען וועט דאַרפן משמח צו זיין ייִדן, וועל איך אין זינען האָבן די אַסטראָפּאָליער קלעזמאָרים און דעם אַסטראָפּאָליער בדחן. משיח האָט ליב צו הערן געראָטענע גראַמען אויף ייִדיש מאַמע־לשון ווי אויך אַ שיין שטיקל קלעזמערישן שטייגער. דערווייל האָב איך געברענגט פאַר הערשעלען אַ נדן.

און אליהו־הנביא האָט אַרויסגעשיט פון זעקל אַ פולן טיש מיט בייע גאָלדענע רענדלעך.

*****

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר מוזן דערציילן אַ קאַפּעטשקע פריק־רען משא־ומתן. אַזוי ווי הערשעלע איז געווען אַ יתום אָן אַ טאַטן, האָבן אים די „באַפּערס" געוואָלט כאַפּן אין סאָלדאַטן. ר׳ יאָקל האָט זיך געטון

קליגן און דעם יתום געטון באַשטאַטן ערגעץ בלא־יודעים אין לעמעשקע אויף אַ בוידעם.

אין לעמעשקע האָט הערשעלע אָפּגעטון כלערליי שטיקלעך און אויפן דאָרטיקן יאָר־מאַרק געוואָלט גיין אויף שטריקלעך.

מיר וועלן עס דערציילן לאַנג און ברייט און די לייענער וועלן זיך ווילן און האָבן אַ סך פרייד. באַזונדערס האָפן מיר, אַז אונדזערע לייענע־רינס, די היכגעשעצטע דאַמען, וועלן האָבן פאַרגעניגן פון אונדזערע גראַמען.



# קאַפּיטל פינף און פערציק

שיינדעלע שטייט אין גאָלדענע הינער־פּלעט.

שיינדעלען האָט זיך אויסגעדוכט: די ליכטיקע זון וואָס שײַנט זומער־לעב אין אָסטראָפּאָליע, איז מיט אַמאָל אַרויסגעקראָכן פון איר פּוטער־פּעסל און זיך אַוועקגעלייגט אויפן טיש. פאַר אירע אויגן האָבן שעמערירט הויפענעס בליצנדיק גאָלד. פון אַזוי פיל גאָלד האָט זי נאָר געלייענט אין דער „מעשה מג׳ אחים״ פון יאַנקל לערער פון לאָדזש, און אויך אין „נחלת צבי״ און אין דער „צאינה־וראינה״, ווו עס שטייען באַשריבן די גאָלדענע טויערן פון גן־עדן. אַז דאָס איז איר נדן, וואָס אליהו־הנביא האָט געבראַנגט אין אַן אָרעמאַנסקע זעקל, איז איר גאָרנישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין.

איז תחילת שיינדעלע געשטאַנען ווי אַ צעמישטע מיט אַן אָפן מויל, און געגלאָצט אויפן גאָלדענעם אוצר. זי האָט נישט געוווּסט, צי איז עס וואָר, צי איז עס אַ חלום אין אַ זומער־טאָג? דעם אָרעמען ייִד, דעם פעטער אליהו־הנביא, האָט זי גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן. איר האַרץ האָט געקלאַפּט ווי מיט האַמערס. זי האָט מורא געהאַט צוצוגיין צום טיש, טאָמער חלילה וועט זיך דאָס גאָלד אויסלעשן און דער נדן וועט צערינען אין די שאָטנס פון ר׳ יאָקלס חדרל.

פאַמעלעכל, פאַמעלעכל האָט זי זיך אויסגעשמייכלט. אירע בלייכע לעפצן האָבן קוים אַרויסגעפּליסטערט:

— אַ שיינעם און גרויסן דאַנק, טייערער ר׳ אליהו־הנביאשי, איר זענט אַזאַ גוטינקער. איר זאָלט מיר לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר און דער־לעבן משיחן.

זי האָט זיך אומגעקוקט און מיט די אויגן געזוכט דעם פרעמדן ייִד.

קיינער איז אין דער שטוב נישט געווען. אויף דער שוועל אונטער דער מזוזה איז געלעגן דאָס ליידיקע זעקל.

## קאַפּיטל זעקס און פערציק

ר׳ יאָקל ברענגט אַ האָניק־לעקעך פון דער חתונה.

די לאַנג שיינדעלע איז געשטאַנען אין דער גאָלדענער הינער־פּלעט ווייס איך נישט — איך קאָן עס דעריבער נישט באַשרייבן.

אויפן בית־עולם האָט מען דערווייל אָפּגעטאַנצט דאָס מצווה־טענצל. דער עולם איז זיך צעגאַנגען בגילופן פון דער משקה. די הערצער זענען געווען פריילעך און האָפערדיק, מחמת מען האָט געוווסט, אַז נאָך דער קהלישער חתונה אויף דעם בית־עולם, וועט שוין דער מלאך־המות אָנזאָגן אַ צענטן נישט אַריינצושמעקן קיין אָסטראָפּאָליע.

ר׳ יאָקל, ר׳ גימפּל און אַלע קלעזמאָרים האָבן אויך גענומען צו עט־לעכע גלעזלעך פּסחדיקן י״ש און זענען אַהיים געגאַנגען אין גרויסן בגי־לופן. חברה גרימפּלער זענען געווען אויפגעלייגט און אַהיים געטראָגן לע־קעך פון דער חתונה. ר׳ יאָקלען האָט זיך עפּעס די צונג אויפגעבונדן ווי קיינמאָל נישט. די גראַמען האָבן זיך פון אים געשיט ווי אַרבעס פון אַ זאַק. ער האָט אַהיים געטראָגן אַ שטיק האָניק־לעקעך, וואָס פרומע־יאַכנע האָט אים געשטופּט אין דער האַנט אַריין, און עס געהייסן אַהיימברענגען פאַר זיין טעכטערל שיינדעלע. מחמת דעם בגילופן האָט זיך ביי ר׳ יאָקלען דער קאַשקעט פאַרוקט אין אַ זייט, ווי להבדיל ביי אַ פּאָלנעם יונישן קאָזאַק. ס׳איז חלילה נישט געווען קיין חוקת־הגוי. אַ קהלישע חתונה איז געגליכן צו פּורים און מען מעג זיך פאַרשטעלן.

ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף שיינדעלעס קבלת־פּנים. ווען ער איז נאָך געווען ווייט פון זיין הייזעלע האָט ער שוין גערופן זיין טעכטערל, איר געוויזן פון דער ווייטנס דעם האָניק־לעקעך און געשיט מיט פריילעכע און בגילופנדיקע גראַמען.

— בגזירת חי, — האָט ר׳ יאָקל גערופן — די חתונה איז פאַרביי.

חזק, חזק, האָניק לעקעך איז געשמאַק. שאַט, שאַט! מיט פרומע־יאַכנען איז גוט צו שליסן בלאַט. שיינדעלע! — האָט ער העכער געשריִען — ס׳איז נישט קיין האָניק־לעקעך, נייערט אַ גאָלדן קריינדעלע. דו וועסט שוין איינמאָל אָפּלעקן אַביינדעלע!

ר׳ יאָקלען האָט עס אַפילו געחידושט, וואָס מען הערט נישט שיינדע־לעס קולעכל. ער איז געווינט געווען, אַז ווען ער איז געקומען פון אַ חתונה פלעגט שיינדעלע אים אַקעגנלויפן אויף קבלת־פנים — און טאַקע מיט אַ גראַם.



## קאַפּיטל זיבן און פערציק

ר׳ יאָקל וויל פּאַלן אין חלשות — צום סוף כאַפּט ער אַ טענצל.

ווען ר׳ יאָקל האָט באַקומען צו זען באַלד ווי ער האָט נאָר געעפנט די טיר, איז נישטאָ אויף דער וועלט די פעדער, וואָס זאָל זיין בכוח עס צו באַשרייבן.

קודם־כל האָט אים געטון אַ שלאָג פאַר די אויגן דער בליץ פון גאָלד. ר׳ יאָקל האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט. די עטלעכע גלעזלעך בראָנפן זענען אים אַרויס פון קאָפּ ווי נעכטיקע טעג. ער האָט שיעור נישט אַרויסגעלאָזט פרומע־יאַכנעס האַניק־לעקעך פון דער האַנט און טאַקע שיעור נישט געפאַלן חלשות לעבן דעם ליידיקן זעקל, וואָס איז געלעגן אויף דער שוועל.

שיינדעלע איז געשטאַנען אַ שווייגנדיקע ווי פאַרשטיינערט ביים טיש. ר׳ יאָקלען האָט געגעבן אַ טיאָכקע ביים האַרצן. נישט געקוקט אויף דעם גאָלדענעם חלום האָט ער געמיינט, אַז פון שיינדעלען איז געוואָרן דאָס אייגענע ווי פון לוטס ווייב. נאָר אָנשטאָט אַ שטיק זאַלץ איז זי געוואָרן אַ שטיק גאָלד. ער האָט שוין געהאַלטן דערביי צו מאַכן אַ געוואַלד.

פּלוצעם האָט זיך שיינדעלע צו אים אויסגעדרייט. איר פּנים האָט געלויכטן ווי דאָס גאָלד אויפן טיש. זי האָט נישט מער געזאָגט ווי איין וואָרט:

— טאַטע...

דערלעבט צו הערן שיינדעלעס קול, איז ר׳ יאָקלען דער שכל צוריק אַריינגעפלויגן אין קאָפּ אַריין ווי אַ זינג־פייגעלע אין דעם שטייגל.

— אויב דו ביסט, חלילה, נישט מטורף און איך בין, חלילה, נישט משוגע, זענען מיר ביידע כעלעמער נאַראָנים און נישט קיין אַסטראָפּאָליער קלוגע — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט און אַרויפגעקוקט אויף דער סטעליע — עס איז דאָך באמת אַ מעשה־פּלאי! ביי אַ בדחן אין שטוב זאָל זיך שיטן גאָלד פון דער סטעליע?

— אליהו־הנביא האָט עס געבערענגט אין אַ זעקל, — האָט שיינדעלע געזאָגט זייער שטיל. צו רעדן מיט גראַם, כדרכה, ווי איר שטייגער איז, האָט זי איצט נישט געהאַט קיין כוח.

— אויב אליהו־הנביא — איז נישטאָ מער וואָס צו טראַכטן — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט, ווי דער גאַנצער עסק וואָלט אים מיט אַמאָל געוואָרן קלאָר ווי דער טאָג — איז געקומען, הייסט עס, אליהו־הנביא און מיך געמאַכט פאַר אַ נגיד אַ געמאַכטן, פאַר אַ ר׳ פינטע התחתון. נאָר מען דאַרף נישט זיין קיין פחדן! גיי זשע, ר׳ יאָקלשי הבדחן, און טו שוין אַ רעד מיט ר׳ יאָנטשען דעם שדכן! האַ, שיינדעלע? — האָט ר׳ יאָקל ממזריש אַ ווינק געטון מיט איין אייגל — וואָס זאָגסטו צו דעם משא־ומתן? האָסט שוין איינמאָל אַ חכם פאַר אַ טאַטן!

— דער נדן איז הערשעלעס, — האָט שיינדעלע געזאָגט און זי האָט ר׳ יאָקלען דערציילט די מעשה פון אלף ביז תיו.

— הייסט עס? — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט אַ צופרידענער — אַז דאָס גאָלד איז פאַרן סמאַרק? זאָל ער מיר זיין געזונט און שטאַרק. וואָס וועל איך דאָ אַ סך דאָסן? ה׳ לקח וה׳ נתן. זאָל שוין הערשעלע זיין דיין חתן! אַצינד, שיינדעלע, לאָמיר זיך אויף גיךביידע אויסטון די שיך. צוזאַמען פאַרמאָגן מיר פערציק פינגער — וועלן מיר איבערציילן דעם מטמון עד לפּרוטה. נאָר קודם־כל לאָמיר כאַפּן אַ טענצל.

ר׳ יאָקל האָט זיין טעכטערל אָנגענומען פאַר די הענט און ביידע האָבן אָנגעהויבן אַרומצוטאַנצן אַרום דעם טיש מיט גאָלד.

ר׳ יאָקל האָט געטופּעט מיט די פיס און געשריגן:

— אַ טייערער ייִד אליהו־הנביא. אַ האַרציקער ייִד אליהו־הנביא. אַ ייִד פון ייִדנלאַנד און אַ ייִד אַ נאַש־בראַט איז אליהו־הנביא! —

פלוצעם האָט ר׳ יאָקל אַ געשריי געטון צו שיינדעלען:

— טעכטערל מיינס, לויף שוין און ברענג אַהער דעם גרויסן טשאָלנט־טאָפּ, וועלן מיר דאָרט אַריינפּאַקן די פּויטיקע.

שיינדעלע איז געלאָפן און געבערענגט דעם גרויסן טשאָלנט־טאָפּ.

פיר הענט האָבן אַראָפּגעשאַרט די גאָלדענע רענדלעך פון טיש אין טאָפּ אַריין.

דער טשאָלנט־טאָפּ איז געוואָרן פול מיט גאָלד ביזן ראַנד.

זיי האָבן דעם טאָפּ פאַרבונדן מיט אַן אַלטע שמאַטע און אים אַוועק־געשטעלט הינטערן פריפעטשיק.

## קאַפּיטל אַכט און פערציק

אין פּייטערבאַרג אויף דער כסא־המלוכה איז אַרויף אַ קייסער של חסד.

אַיידער עס וועט אַ בלאָז טון דער שופר של משיח און מיר וועלן אויס־געלייזט ווערן פון גלות קאָן אַ ייִד נישט גיין אַלצדינג אגיל ואשמח און מיט דער פּוטער אַרויף. ס׳איז נישט חס־ושלום קיין הפקר־פּעטרישקע אויף דער וועלט, מעג אַ ייִד האָבן שטיין הינטערן פּריפּעטשיק אַ פולן טשאָלנט־טאָפּ מיט גאָלד — מוז ער זיך פאָרט דערמאָנען, אַז דאָס בית־המקדש איז חרוב און איבערן גלות הענגט — ווי אַ זכר־לחורבן — אַ שוואַרצער וואָלקן.

אין יענע צייטן, פון וועלכע מיר דערציילן, האָט זיך אויף דער כסא־מלוכה אין פּייטערבאַרג אַוועקגעזעצט אַ קייסער של חסד. גויִים, און מעגן זיי אַפילו זיין קייסרים, האָבן אַנדערע השגות וועגן חסד ווי להבדיל ייִדן. ביי אַ ייִד איז אַ חסד: אַ גמילת־חסד, אַן אורח אויף שבת, הכנסת כלה און הלוית המת. ביי גויִים הייסט חסד: מען נעמט אַ מענטש, מען רייסט אים בגוואַלט אַוועק פון זיין כאַדאָבע, מען גיט אים אַ ביקס צי אַ פּיסטול אין האַנט אַריין און מען הייסט אים שיסן. נישקשה — גויִים האָבן געהאַט אַ זיידעניו, האָט ער געהייסן עשו. האָט ער גענומען און האָט זיי, די גויִים, מדריך געווען — אַך און ווי איז מיר — אויף זיין אייגענעם דרך־הישר. זיי האָבן עס זיך גענומען אין קאָפּ אַריין עד היום הזה.

ווי נאָר דער מלך של חסד איז אַרויף אויף דער כסא־המלוכה איז ער טאָג און נאַכט נייערט געזעסן און געטראַכט ווי אַזוי ייִדן צו טון טובות און זיי וויזן זיינע גענאָדן. האָט ער פאַר זיי אויסגעטראַכט דעם גרעסטן גוייִשן חסד. היינו: ער וועט זיי נעמען אין סאָלדאַטן, אָפּשערן ביי זיי באָרד און פּיאות, מאכיל־טרפות זיין רחמנא ליצלן, זיי אַריינשטעקן אין גראָבע יונישע

בגדים און זיי פֿאַרשיקן אויף אַ פינף און צוואַנציק יאָר ערגעץ ווייט, ווייט הינטער די הרי־חושך. דאָרט וועלן זיי שיסן און מלחמה־האַלטן. דאָס הייסט שוין איינמאָל אַ חסד! האָט געטראַכט ביי זיך דער ירום־הודו, און ער איז געווען זיכער ווי דער טאָג, אַז אין אַלע תפוצות־ישראל וועלן ייִדן נישט מער טון נאָר אים אָקעגנגיין מיט ברויט און זאַלץ און אים מאַכן „הנותן תשועהס״.

האָבן דאָך אָבער ייִדן געהאַט פֿאַר אַ זיידן, דעם תם־יושב־אוהלים און דעם קול, קול יעקב, אַ זיידע וואָס איז נישט אַרומגעלאָפֿן אין די ווילדע וועלדער און געיאָגט חיות־רעות, נייערט ער איז געזעסן ביי שם ועבר אין בית־המדרש און דאָרט געלערנט ש״ס ופוסקים צי גאָר זוהר און מדרש־רבה, האָבן זיי, ייִדן הייסט עס, גאָר אָנגענומען דעם קייסערס חסד ווי אַ גזירה פון המן־הרשע. מען האָט גוזר־תענית געווען און געזאָגט תהילים.

פֿאַר דעם קייסער ירום־הודו אין פּייטערבאַרג איז עס געווען אַ וויל־דער חידוש: ס׳טייטש, ייִדן לויפן נישט הענדום־פּענדום און רייסן נישט פֿאַר די פּאָלעס, אַז מען זאָל זיי למען־השם וואָס גיכער אָנטון יונישע מלבושים און זיי אַוועקשיקן אויף פינף און צוואַנציק יאָר הינטער די הרי־חושך און זיי דאָרט לערנען שיסן און מלחמה־האַלטן???

האָט דער קייסער ירום־הודו אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, — מען מוז סיי־ווי־סיי מיט ייִדן טון חסד. אויב נישט חסד מיט גוטן, וועט עס זיין חסד מיט בייזן.



# קאַפּיטל נײַן און פערציק

עס באַווײַזן זיך כאַפּערס אין די תפוצות־ישראל.

מיר ווייסן פון חומש: ווען ייִדן זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, איז מיט זיי מיטגעגאַנגען אַן ערב־רב. אַט דער ערב־רב איז נאָך עד־היום פאַרבליבן אין אַלע תפוצות־ישראל אין געשטאַלט פון אַלערליי קהלישע קאָכלעפל, פרנסי־חודש און בעלי־טאַקסע. זיי האָבן זיך אָנגעזעצט אויף ייִדן ווי אמתע פּיאַווקעס און האָבן פרנסה בריוח פון ייִדישע צרות.

פון דעם דאָזיקן ערב־רב האָבן זיך אויך געמאַכט „כאַפּערס״, דאָס הייסט, פאַרשווינדלעך, וואָס זענען נאָר אויסן געווען צו טון דעם רצון פון דעם מלך של חסד, כאַפּן ייִדישע קינדער און זיי איבערגעבן אין גוייִשע הענט אַרײַן כדי זיי צו מאַכן פאַר סאָלדאַטן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן עס נישט געטון בלויז לשם שמים. דאָ האָט זיך ווידער אַרויס־געוויזן, אַז ווו אַ „ויהי״, דאָס הייסט, אַ צרה, קאָנען כאַפּערס און קהלישע בעלי־טובה דערפון חתונה מאַכן קינדער אין עושר און אין כבוד.

פאַרשטייט זיך, אַז געכאַפּט האָט מען נאָר אָרעמעלײַט. צו נגידים האָבן די כאַפּערס כלומרשט נישט געטראָפן. נגידים האָבן זיי נישט גע־וואָלט מזכה זײַן מיטן קייסערס גענאָדן. אָבער אָרעמעלײַט און יתומים? עס איז דאָך גאָר אַ מצווה, ווען מען נעמט נאַקעטע קבצנים און מען מאַכט זיי פאַר קרובים־למלכות.



## קאַפּיטל פּופּציק

☜ז גייט אַ כאַפּעניש אויף אַסטראָפּאָליע — כּי לעולם כאַפּסטע.

די נאָר אָסטראָפּאָליע האָט חתונה געמאַכט די צוויי קאַליקעס אויפן בית־הקברות, האָט דער מלאך־המות געזען, ווי מען האָט אים אויסגעשטעלט פאַר אַ לעמעשקע. ער האָט זיך טאַקע געשעמט צו באַווייזן אין אָסטראָפּאָליע.

ער איז דאָרט פאַרבייגעפאָרן אויף זיין שאַרפער שוואַרצער בריטשקע, און אַ געשריי געטון צום לאַפּיטוט וואָס האָט זיין אייגנס נישט מער געהאַט ווי פינף הונדערט אויגן און איז געווען ביים מלאך־המות אַ פּראָסטער שמייסער־יונג.

— יאָסל! (דער לאַפּיטוט מיט די פינף הונדערט אויגן האָט געהייסן יאָסל) האָט דער מלאך־המות אַ געשריי געטון אויף קירהש לשון — שמייס די כ:ס:ים און פאָר מיר דאָ פאַרביי ווי אַ וויכער. עך וויל נישט אָנקוקן אָסטראָפּאָליע.

דער מלאך־המות איז טאַקע געוואָרן ברוגז און האָט נישט געוואָלט אַריינשמעקן קיין אָסטראָפּאָליע.

פאַמעלעכל האָט גענומען אַ סוף צו די שלאַפּקייטן אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך. יידן האָבן געמיינט, אַז מען קאָן אַ קאַפּעטשקע אָפּאָטעמען נאָך דער טויט־שרעק און זיי האָבן גענומען טראַכטן וועגן חתונה מאַכן קינדער.

פּלוצעם האָבן זיך באַוויזן די קהלישע כאַפּערס. עס האָט זיך פונדאָסניי געטון חושך.

פאַרשטייט זיך, אַז חושך האָט זיך נאָר געטון ביי אָרעמעלייט און ביי ווייסטע יתומים. נגידים האָבן ווייטער געגעסן פיש מיט בולקע. די כאַפּערס האָבן אהבת־ישראל בלויז פאַר אָרעמעלייט.

אָסטראָפּאָליער אביונים האָבן געוווּסט קלאָר ווי דער טאָג: קעגן די כאַפּערס וועט די גבאיטע ציפּע־שפּרינצע אויך נישט געפינען קיין עצה. מען מעג ווידער שטעלן אַ פּאָר חופות צווישן די מצבות — נאָר וואָס וועט עס העלפן? די כאַפּערס זענען נישט דער מלאך־המות. אַזעלכע טערקישע קאַטאָוועסן אַרן זיי ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי.

הערשעלע איז געווען געוויגן און געמאָסטן פאַר די כאַפּערס. ער האָט געהאַט אַלע מעלות „געכאַפּט" צו ווערן אין סאָלדאַטן. אַן אָרעמאַן, אַן אביון, אַ קיילעכיקער יתום און אַ שקאָץ דערצו.

ר' יאָקלען איז געוואָרן זייער קאַלאַמוטנע. פונדעסטוועגן האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און געזאָגט צו שיינדעלען:

— עס גייט אויף אָסטראָפּאָליע אַ כאַפּעניש — כי לעולם כאַפּסטע. עס גייט עפּעס אַ נייער ויקח. נאָר מען דאַרף זיין אַ ייִד אַ פּיקח. ויקח קרח מאַכט רש"י: דורען דאַיע אַ ראַזומני ביערע. אם ירצה השם בלי נדר ווען די הענער וועלן נאָר קרייען אויף כאַאור, נעם איך דעם וויסטן יתום און פיר אים אַריבער קיין לעמעשקע צו ר' שמערעלע בדחן. קודם, זאָל ער דאָרט בלא־יודעים ליגן אויפן בוידעם עד־יעבור־זעם. צו זעם האָב איך אָקערשט נישט קיין גראַם, — עפּעס איז מיר די צונג געוואָרן אַ שטור־מער תם, ניע טו אי ניע טאַם. ווי זי וואָלט באַדאַרפט אַן אַם. פלעג איך דאָך תמיד אַרומשווימען אין גראַמען ווי דער לויתן אין ים.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר דערציילן ווי בעת הערשעלע ליגט ביי ר' שמערעלען אויפן בוידעם איז אין לעמעשקע אַ יאַריד. ליגט הער־שעלע אין דער פינצטערניש און טראַכט וועגן דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט גאָלד.

טראַכט הערשעלע כהאי לישנא:

געלטעלע! באַלייכט ווי די זון מיין וועלטעלע! אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט — אויף געלט, אויף געלט, און נאָך אַמאָל אויף געלט. געלט קלעפּט צו געלט. וואָס וועל איך דאָ ליגן אויפן בוידעם ווי אַ נאַרישער כלאָפּ? האָב איך דאָך עפּעס אַ ייִדישן קאָפּ! וועל איך אַרונטערגיין אויפן יאַריד און זאָגן הלצות צי גאָר זינגען אַ ליד. וועל איך דעם פּאַרדינטן גראָשן צולייגן צו די גאָלדענע רענדלעך אין שיינדעלעס טאָפּ.

# קאַפּיטל איין און פופציק

לעמעשקער ברונעם און לעמעשקער מאַרק.

אקעגן לעמעשקע איז אַסטראָפּאַליע געווען אַ וועלט־שטאָט און אַ כרך גדול בישראל. גאַנץ לעמעשקע איז געווען עטלעכע נעבעכדיקע מפולתלעך, וואָס זענען געשטאַנען אַרום אַ גרויסן ליידיקן מאַרק. אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַן איינגעפאַלענער ברונעם, וואָס ווען מען האָט אַרויפגעצויגן פון זיינע טויבע טיפענישן אַן עמער מיט וואַסער, — האָט ער, דער ברונעם, געמאַכט אַזעלכע אָכצענישן און קרעכצענישן, אַז מען האָט עס געהערט איבער גאַנץ לעמעשקע און נאָך ווייטער אַרויס פון לע־מעשקע. עס איז געווען בקבלה אין שטעטעלע, אַז דעם ברונעם האָט געגראָבן תרח בעת ער האָט געטריבן זיינע שאָף פון פדן־ארם קיין ארם־נהרים, און ער האָט זיי אַקוראַט פאַרבייגעטריבן לעמעשקע. ווי מיר זעען, איז דער ברונעם געווען אין איין עלטער מיטן חומש.

תרחס ברונעם איז טאַקע געווען אַ גרויסער בעל־שפע. בעת אַ לע־מעשקער ייִד האָט פון אים מיט גרויס מי און מאַטערניש אַרויפגעצויגן אַן עמער וואַסער, האָט אים דער ברונעם צוגעלייגט אין עמער אַריין נאָך עטלעכע שיינע מתנות, היינו: אַ האַלבן עמער פאַרדומפּעצטע און פאַרגרינ־טע בלאָטע, אַ געפּגרט פרעשל, צי אַנדערע טויטע באַשעפענישן, וואָס אַמאָל, גאָר אין חומשדיקן פאַרצייטנס — ווען תרח איז דאָ געזעסן מיט זיינע שעפעלעך, — זענען זיי, די פרעשעלעך, אַרומגעשפּרונגען אין די בלאָ־טעס און געקוואַקעט און געפּיפּן אין די שיינע לעמעשקער אָוונטן.

נאָך אַ סך מעשיות האָט לעמעשקע דערציילט וועגן איר אַלטן יחוס. איינע פון זיי איז זיכער ווי דער טאָג ואין לפקפק. די מעשה איז פאַר־שריבן שוואַרץ אויף ווייס סיי אין דעם פּנקס פון דער וועלט־באַרימטער שטאָט כעלם, און סיי אין דעם פּנקס פון דער קנאַפּער־באַרימטער שטאָט לעמעשקע. ס'איז אַפילו אַ מעשה־נורא, פאַרט איז זי תורת־אמת. ווען אַזעלכע צוויי פּנקסים שרייבן איז דאָך נישט שייך.

והמעשה שהיה כך היה.

## קאַפּיטל צוויי און פופציק

אַ מעשה־נורא וואָס ציט זיך פון כעלם ביז לעמעשקע.

ע טלעכע כעלעמער אביונים, וואָס האָבן געוווינט אין עק פון קלוגן שטעטל, האָבן זיך אַמאָל שטאַרק צעבונטעוועט קעגן כעלעמער קהל. זיי איז אויסגעקומען, אַז דער באַרימטער כעלעמער בית־דין־שמש, ר׳ מנשה, האָט זיי שמחת־תורה באַוואולהט ביי די הקפות. ער האָט זיי נישט מכבד געווען כפי, אַזוי ווי עס איז לפי דעתם זיי געקומען. זענען זיי געלאָפן זיך באַקלאָגן צום באַרימטן פּרנס־חודש ר׳ יוסף לאָקש און געוואַלדעוועט, אַז מען האָט זיי געטון אַן עוולה.

ווי מיר ווייסן, האַלט תמיד אַ פּרנס־חודש אויף דעם צד פון דעם בית־דין־שמש. נאָך דערצו ווען די באַוואולהטע זענען געווען נאַקעטע אביונים.

כעלעמער זענען, ווי מיר ווייסן, נישט קיין יידן, וואָס לאָזן זיך שפּייען אין דער קאַשע. האָבן זיי געמאַכט אַן אסיפה. ווי געווייינלעך האָט זי געדויערט זיבן טעג און זיבן נעכט. לסוף האָט מען פּה אחד באַשלאָסן: בלי־נדר־שבת, זונטיק כּאַאור, פאַרלאָזט מען כעלם און טאַקע כּאיש אחד. אויף די מרחקים פון דער גרויסער וועלט וועט מען אויפזוכן אַן אַנדער מקום־מנוחה און דאָרט מאַכן אַ ניי־כעלם. אַ כעלם פון סאַמע אביונים.

כעלעמער האָבן ליב צו האַלטן וואָרט. זונטיק כּאַאור האָבן זיי אַרויפגעפּאַקט זייערע הילצערנע מפולתן אויף די פּלייצעס, גענומען אָרעמאַנסקע שטעקנס אין די הענט אַריין, געטון אַ קוש דער מזוזה, און אַוועק פון כעלם אָן אַ זיי־געזונט. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען וווהין די אויגן וועלן זיי טראָגן.

זענען זיי געגאַנגען וואַלד אויס וואַלד איין. — פון דעם גיין אַליין וואָלטן מחברים געקאָנט אָנשרייבן שטויסן מיט ביכער און זיי וואָלטן

דערפון געהאַט שיין פּרנסה. זיי זענען געגאַנגען, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אַ ליידיק פעלד נישט ווייט פון אַ טייכל. פון דעם טייכל וועלן מיר נאָך שפּעטער אַ סך דערציילן. האָבן זיי געטראָפן אַן אַלטן צעפאַלענעם ברונעם. די כעלעמער יוצאי־מדבר האָט עס אַפילו געחידושט: וואָס טוט דאָ אַ ברונעם איינער אַליין אויפן פעלד? האָבן זיי זיך דערמאָנט אין די ברו־נעמער פון חומש און געטראַכט: מאַלע וואָס? אפשר פאַשן זיך דאָ אין די וויסטענישן סטאַדעס מיט שעפּעלעך? אפשר טרייבן אָוונט־צייט די פּאַסטע־כער אַהער די שעפּעלעך און טרינקען זיי אָן ביים ברונעם? די מעשה האָט די כעלעמער געגעבן אַ טיאָכקע ביים האַרצן. עס איז עפּעס נישט פּשוט.

האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט ביים ברונעם און געמאַכט אַן אסיפה וואָס ווייטער צו טון.

אין דעם זיבעטן טאָג כּאָאור — ווי מיר ווייסן, דויערט אַ כעלעמער אסיפה זיבן טעג און זיבן נעכט — האָט איינער אַ כעלעמער באַדאַרפט אַוועקגיין אויף עטלעכע מינוט. וועגן וואָס, — קאָנען מיר נישט אַרויס־שרייבן אויפן פּאַפּיר. גייט ער אַזוי און גראַבלט ביים ברונעם. געפינט ער אַן אַלטן צעבראָכענעם פיילנבויגן. טוט ער אָן די שפּאַקולן און טוט אַ קוק. ערשט, עס שטייט אויפן פיילנבויגן מיט שיינע געכתיבהטע אותיות אָנגעשריבן „תרח״. אַפילו אַ בלינדער וואָלט עס געקאָנט איבערלייענען.

לויפט ער צוריק מיט תרחס פיילנבויגן צו דער כעלעמער אסיפה און ווייזט זיי וואָס ער האָט געפונען ביים ברונעם.

טוען זיך אַלע כעלעמער אָן זייערע שפּאַקולן און אַלע לייענען איבער הויך אויפן קול: תרח!

זעען אַלע אַז עס איז אַ פינגער מן־השמים.

נעמען זיי אַרונטער די כעלעמער מפּולתלעך פון די פּלייצעס און שטעלן זיי אויס אַרום דעם ליידיקן פעלד מיטן ברונעם — מחמת די אסיפה האָט באַשלאָסן, אַז דאָס אַלטע כעלם וועט דאָ מאַכן דאָס נייע כעלם.



## קאַפּיטל דריי און פופציק

### דאָס טייכל פּרשנדתא.

עס האָט זיך ווידער געצויגן אַן אסיפה פון זיבן טעג און זיבן נעכט, ווי מען זאָל אָנרופן דאָס נייע שטעטעלע אַרום תרחס ברונעם. טייל האָבן געזאָגט: „באר־תורח״. טייל האָבן געזאָגט: „ניי־כעלם״. אַנדערע האָבן געטענהט: אַז היות ווי אַלט־כעלם האָט אונדז באַעוולהט שמחת־תורה ביי די הקפות, וואָס וועלן מיר דאָ גיין און אָנטון דעם אַלטן כעלם אַזאַ כבוד? — ווייסט איר וואָס? — האָבן יענע געטענהט — אַזוי ווי אויף תרגום־לשון הייסט כעלם, לעמעשקתא, וועלן מיר גיין און אונדזער תרגום־לשון־שטעטעלע אַ נאָמען געבן לעמעשקע.

כך הוה. די עצה איז אַלעמען ווויל געפעלן געוואָרן. מען האָט דאָס שטעטעלע גערופן לעמעשקע עד היום און עס וועט הייסן לעמעשקע ביז משיח וועט קומען.

מען האָט אויפגעשטעלט די מפולתלעך אַרום דעם מאַרק־ברונעם און דאָרט אַהין אַריינגעטראָגן דאָס ביסל אביונישקייט.

דערווייל האָט זיך געמאַכט ראש־השנה.

מען האָט פשוט מיט ליכט געזוכט אַ טייך, ווו מען קאָן זאָגן תשליך און דאָרט אַריינוואַרפן דאָס בידנע זעקל מיט די חטאים וואָס זאַמלען זיך אָן ביי יידן במשך די טעג פון אַ גאַנץ יאָר. מען האָט נישט לאַנג באַדאַרפט זוכן. סך־הכל נישט ווייט פון דעם מאַרק איז געפלאָסן אַ טייכל.

די שמחה מיט דער מציאה איז געווען אין לשער.

האָט מען דעם טייכל אָנגעטון דעם גרויסן כבוד און עס אַ נאָמען געגעבן נאָך איינעם פון די עשרת בני־המן, מען האָט עס גערופן — דאָס טייכל פּרשנדתא.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פרשנדתא איז געווען אַ מכיר־טובה און צוריק אָנגעטון לעמעשקע — ווי מיר זאָגן אין דער מגילה — כבוד ויקר. היינו: אַזוי ווי אין אַסטראַפּאַליע איז נישט געווען קיין טייך, האָבן אַסטראַפּאַליער ייִדן, וואָס האָבן געהאַלטן ביי גטן זיך געמוזט קומען קיין לעעמשקע און דאָרט געבן גט. מען זעט בחוש, אַז מיר לעבן אויף אַ וועלט פון חסד ואמת, און אַפילו אַ שטום וואַסער ווייסט אויך אָפּצודינען פאַר געטוענע טובות.



## קאַפּיטל פיר און פופציק

א סך מלאכות, ווייניק ברכות.

הגם ווען נישט לעמעשקע און איר טייך פרשנדתא וואָלט זיך אַן אַסטראָ־פּאַליער ייִד קיינמאָל נישט באַוויזן צו גטן, פונדעסטוועגן — האַנדל־שאַפט איז קיין ברודערשאַפט — אַ כרך איז אַ כרך און אַ טל־ומטרל בלייבט פאָרט אַ טל־ומטרל. אַסטראָפּאָליע האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אַ כלי־קודש כאחד הגבירים: אַ שמש, אַ קברן, אַ סופר און אַ בדחן. לעמעשקע איז נעבעך פאַרבליבן אַן אָרעמאַנטע און אַן אביונטע נישט געקוקט אויף איר באַרימטן טייך פרשנדתא. מען האָט דאָרט נאָך געוווינט אין די צעפאַלענע מפולתלעך, וואָס די זיידעס האָבן אויף די פּלייצעס געבראַנגט צו טראָגן פון כעלם. לעמעשקע האָט געמוזט — ווי מען זאָגט — זיך איינציִען דעם פאַסעק. און זי האָט עס געטון ממש אויף חידושים. איין ר׳ שמערעלע בדחן איז געווען דער גאַנצער לעמעשקער כלי־קודש.

ווי אַזוי קאָן אַ בדחן זיין אַ קברן? ווי קאָן דאָס זיין? ווען מען באַדאַרף, זאָגט ער בדחנישע שקאָציִשקייט, אַז עולם ליגט אויף די בייכער — און ווען מען באַדאַרף זאָגט ער גאָר פסוקים פון מעבר־יבוק, און ווייבער מאַכן יללות עד לב־השמים? אי ער פירט אָן דאָס מצווה־טענצל און אי ער הויבט־אָפּ אַ מת און לייגט אים אַוועק אויף די זיבן שטרוי?

אין דעם דאָזיקן פּרט איז טאַקע לעמעשקע געווען אַ בריה נפלאה. איר בריהשקייט האָט זי מן־הסתם געירשנט פון כעלם.

אַ חוץ בדחן, קברן און חברא־קדישא, איז ר׳ שמערעלע אויך געווען לעמעשקער שוחט, מרחץ־בעדער, סופר, שמש, געפּסקנט אַ שאלה און געקנעלט מיט לעמעשקער ייִנגלעך סיי אלף־בית און סיי ש״ס ופוסקים. ער האָט אויך געהאַנדלט מיט הייוון און שבת־ליכט. ווען מען האָט באַ־דאַרפט, האָט ר׳ שמערעלע גענומען דעם עמד, שער און אייזן, זיך אַוועק־

געזעצט אויפֿן שוסטער־בענקל און איבערגעניצעוועט אַן אַלטע ווייבערישע ספּודניצע אויף אַ פּאָר אַלטע מאַנסבילישע תחתונים.

אַזוי ווי אַ סך מלאכות גיבן ווייניק ברכות, האָט ר׳ שמערעלע באַוויזן נאָך אַ קונץ: ער איז געבליבן דער גרעסטער אביון צווישן לעמעשקער אביונים.

ר׳ שמערעלע האָט געטון יעדע זאַך פֿון זיינע פֿילע מלאכות מיט דער גרעסטער שלימות. ער האָט נישט פֿאַרמישט די יוצרות. ווען מען האָט אָנגעקוקט דעם לאַטוטניק וואָס זיצט און דרייט איבער אַ ספּודניצע אויף תחתונים, וואָלט מען נישט געוועוען געוווּסט, אַז דער אייגענער ייִד איז אויך אַ סופֿר־סת״ם. איז ר׳ שמערעלע געזעסן און געקנעלט מיט זיינע תלמי־דים — ווּעמען וואָלט עס איינגעפֿאַלן אַז דאָ זיצט דער בעדער פֿון לע־מעשקער מרחץ? האָט מען געזען ר׳ שמערעלען ווי ער שטייט מיט דער לאָפּעטע און לייגט אַריין אַ לעמעשקער נפֿטר אין קבֿר אַריין — וועמען וואָלט זיך עס צוגעגלויבט, אַז דער נעמלעכער ר׳ שמערעלע האָט אַ פּה מפֿיק מרגליות ווען די פֿידעלעך הויבן אָן אויפֿצושפּילן און דער בדחן דאַרף אָנהויבן דאָס זאָגעניש?

אין לעמעשקע האָט יעדע זאַך געהאַט איר צייט, איר לכל־עת, פּונקט ווי אין כעלם.

ר׳ שמערעלע איז נישט געוועזן בדחן אין אַזאַ כרך גדול בישראל ווי אָסטראָפּאָליע. ער האָט זיך נישט געקענט, ווי ר׳ יאָקל, פֿאַרגינען צו שיטן טאָג און נאַכט מיט גראַמען. ער האָט געמוזט האַלטן חשבון אין די קהלישע מלאכות. איז ער אָבער געשטאַנען צווישן קלעזמאָרים, האָט די צונג זיך ביי אים אויפֿגעטייעט מיט גראַמען ווי אַ פֿעלד נאָכן רעגן.

דעמאָלט האָט ר׳ שמערעלע באַוויזן בדחנישע חידושים.

ביי אַנדערע מלאכות איז די צונג אים אַנטשטומט געוואָרן ווי אַ לעמעלע. ווו זענען די גראַמען? ייִדן האָבן געזאָגט, אַז ווען עס שפּילן נישט די קלעזמאָרים, ליגן די גראַמען ביי ר׳ שמערעלען הינטערן פּריי־פּעטשיק און שלאָפֿן.



## קאַפּיטל פינף און פופציק

ר׳ שמערעלע דערציילט וועלט־נייעסן.

עס איז כמעט ווי אַ חוק אין אַלע תפוצות־ישראל, אַז דער שטאָט־נאַר געהער צום כלי־קודש. איז ר׳ שמערעלע אויך געווען לעמעשקער שטאָט־נאַר? וועגן דעם שרייבט נישט דער לעמעשקער פּנקס. דערפאַר שטייט דאָרט אַ סך געשריבן וועגן נאָך אַ מלאכה, וואָס ר׳ שמערעלע האָט אויסגעפירט צום לויב און כבוד פון לעמעשקער קהילה.

ער איז געווען דער שטאָט־ליגנער. דאָס איז זייער אַ וויכטיקע שטעלע אין דעם כלי־קודש פון אַ שטעטל.

שייך זאָגן שטאָט־ליגנער? ר׳ שמערעלע איז געווען אַ שטיקעלע מגזם און ליב געהאַט צו דערציילן פון די יאַרידן אין הימל. שייך זאָגן אַ מגזם?

לעמעשקע איז געלעגן ווייט פון דער גרויסער וועלט. ווי כעלעמער אייניקלעך, האָבן לעמעשקער ייִדן געחלשט צו הערן וועלט־נייעסן. איז געגאַנגען ר׳ שמערעלע און האָט אויך אין דעם דאָזיקן פרט געטון זיין מלאכה מיט דער גאַנצער שלימות.

ווען ווילן ייִדן הערן וועלט־נייעסן? אַ גאַנצן טאָג פראַצעוועט מען אויף פרנסה. זומער־לעבן קומט די נאַכט אויף לעמעשקע גאָר שפּעט הער, העט. ס׳איז דעמפיק און הייס. לעמעשקער ייִדן, אין יאַרמלקעס און אין בלויזע אַרבע־כנפותן, זיצן אויף די פּריזבעס פון זייערע מפּולתן און קילן זיך אָפּ פון דער בייטאָגיקער זומערדיקער חמימה.

צו הערן וועלט־נייעסן איז די בעסטע צייט אין די לאַנגע ווינטער־דיקע נעכט. אין דרויסן קנאַקט דער פראָסט. לעמעשקע ליגט פאַרגראָבן אין שנייען — אַז אין יוצא ואין בא.

די וועלט איז נישט קיין ציג! זי אַנטלויפט נישט און זי קען וואַרטן

מיט אירע נייעסן, ביז עס וועלן זיך מאַכן די גרויסע שנייען, די שאַרפֿע פֿרעסט און די לאַנגע נעכט.

לעמעשקע, מקטן ועד גדול, האָט זיך דעמאָלט אַוועקגעזעצט אַרום דעם בית־המדרש־אויוון. דער אויוון האָט פֿון זיך געשלאָגן אַ וואַרעמ־קייט. איבער די פֿינצטערע שנייען אינדרויסן האָבן געפּיפֿן פּראָסטיקע ווינטער־ווינטן. טיילמאָל האָבן זיך געמאַכט זאַוויערוכעס.

זיצנדיק לעבן וואַרעמען אויוון און דווקא ווען אינדרויסן האָבן גע־בושעוועט זאַוויערוכעס, האָבן לעמעשקער ייִדן ליב צו הערן ווי ר׳ שמערעלע דערציילט וועלט־נייעסן.

די וואָס האָבן געזען דעם בדחן ביי אַנדערע קהלישע מלאכות וואָלטן געוועזן געשווירן, אַז עס איז גאָר אַ נייער ר׳ שמערעלע.

ער איז געזעסן אין מיטן לעמעשקער קהל אין אַ יאַרמלקע און אין אַ וואַרעמען וואַטאָווען שפּאַנצער. פֿון זיין מויל האָבן זיך אַרויסגעשיט די וועלט־מרחקים מיט אַן אויסטערלישער שפע. ס׳האָט זיך עפּעס ווי אויס־געדוכט: די מרחקים האָבן פֿאַרגעסן אַלע זייי־געזונטן און, רייטנדיק אויף ר׳ שמערעלעס צונג זענען זיי אויך אַ קאַפּעטשקע געקומען זיך אָנוואַרעמען ביים לעמעשקער בית־המדרש־אויוון.

און טאַקע אַזוי! וואָס וועלן די וועלט־מרחקים טוען אינדרויסן אין אַזעלכע פֿינצטערע זאַוויערוכעס?

קיינער אין לעמעשקע געדענקט נישט ווען האָט דאָס ר׳ שמערעלע פֿאַרלאָזן דאָס שטעטעלע און גענומען מיט זיינע פֿיס אַרומטאָפּטשען אין די ווייטענישן. — פּאָרט האָט די אַלע וווּנדער — וועלכע מיר וועלן שפּע־טער פֿאַרשרייבן — ר׳ שמערעלע דערציילט נישט עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיי סתם חלילה געהערט. נייִן! אַלצדינג האָט ער געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, ווען ער איז אַרומגעפֿאָרן אין די מרחקים. ער האָט נישט ליב צו דערציילן מפּי־השמועה.

לעמעשקער ייִדן, וואָס האָבן געמיינט, אַז זייער שטעטעלע איז דאָס קלענסטע טל־ומטרל אין דער וועלט, האָבן פּלוצעם דערזען, ווי לעמעש־קע וואַקסט און וואַקסט און שפּרייט אויס אירע פֿליגלען ווי אַ גרויסע געטרייע קוואָקע. די מרחקים פֿון דער וועלט אָבער, ווערן קליין ווי די פּיטשינקע הינדעלעך און קריכן אַרונטער אונטער די אויסגעשפּרייטע לעמעשקער פֿליגלען ווי אונטער אַ געטרייער הינערישער מאַמע.

**
*

אין די קומענדיקע קאַפּיטלען וועל איך ביי די לייענער בעטן מחילה. זאָלן זיי נישט מיינען, חלילה, אַז ר׳ שמערעלע איז געווען אַ יוצר בוי־דעם והרים און געבאַקן כזבים ושקרים אָן ברעגן און גדרים און אַז ער האָט דערציילט פון קי, וואָס פליִען איבער די דעכער ווי אַ זאַוויערוכע און ווי אַ וויכער. שייך זאָגן, אַז ר׳ שמערעלע איז געווען אַ מאַרוויכער? שייך זאָגן, אַז ווען ר׳ שמערעלע וואָלט געשוויגן און נישט דערציילט קיין ליגן, וואָלט אויף דער וועלט געווען בעסער און ניחא׳ער? איך בין אין דעם נישט זיכער. קלאָר און אָן רמז שטייט עס פאַרשריבן אין די ביכער ווי אַ קרן־קימת. מיר ווייסן פון פּראַקטיק, אַז וואָס ביכער זאָגן, איז נייערט צדק און אמת.

מיר וועלן אויך דערציילן ווי ר׳ יאָקל האָט הערשעלען געברענגט קיין לעמעשקע אים צו באַהאַלטן פאַר די כאַפּער. ר׳ שמערעלע האָט פאַר די געסט געמאַכט, ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, אַ סאַפּער, דער סאַפּער איז נעבעך געווען גאָר אַ קנאַפּער.

טייערע לייענער! — לייענען און שטוינען וועט עטץ ווי דער וואַרשע־ווער מחבר איז האַלב פילִיסוף און האַלב לץ.



## קאַפּיטל זעקס און פופציק

ר׳ שמערעלע פאָרט אין די ליטווישע וועלדער און פון הינטן יאָגן אים הונדערט וועלף.

**א**מאָל אין אַ ווינטערדיקן אויפדערנאַכט. לעמעשקע איז געלעגן איבערן קאָפּ פאַרשיט מיט שניי. דער פראָסט האָט געקנאַקט. אין דעם פינצ־טערן דרויסן האָבן געוואָיעט די ווינטן. אין בית־המדרש האָט דער אויוון גע־וואַרעמט אַ מחיה. אויפן עמוד האָט געצאַנקט דער נר־תמיד. אויף דער בית־המדרש־סטעליע האָט טריב געפלאַקערט אַן אַלטע אייל־לאָמפּ און געוואָרפן אירע שאָטנס אויף לעמעשקער קהל, וואָס איז געזעסן און זיך געוואַרעמט אַרום דעם אויוון.

כדרכו, ווי זיין שטייגער איז, איז ר׳ שמערעלע געזעסן אין זיין יאַרמל־קע און אין דעם וואַטאָוון שפּאַנצער. — ער איז געזעסן אינמיטן קהל און גאָר האַרט ביים אויוון.

די צונג האָט זיך ביי אים אויפגעבונדן מיט מעשיות פון די מרחקים. פאַרשטייט זיך, אַז אַלצדינג וואָס ער האָט דערציילט, האָט פּאַסירט מיט אים אַליין. „איך דערצייל נאָר בלויז דאָס, — האָט ר׳ שמערעלע געזאָגט, — מה שראו עיני, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען, און נישט וואָס די אויערן האָבן נייערט געהערט“.

— ווען איך האָב געהאַנדלט מיט בערן־פעלצן און זיי פאַרקויפט צו די גרעסטע פריצים — האָט ר׳ שמערעלע אָנגעהויבן דערציילן — איז מיר אמאָל אויסגעקומען צו פאָרן איבער דער ליטע. אין דער ליטע זענען פאַראַנען גרויסע וועלדער, וועלדער אַלטע און פינצטערע. וועלדער, וואָס אין זייערע מרחקים האָט נאָך נישט געטרעטן קיין פוס פון אַ בן־אדם, עס איז דאָרט אין יוצא ואין בא. קיינער וואָלט פון דאָרט נישט געטראָפן אַרויסצוקומען. ער וואָלט שוין אייביק געמוזט בלייבן אין די וועלדער און זיך געוויינען צו עסן גראָז.

אין יענע פינצטערע וועלדער אין דער ליטע לויפן אַרום סטאַדעס מיט בערן. ווען מען הערט די בערן ברומען פון דערווייטנס, נעמען הענט און פיס ציטערן פון פחד און שרעק.

אויף יענע בערן לאָזן זיך אַרויס טויזנטער פויערן מיט ביקסן און מיט פּיסטוילן. מען באַקט זיי, די בערן, נישט קיין לעקעכלעך. מען ציט פון זיי אַראָפּ די וואַרעמע פעלן.

בין איך טאַקע געפאָרן קיין ליטע אָפּצוקויפן ביי די פויערים די בערישע פעלן און געמאַכט מיט זיי מסחר. עס איז מיר געגאַנגען — אויף לעמעשקע אַזאַ יאָר.

פאָר איך מיר אַזוי — האָט ר׳ שמערעלע ווייטער דערציילט — פאָר איך מיר אַמאָל אזוי אין די טיפענישן פון די ליטווישע וועלדער. עס איז געווען העט, העט ווייט אין ווינטער. אין די וועלדער איז דער שניי געלעגן קלאַפטער הויך. מען קאָן זאָגן בלי־גוזמא, אַז ער האָט דער־גרייכט כמעט ביז צו די שפּיצן פון די ליטווישע ארזי־לבנון. איך בין גע־פאָרן אין אַ ברייטן שליטן געשפּאַנט אין פיר סוסים. וואָס זאָג איך סוסים!? לייבן! נאָר לייבן קאָנען דאָרט אַדורכקומען מיט אַ שליטן.

איך פאָר און פאָר אין דעם אין יוצא ואין בא. עס פאַלט צו די נאַכט. אין די וועלדער ווערט חושך־מצרים. עס מאַכט זיך די אמתע זאַ־ווערוכע. אָט נעמט די וועלט און דרייט זיך איבער מיטן פעלץ אויף קאַ־פּויער. ווינטן וואָיען און פייפן ווי מלאכי־חבלה. פון אויבן, פון אונטן, און פון פאָרנט שמייסט דער שניי. זיץ איך מיר גוט איינגעוויקלט אין אַ סך בערן־פעלצן און מיר איז וואַרעם ווי איצט ביים אויוון.

עס שנייט, עס וואָיעט און עס פייפט אינעם חושך. די לייבן לויפן מיטן שליטן ווי די רוחות. און איך זיץ מיר אַזוי אין די בערן־פעלצן און טראַכט פון אַ האַרבן תוספות. פלוצים...

— וואָס פלוצים? — האָט גאַנץ לעמעשקער קהל געפרעגט בפה אחד. מען האָט געזעען בחוש ווי ר׳ שמערעלע האָט גענומען און אַריינגעבערענגט די ליטווישע וועלדער אין לעמעשקער בית־המדרש אַריין.

— פלוצים דריי איך מיך אויס — האָט ר׳ שמערעלע געזאָגט מיט אַ פשטות, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ לעמעשקער קאַטשקע — ערשט איך זע הונדערט וועלף. שייך וועלף? הונדערט רציחהדיקע שור־הברס יאָגן זיך פון הינטן. מען האָט פשוט געקאָנט אָפּציילן הונדערט וועלף

ווי הונדערט ברייטלעך. אָט זענען זיי שוין ביים שליטן. פון וואָס מוז אַ ייִד דעמאָלט טראַכטן? פון ווידוי, פאַרשטייט זיך.

— הונדערט וועלף? האָבן לעמעשקער ייִדן, אַרום דעם אויוון, גע־שאָקלט מיט די קעפּ.

— הונדערט וועלף ווי די בערן — האָט ר' שמערעלע זיך איינגע־שפּאַרט — איר וועט ביי מיר נישט אָפּדינגען אפילו כי הוא זה — ר' שמערעלע האָט אויפגעהויבן צו לעמעשקער קהל דאָס קליינע פינגערל פון זיין לינקער האַנט און געוויזן, וואָס מען וועט ביי אים נישט אָפּדינגען.

ר' וואָלף דער דאָרפס־גייער איז געווען אַ ייִד אַ פּראָסטאַק, קוים ער האָט געקאָנט אַדורכקומען בשלום אַ שטיקל חומש מיט רשי, ער פלעגט אַרומגיין איף די דערפער און איינקויפן ביי פויערים פעלעכלעך פון האָזן. — דער נעמלעכער ר' וואָלף איז אויך געזעסן מיט לעמעשקער ייִדן ביים אויוון און ער האָט פּלוצים אַ פרעג געטון:

— ווי קאָן מען דאָס, ר' שמערעלע, אָפּציילן הונדערט וועלף און נאָך דערצו אין מיטן זאַוויערוכע און פינצטערנישׁ? דערצו, ווען די וועלף זענען שוין אָט, אָט און מען באַדאַרף זאָגן ווידוי? אפשר האָט איר שלעכט געציילט, ר' שמערעלע?

ר' שמערעלע האָט אַרונטערגעלאָזן דאָס אויפגעהויבענע קליינע פינ־גערל פון זיין לינקער האַנט.

— מילא זאָל זיין, אַז עס זענען נישט מער געווען ווי פופציק וועלף — האָט ר' שמערעלע געזאָגט שוין מיט אַ ביסל קנאַפּער האָפּערדיקייט — און ביי פופציק וועלף, מיינט איר, באַדאַרף אַ ייִד נישט זאָגן ווידוי?

ר' וואָלף דער דאָרפס־גייער האָט נישט אָפּגעלאָזט:

— און די פופציק וועלף האָט איר טאַקע אָפּגעציילט אחד באחד, אַ גראָשן פאַר אַ גראָשן?

— ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן. וואָס מיינט איר, ר' וואָלף, עס זיצט דאָ פאַר אייך עפּעס אַ בטלן? — האָט ר' שמערעלע געזאָגט. — איך קען ברוך השם תשבורת און ווייס צו מאַכן אַ חשבון.

— טאַקע פופציק ווי די בערן? — האָט ר' וואָלף ווייטער געפרעגט, — איר האָט אָפּגעציילט פופציק וועלף — עד לפרוטה — אין מיטן נאַכט אין אַ זאַוויערוכע?

— שייך זאָגן פופציק — האָט ר' שמערעלע געזאָגט — און צוואַנציק וועלף זענען ביי אייך, ר' וואָלפשי, קיי און שפּיי?

— טאַקע גאַנצע צוואַנציק? — האָט ר׳ וואָלף ווייטער געפּאָרשט.

— שייך צוואַנציק — האָט ר׳ שמערקע געענטפערט. ער האָט אָנגע־הויבן צו ווערן בידעריקער ווי גראָז און האָט זיך געקראַצט אונטערן וואַ־טאָוון שפּאַנצער — מיינט איר, ר׳ וואָלף סערדצע, אַז ווען עס יאָגן אייך פון הינטן צען וועלף, דאַרפט איר נישט זאָגן קיין ווידוי? און פינף וועלף קענען נישט אויפעסן פיר סוסים ווי די לייבן, אַ גאַנצן שליטן מיט בערן־פעלצן און אַ ייִד בתוכם? — און אפילו צוויי וועלף? און אפילו גאָר איין וואָלף? איך וואָלט אייך, ר׳ וואָלף, נישט געווינטשן צו פאָרן אויף אַ שליטן אין די ליטווישע וועלדער און פון הינטן זאָל אייך הענדום־פּענדום יאָגן אַ וואָלף.

— טאַקע אַ גאַנצער וואָלף? — האָט ר׳ וואָלף דער דאָרפס־גייער גע־פרעגט מיט גרויס חידוש.

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, ר׳ וואָלפשי, — האָט ר׳ שמערעלע גע־זאָגט מיט רוגזה — רעדט איר דאָך שוין, איך בעט איבער אייער כבוד, ווי אַ מלופום־קינד. ס׳טייטש, אַז מען זיצט אין אַ שליטן איינגעוויקלט אין בערן־פעלצן, מען טראַכט וועגן אַ האַרבן תוספות, און עס דוכט זיך אויס, אַז פון הינטן מאַכט עמיצער „מע״ — ווער קען מאַכן „מע״ אויב נישט קיין וואָלף?



# קאַפּיטל זיבן און פופציק

אַ מעשה־נורא אין דער פּראגער שול.

אַז אַנדערש מאָל האָט ר׳ שמערעלע ווידער דערציילט פאַר לעמעשקער קהל אַ מעשה, וואָס האָט זיך מיט אים געטראָפן אין די מרחקים פון דער וועלט.

— צוליב מסחר — האָט ר׳ שמערעלע געזאָגט — איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויפן פּראָגער יאַריד. עס רעדט זיך אַזוי — פּראָגער יאַריד. מיר האָבן אַ קיימא־לן, אַז פּראָג איז טויזנט מאָל גרעסער פון לייפּציק. האָב איך זיך דאָרט אויפן פּראָגער יאַריד אַ גאַנצן טאָג אָנגעהאַנדלט ווי אַ פויק. לסוף האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אַ ייִד מוז פאָרט איבערלאָזן אַלע גאָלדענע מסחרים און גיין דאַוונען מנחה.

גיי איך אין דער שול אַריין דאַוונען מנחה.

טו איך אַ קוק אויף פּראָגער שול — שייך זאָגן אַ שול! פּשוט עס זענען מרחקים אינמיטן פּראָגער יאַריד. קוק אויף איר אַהין, קוק אויף איר אַהער — דאָס אויג קען בשום אופן נישט פאַרנעמען אַזאַ גרייס און אַזאַ ברייט. די שול ציט זיך אַוועק העט, העט אויף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. אויף מזרח און אויף מערב, אויף צפון און אויף דרום. און אַ הייכעניש האָט זי — עד לב השמים. פונעם „מגן־דוד“ אויף איר דאַך ביז צו דער לבנה איז סך־הכל נישט מער ווי אַ תחום־שבת.

— הכלל, איך קום אַריין אינעווייניק און זוך אַ מנין ייִדן. זע איך נישט קיין ייִד אויף אַ רפואה. פרעג איך מיך: ס׳טייטש? ענטפערט מיר דער שול־שמש: — ער האָט געהייסן ר׳ טודרוס — אַז איצט, מנחה־צייט, דאַווענען אין שול צען טויזנט מנינים ייִדן, נאָר זיי זענען צעשפּרייט איבער די ווייטעניש פון דער שול. גיי און געפין ייִדן, ווען זיי זענען צעשפּרייט אויף אַזעלכע מרחקים! זע איך, אַז ווי א פרעמדער, וועל איך דאָ נישט געפינען

קיין מנין. שטעל איך מיך אַוועק ביי אַ וואַנט און דאַוון מיר מנחה ביחידות. כ׳האָב דען געהאַט אַן אַנדער עצה?

ר׳ שמערעלע האָט ווייטער דערציילט:

— ווען מען רופט אויף אין דער פּראָגער שול אַ ייִד אויף אַן עליה, מוז מען איינשפּאַנען אַן עקסטראַ־פאַטשט מיט אַכט ברענענדיקע סוסים נאַשפּיץ. דער שמש ר׳ טודרוס מוז פאָרן און אַהערברענגען דעם אויפגערו־פענעם ייִד. טייל מאָל זיצט דער ייִד ווייט. איז כאַטש די קאַטש פליט איבער דער שול ווי אַ פייל פון בויגן, געדויערט עס עטלעכע וואָכן ביז מען ברענגט דעם אויפגערופענעם אַהער צו דער עליה.

— שמחת־תורה אויפדערנאַכט — האָט ר׳ שמערעלע ווייטער דער־ציילט — אַז מען גיט אַ ייִד אַ הקפה אין דער האַנט אַריין און מען הייסט אים אַרומגיין אַרום דעם באַלעמער, מוז ער גיין און גיין צופוסנס אַ יאָר צייט ביז ער רינגלט מיט דער הקפה אַרום דעם באַלעמער. ער קומט מיט דער ספר־תורה צוריק צום שמש ר׳ טודרוס פונקט אַקוראַט איבעראַיאָר שמחת־תורה.

— מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה — דערציילט ווייטער ר׳ שמערעלע — און איך האָב געהערט, אַז אין דער שול איז אַ חתונה. פון קדמונים איז אין פּראָג אַ מנהג, אַז אַ חופה שטעלט מען אין דער שול. בין איך מיך מיישב: וואָס וועל איך מיך דאָ אַרומדרייען און מסחרן אויפן יאַריד? כ׳בין דאָך עפּעס אַ בדחן אין לעמעשקע. בין איך געווען טשיקאַווע צו הערן ווי אַ פּראָגער בדחן פירט חתן־כלה צו דער חופה. ס׳איז דאָך מכל מלמדי השכלתי, בין איך זיך ווייטער מיישב: לאָמיר אָקערשט גיין און הערן ווי מען גראַמט אין פּראָג. איך וועל מיר די פּראָגער גראַמען פאַרשרייבן אונטערן אויער און וועל זיי נאָכזאָגן, אם ירצה השם, ווען מיר וועלן עס דערלעבן, אין לעמעשקע אויף אַ חתונה.

כך הוה.

דערציילן אייך פון אַ חופה אין דער פּראָגער שול — וואָלט מיר אויס־געקומען צו זיצן מיט אייך דאָ ביז איבעראַיאָר ווינטער און עס וואָלט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן.

לאָמיר זאָגן, אַז מען האָט שוין חתן־כלה אַרומגעפירט די זיבן מאָל אונטער דער חופה. וואָס עס זענען פּראָגער מחותנים און פּראָגער מחותנתטעס, פאַרשטייט איר אַליין. די בריליאַנטן און דימענטן וואָס האָבן געהאָנגען בלויז אויף איין באָבען מצד דער כלה, האָט ראָטשילד נישט

געהאַט געזען אפילו אין חלום! אַלצדינג גייט כשורה און מיטן גרויסן קנאַק. דער חזן — ער האָט געהייסן ר׳ פּדהצור — זינגט „מי אדיר". אָט,אָט נעמט ר׳ שראַגע פּייוויש, דער פּראָגער מורה־הוראה, און גייט לייענען די כּתובה.

— מאַכט זיך אַ מעשה —

אין דער פּראַגער שול הענגט אַ גרויסער הענגלייכטער פון סאַמע־ראָדנעם געלן בורשטין. קוקט מען אַרויף צום בורשטינענעם הענגלייכ־טער און מען זעט זיינע רערן און רערעלעך, דוכט זיך אויס, אַז אויף דער סטעליע פון דער פּראָגער שול הענגט אַ געלער וואַלד. צינדט מען דאָרט אָן ליכט דוכט זיך ווידער אויס: אַ וואַלד האָט זיך אָנגעצונדן.

— דאָס דערציייל איך בלויז בדרך־אגב — האָט ר׳ שמערעלע גע־זאגט און א מאך געטון מיט דער האַנט, גלייך ווי קעגן דעם, וואָס ער גייט איצט דערציילן, איז דער בורשטינענער הענגלייכטער, דער געלער וואַלד אויף דער סטעליע, הייסט עס, נישט מער ווי עפּעס דאָרט א שמעק־טאַבאַק.

— ווי איר ווייסט, ליבע ייִדן — האָט ר׳ שמערעלע וייטער געזאָגט, — האָט בורשטין אַ טבֿע צו זיך צוצוציִען שטרוי.

— פּלוצים — עס האַלט שוין דערביי, אַז די כלה שטרעקט אויס דעם פינגער און דער חתן גייט זאָגן „הרי־את", זעט מען, ווי די כלה איז זיך מיישב און בכל יפיה, אין איר גאַנצער שיינקייט, פליט זי אַוועק אין דער לופטן.

— קודם־כל, און נישט געקוקט אויף זייערע בריליאַנטן און דימענטן, זענען אלע מחותנתטעס אַוועקגעפאלן אין חלשות.

— ר׳ שראַגע פּייוויש, דער פּראָגער מורה־הוראה, האָט אונטער דער חופּה גענומען דעם גרויסן שמעק־טאבאק און געזאָגט:

— עס איז נייערט מעשה־כשוף. שדים, צי סתם לצים און ווּלקי־לאַקעס האָבן אַוועקגעגנבֿעט די כלה פון אונטער דער חופּה. אין אַלטע ספרים האָבן מיר שוין געלייענט אַזעלכע מעשיות. ס׳איז זיך נישטאָ וואָס צו וווּנדערן. אַזעלכע טרעפענישן פון „יענע־לייט" מיט אַ ייִדישער כלה זענען אַלט ווי די וועלט ואין כל חדש תחת השמש.

— איז דאָך אָבער ר׳ טודרוס דער פּראָגער שול־שמש, אַ קלוגער ייִד, דערצו איז ער אַ ווילדער בעל־דקדוק און קען חשבון ותשבורת, נעמט ער אַרויס אַ שפּאַקטיוו פון דער קעשענע און הויבט זיך אָן אַרומצוקוקן

איבער דער שול. איר דאַרפט וויסן: אַלע מתפללים אין דער פראָגער שול מוזן ביי זיך האָבן שפּאַקטיוון. אַזיסט, ווי וואָלטן זיי זיך אויסגעפינען אין אַזעלכע מרחקים? נעמט הייסט עס, דער שמש ר׳ טודרוס, און הויבט זיך אָן מיטן שפּאַקטיוו אַרומצוקוקן אין דער שול. ער טוט אַ קוק אַרויף, וואָס זעט ער?

— הערט אַ מעשה!

די חופה איז אַקוראַט געשטאַנען אונטערן בורשטינענעם הענגלייכ־טער. ביי דער כלה אין קעשענע האָט זיך, מעשה בעל־דבר, פאַרוואַלגערט אַ שטרוי, נעמט דער הענגלייכטער און גיט אַ צי אַרויף צו זיך די כלה.

דורכן שפּאַקטיוו זעט מען בחוש ווי זי הענגט בכל יפיה, אין איר גאַנצער שיינקייט, אינמיטן דעם געלן וואלד.

— אַלע מחותנים און מחותנתטעס, און בתוכם דער פראָגער בדחן, האָבן גענומען זייערע שפּאַקטיוון און אַרויפגעקוקט צום הענגלייכטער. אַלע האָבן געזען אַז דברי ר׳ טודרוס השמש זענען אמת וצדק.

— האָט מען גענומען אַ סך לייטערס און אָנגעהויבן אַרויפצוקריכן צום הענגלייכטער, בכדי אַרונטערצונעמען די כלה.

— מחמת דער הויכעניש האָט דאָס קריכן אַרויף געדויערט כמה וכמה שנים.

— ווען מען האָט סוף־כל־סוף אַרונטערגעברענגט די כלה צום חתן איז זי שוין געווען אַן אַלטע יידענע.

— אַזוי לאַנג האָט געדויערט דאָס אַרויפקריכן צום בורשטינענעם הענגלייכטער אין דער פראָגער שול.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועט ר׳ שמערעלע נישט דערציילן פון זיידנס און פון סאַמעט. מיר וועלן אים טרעפן אין דעם ביטערן מעמד פון אַ לעמעשקער מלמד. ער וועט נישט זיצן אין קיין גאָלדענעם פּאַנצער, נייערט אין אַ פאַרפעדערטער יאַרמלקע און אין וואַטאָוון שפּאַנצער.

ר׳ יאָקל וועט הערשעלען אַריינפירן ביי דער האַנט און וועט זאָגן: ר׳ שמערעלע, איר האָט דאָך עפּעס דעם גרויסן פאַרשטאַנד, באַהאַלט מיר דעם יתום פון די כאַפּערס — באַדיי הינטער אַ וואַנט.

מיר וועלן אויך דערציילן פון אַ לעמעשקער יאַריד ווו הערשעלע וועט ווייזן וואָס עס הייסט אַ חכם אַ ייִד.

מיר וועלן אייך ווייזן ווי אַזוי הערשעלע דער קליינער איז שוין, ברוך־השם, אַ חכם מיט ביינער. אַזוי ווי עס שטייט: במעלליו יתנכר — שוין קליינערהייט איז הערשעלע געווען אַ גרויסער קנאַקער. כ׳בין אָסור אַ האָר נישט משקר.



# קאַפיטל אַכט און פופציק

זיסעלע די רביצין קאָכט וועטשערע.

ס'איז געווען נאָך אַ הייסן, זומערדיקן טאָג. ר' שמערעלע האָט שוין פונאַנדערגעלאָזט דאָס חדר. אויפן טיש זענען געלעגן עטלעכע צערי־סענע חומשים. אין בלויזן אַרבע־כנפות און מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ איז ר' שמערעלע געזעסן אויבנאָן ביים טיש. לעבן אים איז געלעגן דער קאַנטשיק.

ער האָט געוואַרט, אַז זוגתו זיסעלע זאָל אים געבן וועטשערע.

זיסעלע — די רביצין, די בדחנטע, די שמשטע, די סופרטע. (מען האָט זי אַלע מאָל גערופן מיט אַן אַנדערן נאָמען) —איז געווען גאָר, גאָר א דריבנע ווייבעלע. אַן אמת לעמעשקער טל־ומטרל. ווען מען האָט געקוקט אויף איר גרויס האָט מען געקענט האָבן אַ השגה וועגן די מרחקים פון לעמעשקע. זי איז טאַקע געווען אַ פּיצעלע ייִדענע, פונדעסטוועגן איז זי ביי ר' שמערעלען געגאַנגען אין די פּלודערן. ער האָט פאַר איר געציטערט אימת־פּאַדפּאַנטאָפּליע.

וועט דאָך דער לייענער פרעגן: ס'טייטש? ר' שמערעלע איז דאָך איינער אַליין דער גאנצער לעמעשקער כלי־קודש, דערצו איז ער אַ ייִד, וואָס איז אויסגעווען אַ וועלט מיט מרחקים און אויסגעהאַנדלט די גרעס־טע מסחרים סיי אין די ליטווישע וועלדער און סיי אויף די פּראגער יאַ־רידן?

איז דער תירוץ: מן־הסתם האָט זיסעלע געגעבן ר' שמערעלען די גוטע וועטשערע און ער האָט נישט געוואָלט מיט איר איינרייסן.

טוט זיך עס אָבער נישט אַזוי ווי עס רעדט זיך.

זיסעלע האָט טאַקע געהאַט אַ מויל אויף שרויפן און האָט געקאָנט עפענען אַ מענה־לשון גלייך ווי זי אַליין וואָלט געווען אַ גאַנצע ווייבער־

שול. צו קאָכן װעטשערע האָט זי אָבער געהאַט העגט װי העלצער און זיי האָבן זיך קוים גערירט. גראָד דעמאָלט, װען ר׳ שמערעלען האָט שוין דאָס לעפּעלע געצויגן אויף חלשות און ער האָט מיט בײדע אויגן אַהין געקוקט צום פּריפּעטשיק — איז דאָרט געװוען חושך־מצרים. װאָס איז? זיסעלע זיצט איצט בײ אַ שכנטע און מען מאָטלט בײזאמען, װאָס עס טוט זיך אין די לעמעשקער טעפּ.

אַלע טעפּ האָט זיסעלע געהאַט אין זינען נאָר נישט דאָס טעפּל װע־טשערע פאַר איר מאַן ר׳ שמערעלע.



## קאַפּיטל ניין און פֿופֿציק

זיסעלע באַווײַנט בײַם פּריפּעטשיק איר פֿינצטער מזל.

אוּיבנאָן, בײַם טיש, איז ר׳ שמערעלע געזעסן כּדרכּו, ווי זײַן שטייגער איז, לעבן די צעריסענע חומשים. דערשראָקן פֿון דעם הונגער, וואָס האָט אים גענאָגט ווי אַ בייזע פּיאַווקע, האָט ער געקוקט דאָ אויפֿן מלמ־דישן קאַנטשיק, און דאָ אויף דער רביצין זיסעלע. זי איז געשטאַנען בײַם פּריפּעטשיק און זיך, מישטיינס געזאָגט, געפּאָרעט בײַ דער וועטשערע.

ר׳ שמערעלע האָט געהאט אַ גוטע ראיה און ער האָט נישט באַדאַרפֿט קײן שפּאַקטיוו, ווי די מתפּללים אין דער מרחקימדיקער פּראָגער שול. האָט ער פֿונדערווײַטנס נעבעך געזען, ווי בײַ זיסעלען אין טעפּל האַלט עס נאָך גאַנץ ווײַט פֿון צו זײַן אַזוינס ווי אָפּגעקאָכט.

זיסעלע האָט געהאַט עפּעס בילכערס צו טון ווי אָפּצוקאָכן די וועטשערע.

דאָס מאָל האָט זיך איר געעפֿנט. פּלוצים אינמיטן דרינען האָט זי אָנגעהויבן ר׳ שמערעלען צו יאַדען, הלמאי זי האָט בײַ אים אַזאַ פֿינצ־טער מזל.

אַזעלכע אָפּטע טענות פֿון דער רביצין זיסעלע האָבן זיך תּמיד אויס־געלאָזט מיט ביטערע יללות. דאָס טעפּל וועטשערע אויף די פּייערקעס האָט דערבײַ אויסגענוצט דעם שעת־הכּושר און איז אינגאַנצן קאַלט גע־וואָרן.

ר׳ שמערעלע האָט אַ קוק געטון מיט זײַן שאַרפֿער ראיה און געזען, אַז מיטן וואַרעמעס האַלט עס ערשט גאָר בײַ דער אלף.

וואָס־זשע האָט ר׳ שמערעלע געטון? ער האָט אָנגענומען אַ מויל מיט שטומעניש. וואָס וועט ער דאָ רעדן? רעדן פּועלט דען?

איז ער געזעסן אַ הונגעריקער און זיך אונטערגעבאָמקעט אַ זמרל.

דערהערט, אַז דער פינצטערער גזלן, ר׳ שמערעלע, מיט וועמען זי, זיסעלע, האָט אַמאָל געגעסן די גילדענע יויך, באָמקעט גאָר א זמרל — איז זיסעלעס מזל געוואָרן נאָך פינצטערער. זי האָט זיך מיישב געווען און הויך אַרייַנגעוויינט אין איר פאַרטעך.

וואָס איז דערביי געוואָרן פון דער וועטשערע?

אויף אַלע שונאי־ציון געזאָגט!



## קאַפּיטל זעכציק

ר׳ שמערעלען הונגערט און ער באַמקעט אַ זמרל. — עס קומען אַריין ר׳ יאָקל מיט הערשעלען. — מען עסט וועטשערע.

זיצט אַזוי ר׳ שמערעלע און באַמקעט זיך, הייסט עס, אַ זמרל. ביים לעפּעלע ציט אים וואָס אַמאָל שטאַרקער. ער טוט ווידער אַ קוק אַהין מיט זיין שאַרפער ראיה צום פּריפּעטשיק. דאָס טעפּל וועטשערע איז אַנטשטומט געוואָרן אויף די פייערקעס. די ברענענדיקע שייטלעך האָלץ האָבן זיך דאָרט מיישב געווען און זיך אָנגעהויבן אויסצולעשן. זיסעלע כליפּעט אַריין אין איר פאַרטעך און ביי דער אָפּגעקילטער וועטשערע האָט זי חרטה אויף דער גילדענער יויך, וואָס זי האָט אַמאָל געגעסן מיט ר׳ שמערעלען.

עפנט זיך די טיר.

מיט גרויס רעש קומט אַריין ר׳ יאָקל בדחן פון אָסטראָפּאָליע. ביי דער האַנט פירט ער הערשעלען. ביידע צוזאַמען גיבן אַ קוש די מזוזה און רופן אויס:

— גאָט העלף, ר׳ שמערעלע!

דאָ האָט ר׳ שמערעלע אויפגעהערט צו באַמקען זיין זמרל. ער האָט אויסגעשטעקט אַ שלום־עליכם־האַנט צו די געסט.

— ברוך־הבא ר׳ יאָקל! ס׳הערט זיך ר׳ יאָקל? ס׳מאַכט איר ר׳ יאָקל? טאַקע אַ גאַסט אין לעמעשקע.

— איך בין אַהער געקומען אויף אַ חתונה, האָט ר׳ יאָקל געענטפערט.

— ס׳הייסט, א חתונה אין לעמעשקע? ווער מאַכט חתונה? און וואָס מאַכט חתונה? און ווען אַ חתונה? און ווו אַ חתונה? — האָבן ביידע, סיי ר׳ שמערעלע ביים טיש און סיי זיסעלע ביים פּריפּעטשיק, געפרעגט מיט גרויס חידוש.

ר׳ שמערעלע האָט פאַרגעסן, אַז עס ציט אים ביים לעפעלע, און זיסעלע האָט פאַרגעסן איר פינצטער מזל. ס׳טייטש, אַ חתונה אין לעמעשקע און דאָס גאַנצע לעמעשקער כלי־קודש זאָל נישט וויסן בשכבו ובקומו?

— ס׳איז אַ פינצטערע חתונה — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט און געוויזן אויף הערשעלען — ס׳מאַכט חתונה שלים־שלים־מזל מיט חושך־מצרים. משיח איז נאָך דערווייל נישט געקומען און מיר זאָגן נאָך נישט בדחנות אין ירושלים. ס׳איז ווי מען זאָגט: באו מים. מיר ליגן, ברוך־השם, ביין איילן אין דער אדמה און ס׳איז אָך און וויי אויף דער נשמה. מיר זענען אין גלות און מיר מוזן אַראָפּנעמען דאָס היטל און פון זיך מאַכן ביטול און זיך פאַר אַלעמען בוקן מודים. ר׳ שמערעלע, באַהאַלט מיר אָט דעם יתום אויף אייער בוידעם, זאָל ער דאָרט זיצן בלא־יודעים. ס׳איז אַ חתונה פון לעולם כאַפּסטע. אַ רוח אין זייער טאַטן. זיי גייען מיר, די כאַפּערס, ימח־שמם, מיין שיינדעלעס חתן אַוועקכאַפּן אין סאָלדאַטן. ייִדן בני אברהם, יצחק ויעקב, ווען מיר האָבן אַ שיין פּנים, ווען מען וועט זיי געבן פּיסטוילן אין די הענט אַריין און זיי מאַכן פאַר יונים.

— אַ בראָך איז מיר, ווי און פינצטער איז מיר, ווינד איז מיר! — וואָס הייסט אַ פינצטערע חתונה מיט פּיסטוילן? — האָט זיסעלע געמאַכט אַ געוואַלד. זי האָט פאַרגראָבן איר פּנים אין פאַרטעך און געמאַכט אַ וויסטע יללה.

ר׳ יאָקל האָט דערציילט צו וואָס ער איז געקומען קיין לעמעשקע.

זיסעלע איז פאַמעלעכל אנטשוויגן געוואָרן און אַרויסגענומען איר פּנים פון פאַרטעך. זי האָט געקוקט אויף הערשעלען דעם יתום און גע־שאָקלט מיט איר דריבנע קעפּל, אויף וועלכן עס איז איר טיף איבער די אויגן געזעסן אַ גרויסע צעריסענע שלאָף־קופּקע. ר׳ שמערעלע האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר וואָס, נאָר ער האָט גענומען דעם קאַנטשיק א״ן דער האַנט אַריין און מיט אים אַ פּאָך געטון אין דער לופטן.

— מילא, אַז עס גייט מציל צו זיין אַ ייִדיש נפש פון עשׂוס הענט — האָט ר׳ שמערעלע געזאָגט און זיך געקראַצט מיטן קאַנטשיק אונטערן אַרבע־כנפות — איז דאָך נישט שייך. מיר וועלן אים שוין באַהאַלטן און מאַכן פון אים אַ נסתר. זאָרגט זיך נישט, ר׳ יאָקל. מיר האָבן אַ בוי־דעם פון בוידעם־לאַנד. די כאַפּערס קאָנען אים דאָרט זוכן אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך. זיסלשי, זעסט דאָך מיר האָבן געעסט. טאָ נעם זיך שוין צו דער וועטשערע. איר זענט מן־הסתם הונגעריק ר׳ יאָקל?

— מה נאמר ומה נדבר? — האָט ר׳ יאָקל געענטפערט — אַז איר האַלט מיך ביים גרגרת, און ווילט דווקא איך זאָל עסן וועטשערע, האָב איך נישט קיין עצה. מוז איך זאָגן באָם. איין וועטשערע קאָן מען מיטן קייסער אויך מיטעסן. איידער צו שטאַרבן פון הונגער איז שוין בעסער צו עסן געבראָטנס.

ר׳ שמערעלע האָט אַהין געפּאָכעט צו זיסעלען מיטן קאַנטשיק און געזאָגט אַ האָפּערדיקער:

— אייל זיך, זיסלשי, אַ קאַפּעלע צו לכבוד די געסט. איך אַליין, זאָל־סטו מיר מוחל זיין, וואָלט אויך געוואָלט זען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי עס קוקט אויף טשעקאוועסט אויס א שיסעלע גריץ.

— ר׳ יאָקלשי, — האָט זיסעלע אַהער געשריגן פון פּריפּעטשיק און זיך פון דאָס ניי געגומען פונאַנדערבלאָזן די אויסגעלאָשענע האָלעוועש־קעס — זענט איר דאָך אַ היימישער ייִד, ר׳ יאָקל, און פאַר אייך מעג אַ ייִדענע אויסגיסן איר ביטער האַרץ.

זי האָט אויפגעהערט אַריינצובלאָזן אין די האָלעוועשקעס, און ווידער צוגענומען דאָס פאַרטעך צו די אויגן און אָנגעהויבן וויינען:

— זינט דער חופּה האָב איך פון אָט דעם גזלן אַ פינצטער מזל. פּרנסה גיט ער וואַסער אויף קאַשע , און געוואָלט וואָלט ער, אַז כ׳זאָל נישט אויסרעדן קיין וואָרט מיט אַ שכנטע, רק טאָג ווי נאַכט שטיין ביים פּרי־פּעטשיק און אים קאָכן גריץ מיט מאַרצעפּאַנעס און קובעבע!

— זאָרגט אייך נישט, זיסעלע — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט און אַ צי געטון מיט דער פּלייצע — זינט די מוטער חוה האָט געגעסן פון עץ־הדעת, שטייען ווייבער ביים פּריפּעטשיק און מאַנסבילן עסן קרענק מיט חולאת. נאַר גאָרנישט. מען דאַרף נישט זיין אין כעס. אודך איז אויך אַ באָרשט און גאָרנישט איז אויך אַן אכילה. אַ ייִד קען פון אַלץ האָבן שמחה וגילה. אַלץ קען זיין אַ „בי־הילולאָ״. אַ ייִד האַלט קיינמאָל נישט ביי „נעילה״. מאַכט נישט, זיסעלע, פון אַ וועטשערע קיין חוכאָ־וטלולא. אַ ביסל וואַסער קען שמעקן ווי שמן־זית ווען אין שטוב איז שלום־בית!

— גלייבט מיר, ר׳ יאָקלשי, ווען נישט אייער מויל, וואָס שיט פּערל און גראַמען, וואָלט ער, דער גזלן, נאָך געוואָרט צוויי שעה ביז איך וואָלט אים אָנגעשטאָפּט דעם בייזן האַלדז, — האָט זיסעלע געזאָגט און זיך גע־נומען צו דער וועטשערע.

ר׳ יאָקל מיט הערשעלען האָבן זיך דערווייל צוגעזעצט צום טיש. ר׳־

יאָקל האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פון די חתונות, וואָס גרייטן זיך אין אַסטראָפּאָליע. לסוף האָט ער זיך געפרעגט ביי ר׳ שמערעלען, וואָס עס הערט זיך מכוח חתונות דאָ אין לעמעשקע?

— ביז מען זעט דאָ אַ חתונה קריכן אַרויס די אויגן פון קאָפּ — האָט ר׳ שמערעלע געענטפערט מיט אַ זיפץ — ווער, מישטיינס געזאָגט, קאָן זיך אין לעמעשקע פאַרגינען חתונה מאַכן? סאַמע אביונים. די מיידן זיצן דאָ ביז אין די גראָע צעפּ אַריין.

— זאָרגט זיך נישט, ר׳ שמערעלע, — האָט ר׳ יאָקל געזאָגט — אין אַסטראָפּאָליע שמועסט מען, אַז אויף יידן גייען נייע צרות. די פּרנסה ליגט אָרצה. „כאַפּערס״ מאַכן כאַפּאָתאָ און באַפּאַלן אָרעמעלייט ווי הייִשעריקן. די בעלי־טאַקסע הייבן ווידער אויף די קעפּ און שינדן די הויט. עס איז, ר׳ שמערעלע, דער בעסטן סימן, אַז משיח האַלט שוין ביים קומען. איי צרות, צרות! מיר, עמך, אָרעמעלייט, דאַרפן גאָר כאַפּן דערביי דאָס אמתע טענצל און שלאָגן מיט דער וועלט כפּרות. זאָלן די נגידים, כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער, דינען צום גאָלדענעם קאַלב און צו אַנדערע עבודה־זרהס.

אַזוי שמועסנדיק איז די צייט דערווייל פאַרלאָפן צווישן די צוויי בדחנים און זיסעלע האָט סוף־כל־סוף אויפגעגעבן די וועטשערע.

זי האָט ארויפגעשטעלט אויפן טיש דריי קליינע שיסעלעך, וואָס זע־נען געווען קוים פול אויף דער העלפט מיט עפּעס אַ האַלב־קאַלט, שיטער־לעך וואסער. ר׳ שמערעלע האָט אַ קוק געטון אויף זיין שיסעלע ווי אויף אַן אבן־טוב. מן־הסתם איז ער כל־ימיו נישט געווינט געווען צו עפּעס בעסערס. ער האָט גענומען דאָרט גראַבלען מיט זיין בלעכענעם לעפל. ר׳ יאָקל איז פאָרט געווען פון כרך אָסטראָפּאָליע. הגם אין אָסטראָפּאָליע עסן נישט אַלע יידן די אייגענע וועטשערע, ווי ר׳ פינטע דער גביר, פון דעסטוועגן איז אים, ר׳ יאָקלען, פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ער האָט אַ זאָג געטון צו הערשעלען:

— פריי זיך קישקע! וועסט עסן קדחת!

הערשעלע האָט זיך צוגעבויגן צום טיש און מיט ביידע אויגן אַריינ־געקוקט אין זיין שיסעלע.

— עס, וויסטער יתום, האָט ר׳ יאָקל צו אים געזאָגט — אין מדרש „קרעפּל״ שטייט כתוב וחתום: אין אַ טשאָלנט און אין אַ שידוך קוקט מען נישט אַריין, וואָס עס געפינט זיך דאָרט אין טעפּל. אויף א פרעמדן ביסן — פרעגט מען נישט צי ער איז פון קפּריסין.

י. י. טרונק

— וואָס בין איך עפּעס אַ ייִד אַ מתּ? — האָט הערשעלע געזאָגט — אַ לעבעדיקער ייִד גליבט אין אַ נס. איך בין אין שיסעלע שטאַרק מעין. אפשר האָט דאָרט זיסעלע פּאָרט אַריינגעלייגט אַ ביסעלע צו קייען? הגם עס לייגט זיך מיר נישט אויפן רעיון, אַז עס זאָל ווערן אַ יש מאין.

די וועטשערע איז טאַקע נישט געווען איי־איי. דערפאַר האָבן די צוויי בדחנים מיט הערשעלען געבענטשט אַ בנעימותדיקן מזומן. עס איז געווען עפּעס צו הערן.



# קאַפּיטל איין און זעכציק

דער לעמעשקער האָן קרייעט אויף כּאַוּר.

דער לעמעשקער האָן האָט געקרייעט אויף כּאַוּר.
לעמעשקע האָט נאָר איין האָן. דער לייענער מוז וויסן, אַז לעמעשקע איז נישט אָסטראָפּאָליע, ווו עס זענען פֿאַראַן העגער לרוב מחמת ייִדן קענען זיך פֿאַרגינען זיי צו שחטן לכבוד שבת.

אים, דעם איינציקן האָן, האָט דאָס שטעטל אמאָל גאָר־גאָר פֿאַר־צייטנס געקויפֿט, און ער האָט געהערט צום כּלי־קודש און האָט געקרייעט פֿאַר ייִדנסוועגן. פֿאַרלאַנגען פֿון ר׳ שמערעלען, אַז אַ חוץ זיינע אַלע קהל־שע מלאכות זאָל ער אויך זיין קהלשער האָן און קרייען אויף כּאַוּר, דאָס וואָלט געווען צו פֿיל פֿאַרלאַנגט פֿון אַן איין און איינציקן בשר־ודם.

ווי אַלט דער לעמעשקער האָן איז, האָט קיינער נישט געוווּסט. אין לעמעשקער פּנקס שטייט אפֿילו פֿאַרשריבן, אַז די יוצאי־כּעלם האָבן מיט זיך אַהערגעברענגט אַ האָן, כּדי ער זאָל זיי וועקן אין כּאַוּר. מען האָט אָבער בשום אופֿן נישט געקאָנט דערגיין, צי עס איז נאָך אַלץ דער אַל־טער כּעלעמער האָן, צי עס איז זיינס אַ לייבלעך איניקל בן־אחר־בן. ווי עס זאָל נישט זיין — דער לעמעשקער האָן האָט געטון זיין מלאכה בשלימות און געקרייעט כּלחוף, כּדי ייִדן זאָלן וויסן ווי זיי האַלטן אין דער וועלט.

ר׳ יאָקל האָט זיך גאָר פֿריינטלעך געזעגנט מיט ר׳ שמערעלען און מיט זיסעלען, און איר, זיסעלען, גאָר שיין געדאַנקט פֿאַר דער גוטער וועטשערע. ער האָט איבערגעלאָזט הערשעלען, כּדי זיי זאָלן אים באַהאַלטן אויף זייער בוידעם פֿון בוידעם־לאַנד. שוין שטייענדיק ביי דער טיר מיט דער האַנט אויף דער מזוזה, האָט ר׳ יאָקל נאָך אַמאָל אָנגעזאָגט ברחל בתך הנאקעטע:

— זייט זיך מרחם און באַהאַלט מיר אָט דעם אָרעמען לויתן. מיין שיינדעלע קאָן מיר נאָך חלילה בלייבן אָן אַ חתן. — זעט, אַז קיינער זאָל נישט זיין קיין „ויפתח את פי האתון” און ביי די כאַפּערס זאָל נישט ווערן קיין שמחה וששון. זיי וועלן אים, אָך איז מיר, אָנטון הויזן רויטע. — און ווי וועט ער דערין אויסקוקן? טאַקע ווי אַ ייִד אַ שוטה. האָט מיר אַ גוטן תמיד און שוויגט ווי די טויטע.

— זאָרגט זיך נישט, ר׳ יאָקל, — האָבן ר׳ שמערעלע און זיסעלע געזאָגט בפה אחד — מיר האָבן אַ בוידעם פון בוידעם־לאַנד!

***

נאָכדעם ווי איך בין געוואָרן פטור צו באַשרייבן די לעמעשקער ייִדן וועל איך אין קומענדיקן קאַפּיטל דערציילן פון די גרויסע יאַרידן אין כרך־טל־ומטר. זיי קומען פאַר אַלע יום־כפור־קטן.

הערשעלע איז געלעגן אויפן בוידעם און זיך געטראַכט: וואָס וועל איך דאָ ליגן אין טונקלעניש און שאָטן? בעסער וועל איך אַראָפּגיין און דערציילן, אַז אָן פחד און אָן מורא קאָן איך גיין אויף דראָטן איבערן טייך פרשנדתא. איך וועל ביי לעמעשקען אויסנאַרן די בכורה און פאַרדינען שטיקער גאָלד.

## קאַפּיטל צוויי און זעכציק

ר׳ שמערעלעס בוידעם דערציילט פון פאַרצייטישן כעלעם. — מען מעג דאָרט מחדש זיין די לבנה, פּסקענען אָסטראָפּאָליער חוקרים.

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל איז אונדז, דעם מחבר, געראָטן צו באַשרייבן מיט גרויס שרייבערישער שפּע די מפּולתלעך, וואָס די זייַדעס פון די היינטיקע לעמעשקער, דאָס הייסט די אַמאָליקע יוצאי־כעלעם, האָבן אַהער געבערענגט אויף זייערע פּלייצעס. זיי האָבן די כעלעמער חורבות אויסגעשטעלט אַרום דעם אַלטן חומשדיקן ברונעם, וואָס תרח האָט געגראָבן בעת ער האָט פאַרביי געטריבן זיינע לעמער פון פּדן־ארם קיין ארם־נהרים.

לויט דער פּראַכט פון יענע מפּולתלעך קאָן דער לייענער האָבן אַ קלאָרע השגה, ווי עס האָט אויסגעקוקט דער בוידעם פון אַזאַ כעלעמער בנין, וואָס שטייט היינט אין לעמעשקע. כ׳מיין טאַקע דעם בוידעם פון בוידעם־לאַנד, אויף וועלכן ר׳ שמערעלע האָט באַהאַלטן הערשעלען אין זיינע במסתרים. עס האָט געהייסן: אדרבא, זאָלן אים די כאַפּערס דאָרט זוכן אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך. זיי וועלן אים נישט געפינען.

האָט יאָ געבלאָזן אַ ווינט איז לעמעשקע, צי האָט ער נישט געבלאָזן,— ר׳ שמערעלעס בוידעם האָט זיך סיי־ווי געטרייסלט, גלייך אין דרויסן וואָלטן געקומען שטורעם־ווינטן און דווקא געוואָלט מאכן פון לעמעשקע קאַשע. איז יאָ געגאַנגען אַ רעגן צי איז ער נישט געגאַנגען — פון די צעפּוילטע שינדלעך, וואָס זענען געלעגן ווי אַ נעבעכדיקער דאַך איבער ר׳ שמערעלעס בוידעם פון בוידעם־לאַנד, האָט סיי־ווי תמיד געטריפט.

ר׳ חייקל דער חוקר און ר׳ שמעיה חוש, וואָס זענען אמאָל געוועזן ביי ר׳ שמערעלען אויפן בוידעם, זענען דערגאַנגען על פּי חקירה, אַז דער דאַך האָט אַ גוטן זכרון און ער געדענקט נאָך די פאַרצייטישע כעלעמער רעגנס. הגם אין לעמעשקע מעג זיין אַ תמוזדיקע חמימה, רעגנט פאָרט דער דאַך. איז דאָך די קשיה: פון וואַנען נעמט דער דאַך רעגן בעת עס

סמאליעט די זון און די הימלען זענען ריין פון א וואָלקנדל? איז דער תירוץ: כּעלעם! אין זיין מאָך האָט ר׳ שמערעלעס דאך מיטגעברענט די פּאַר־צייטישע כעלעמער רעגנס און ער איז מיט זיי מכבר לעמעשקע. ער טראַכט ביי זיך: לאָז דאָס שטעטעלע וויסן פון איר סדר־היחוס און זאָל נישט פאַרגעסן די אַלטע מאַמע כעלעם.

וואָס האָבן ר׳ חייקל חוקר און ר׳ שמעיה חוש געטון ביי ר׳ שמע־רעלען אויפן בוידעם? מען האָט געשמועסט, אַז זיי האָבן זיך אויך גע־וואָלט באַהאַלטן פון די כאַפּערס. זיי האָבן אויסגעקלערט, אַז על פּי חקירה איז אַלץ מעגלעך. אויב דער קייסער דאַרף נישט קיין אַלטע ייִדן פאַר סאָלדאַטן, קאָן אים איינפאַלן פּלוצים צו כאַפּן ייִדן און זיי מאַכן פאַר גענעראַלן. און גענעראַלן מוזן זיין עלטערע מענטשן. אַ חוקר מוז קאָנען אַלצדינג איבערטראַכטן.

פאַרוואָס די חוקרים זענען אַראָפּגעקומען פון בוידעם און נישט דאָרט געלעגן במסתרים עד יעבור זעם? דאָס ווייסט קיינער נישט. אויף חוקרים פרעגט מען נישט קיין קשיות. אָבער אַראָפּקומענדיק פון בוידעם האָבן ביידע בפּה־אחד מכריז געווען בכל תפוצות לעמעשקע, לאמור, אַזוי צו זאָגן:

— אויף ר׳ בערעלעס בוידעם מעג מען מחדש זיין די לבנה כדין וכדת. אזא הדר פון א לבנה, ווי מען זעט אויבן, זעט מען סיידן אין ארץ ישראל.

עס איז טאַקע געבליבן אַ חוק ולא יעבור עד היום הזה.

איצט קאָן מען זיך פאָרשטעלן דעם מקום סתר, ווו ר׳ שמערעלע האָט הערשעלען אויסבאַהאַלטן פאַרן אויג פון די כאַפּערס. די ווענטלעך האָבן געטרייסלט פון אַלע זייטן. סיי די ליכטיקע זון האָט געשיינט, סיי דער הימל איז געווען פארוואָלקנט — די צעפּי־לטע שינדלעך האָבן נישט געוווסט קיין קונצן — האָבן זיי געדעגנט. ביי נאַכט האָט אַריינגעקוקט אַ הימל מיט שטערן, אַז ס׳איז געווען א מחיה צו זען. בראש פון די שטערן האָט אַריינגעשיינט די גרויסע שיינע לבנה, דער הדר פון ארץ־ישראל.

כנראה, ווי עס זעט אויס, האָבן זיך אין לעמעשקע געפונען נאָך בעלנים אָנצוקוקן די שיינע לבנה אויף ר׳ שמערעלעס בוידעם און דאָס זענען געווען די עכברים. צי זענען זיי אויך געווען פאַרצייטישע כעלעמער עכברים און זענען מיטגעקומען מיט די יואצי־כעלעם? ווייס איך נישט. דערפון שטייט נישט געשריבן אין לעמעשקער פּנקס.

## קאַפּיטל דריי און זעכציק

הערשעלע דערציילט זיך מעשיות און טרייבט מיט זיך אַליין קאַטאָוועס. — אין לעמעשקע איז יאַריד. — ווונדערלעכע קונצן. — אוהב־בצע. — איך וועל גיין אויף אַ שטריקל איבערן טייך פּרשנדתא.

צו באַשרייבן ווי אַזוי שקאָץ ווי הערשעלע האָט געקענט אויסליגן אין די „פינצטערע באַהעלטענישן”, וואָלט מיר נישט געקלעקט קיין טינט און קיין פּאַפּיר. עס וואָלט באמת נישט געווען קיין כאַפּער אין דער וועלט, וואָס ס'וואָלט אים איינגעפאַלן דאָרט צו זוכן סאָלדאַטן פאַרן רוסישן קייסער.

הערשעלע איז געלעגן אַליין און געטראַכט אלערליי מחשבותן. דהיינו: ווי אַזוי גאָט פירט מיט דער וועלט און מיט ייִדן און טאַקע מיט אים אַליין אויך. עס גייט אים, הערשעלען, ווי מען זאָגט, עולים ויורדים, מיט דער פוטער אַרויף און מיט דער פוטער אַראָפּ. אָט שטייט פאַר אים היינטער אַ פּריפּעטשיק אַ טשאָלנט־טאָפּ מיט אליהו־הנביאס גאָלד. איז דוכט זיך גוט. ליגט ער אָבער אַ הונגעריקער. ווען זיסעלע איז דער בורא־מיני־מזונות, קען שוין דער לייענער משיג זיין הערשעלעס שווילטאָג.

דערצו רעגנט עס כסדר אויפן בוידעם. די ווענטלעך טרייסלען זיך ווי אין קדחת. ביינאַכט שיינען אַזוי שיין אַריין די שטערן און דער הדר פון ארץ־ישראל, — די לבנה, הייסט עס. באַטאָג באַקט די זון גלייך ווי ר' שמע־רעלעס בוידעם וואָלט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאַלך־אויוון. לויט ווי די זון סמאַליעט, קוקט זי אויך אויס צו האָבן געקומען פון ארץ־ישראל. כנראה, איז מען דאָרט, אין ארץ־ישראל, טשעקאַווע צו וויסן וואָס עס טוט זיך ביי ר' שמערעלען אויפן בוידעם.

ליגט זיך אַזוי הערשעלע במסתרים, אין די באַהעלטענישן. מחמת אים

איז נעבעך זייער קאַלאַמוטנע אויפֿן האַרצן, דערציילט ער זיך אַליין נישט געשטויגענע און נישט געפֿלויגענע מעשׂיות. ער שמועסט מיט זיך אַליין וויצן און הלצות און וויל זיך אַליין אויסשטעלן פֿאַר אַ לעקיש.

הערשעלע זיצט אויף אַ בונט שטרוי. איבערן קאָפּ סמאַליעט די ארץ־ישׂראל־זון. ער דערציילט זיך מעשׂיות און הלצות.

פֿאַרשטייט זיך, — אומעטום אין זיינע מעשׂיות איז ער, הערשעלע, אַליין געווען דער קאַטאַוועס־טרייבער און דער שקאָץ. דער כח־הדמיון האָט זיך ביי אים צעשפּילט. גראָד האָט ער געהאַלטן אינמיטן אַ חתונה. אַן אַרענדאַרישער כלאָפּ מאַכט חתונה זיין טאָכטער מיט אַ שטאָטישן בעל־טאַקסע. די מחותּנים טוען זיך איינער דעם אַנדערן אָפּ אויף טערקיש. די דאָרפֿישע כלה גייט פֿאַר דער חופּה אויסמעלקן אַ קו. הערשעלע דרייט דאָרט, אין זיין אייגענער מעשׂה, דאָס רעדל און טרייבט קאַטאַוועס מיט אַלעמען און אַלצדינג. די וועגטלעך פֿון בוידעם טרייסלען זיך, ווי זיי וואָלטן מיטגעלאַכט. די ארץ־ישׂראל־זון איבערן מכּלומרשטן דאַך סמאַ־ליעט וואָס אַמאָל שטאַרקער, גלייך זי וואָלט אויך הנאה געהאַט פֿון הער־שעלעס שפּיצלעך.

פּונקט האַלט ער דערביי ווי די קלעזמאָרים שפּילן־אויף צו דער אַרענדאַרישער חופּה. פּלוצים הערט ער — איז עס בחלום, איז עס בהקיץ? די אויסגעטראַכטע מעשׂה האָט זיך פֿאַרבלאָנדזשעט אונטן אַראָפּ, אויפֿן לעמעשקער מאַרק. מען שפּילט טאַקע אונטן. וואָס איז עס? אַ חתונה?

אַ מעשׂה, וואָס מען דערציילט זיך אַליין במסתּרים אויפֿן בוידעם, זאָל גאָר, במחילה, נעמען און אַראָפּקריכן אונטן? נישט געשטויגנס און נישט געפֿלויגנס זאָל ווערן וואָר?

זינט הערשעלע געפֿינט זיך אויפֿן עולם־התּחתּון, הערט ער עס צום ערשטן מאָל. עס איז עפּעס גאָר אַ ווילדער חידוש. ער איז עס טשיקאַווע געווען צו זען, צי איז טאַקע זיין כּוח־הדמיון אַראָפּגעקראָכן פֿון בוידעם, און צי שפּילט ער טאַקע די אויסגעטראַכטע מעשׂה אויפֿן מאַרק פֿון לעמעשקע?

פֿון די לעכער פֿון בוידעם אַראָפּצוקוקן אויפֿן מאַרק איז נישט געווען פֿון די גרויסע קונצן. הערשעלע איז צוגעלאָפֿן קוקן.

אין לעמעשקע איז אַ יאַריד!

הערשעלע האָט שוין געהאַט געזען יאַרידן אין אָסטראָפּאָליע, אָבער דער יאַריד איז לעמעשקע איז טאַקע געווען נישט מער ווי עפּעס אַ טל־

ומטרל פון אַ קלײן סידורל. אונטן אויפן מאַרק זענען געשטאַנען עטלעכע גוייִשע פורלעך. די פורלעך זענען געווען כמעט ליידיקע. ס׳זענען אויך געשטאַנען עטלעכע פּגירות פון קי. פרעהס מאָגערע קי. זיי האָבן געדרייט מיט די וויידלען און געמעלהגרהט די נעכטיקע טעג. אַ פור מיט ערדענע טעפּלעך און אַ פור מיט שייטלעך האָלץ. ס׳זענען אויך געשטאַנען עט־לעכע צונויפגעקלאַפּטע דרענגלעך, ווו לעמעשקע האָט אַרויסגעהאָנגען די תחתונים, וואָס זי האָט צו פאַרקויפן און וואָס לאַטוטניקעס האָבן אָנגע־שטשאָבעט פון אײן יום־כּפּור־קטן צום אַנדערן. אין לעמעשקע איז דער יאַריד אויסגעפאַלן אַלע יום־כּפּור־קטן.

ייִדן זענען געשטאַנען און באַטאַפּט פרעהס מאָגערע קי. ווייבער האָבן גענישטערט אין די פּויערישע פורלעך. גויִים זענען געשטאַנען לעבן אויס־געשפּאַנטע פערדלעך, געפרעסן ברויט מיט חזיר און דערביי געשמועסט מיט אַ ייִד צי מיט אַ ייִדענע.

דער לעמעשקער יאריד האָט אַזוי צו זאָגן געהאלטן אין סאמע מיטן ברען.

ווי קלײן דער יאַריד זאָל נישט האָבן געווען, איז ער פאַרט געווען צו גרויס פאַר לעמעשקע — דערימאַך איז דער רוב פון די יאַריד־לייט נאָר געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו אַנדערע חידושים.

אינמיטן מאַרק, ביי תרחס ברונעם, איז געשטאַנען אַ בלינדער ייִד און האָט געדרייט עפּעס אַזוינס, ווי אַ שברי־כּלי פון אַ קאַטאַרינקע. אַז דער ייִד איז בלינד, האָט מען געזען אפילו פון ר׳ שמערעלעס בוידעם. ראשית: עס איז נישט געווען ווייט פון ברונעם און דער בוידעם איז נישט געווען הויך. שנית: האָט מען געזען, אַז דער ייִד קאָן זיך נישט רירן פון אָרט און מען מוז אים פירן.

די קאַטאַרינקע האָט הייזעריק געקרעכצט און געאָכצט. מישטיינס געזאָגט, האָט עס געהייסן, אַז זי שפּילט. אויף דער קאַטאַרינקע האָט ארומגעשפּרונגען עפּעס אַ געל וועווריקל.

לעבן בלינדן ייִד האָט זיך אַ דריבנע מיידעלע אין רויטע הויזן גע־שטעלט אויפן קאָפּ. זי האָט צוגענומען אַ פוס צום מויל און געמאַכט אַנדערע אַלערליי קונצן. פון בוידעם האָט מען געזען, ווי סיי די לעמעש־קער ייִדן און סיי להבדיל, די גויִים, וואָס זענען געקומען אויפן יאַריד, הערן זיך נישט אויף צו חידושן איבער די געוואלדיקע װוּנדער, וואָס עס

טוט דאָס מיידעלע אין די רויטע הויזן — און אַלץ אויף אַ יאַריד אין לעמעשקע און אין טאָג פון יום־כּפּור־קטן.

הערשעלע האָט זיך צוגעקוקט צו דער קונצנמאַכערקע און צו דעם בלינדן ייִד, וואָס שפּילט אויף דער שברי־כּלי. ער האָט געזען, ווי נאָך יעדער קונץ נעמט דאָס מיידעלע אַ היטל, גייט אַרום צווישן עולם. ייִדן, און, להבדיל, גוייִם ווארפן דאָרט עפּעס אַריין.

הערשעלע האָט זיך דערמאָנט אָן דעם פּולן טשאָלנט־טאָפּ מיט גאָלד, וואָס שטייט אויף במסתּרים, אין דער באַהעלטעניש ביי ר׳ יאָקל בדחן הינטערן פּריפּעטשיק.

— זינט אליהו־הנביא האָט מיר געבּרענגט די רענדלעך — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט — פּאָרקעט מיך עפּעס דאָס גאָלדענע קאַלב, איך בין מיר, זעט זיך אויס, געוואָרן אַן אוהב־בצע. די קונצנמאַכערקע אונטן מאַכט די גרויסע זשמעניע, ואני, און איך לעקיש בן לעקיש ליג אויפן בוידעם און דערצייל מיר פון גאָלדענע טייבעלעך, וואָס וואָרקען אויפן דאַך. עס איז נישט שייך צו טרייבן קאַטאָוועס מיט זיך אַליין! איך אַליין וועל מיר גאָרנישט אַריינוואַרפן אין היטל. סתּם מעשׂיות־דערציילער — און מעג אין די מעשׂיות כּליאַפּען אַ מבול מיט גאָלד — בלייבן פּאָרט ביי טרוקענע קעשענעס. אַ גרויסער קיניג אין אויסגעטראַכטע מעשׂיות, איז נישט מער ווי אַ מלך־אביון. לעמעשקע וויל זען חידושים און צאָלט דערפאַר געלט. וועל איך לעמעשקען טאַקע אויסשטעלן פאַר אַ גולם און ביי איר צונעמען דאָס ביסל מינץ.

נישט אַ סך געטראַכט האָט הערשעלע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט אויף אַלע כאַפּערס.

— כאַפּט די כאַפּערס דער וואַטנמאַכער — האָט ער צו זיך געזאָגט און איז אַראָפּ אויפן יאַריד.

ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים בלינדן ייִד, וואָס האָט נישט אויפֿ־געהערט צו דרייען די שברי־כּלי. די קונצנמאַכערקע האָט אַוועקגעלייגט אויף דער קאַטאַרינקע דאָס היטל מיט דער פּויטיקע און האָט זיך ווידער גענומען מאַכן קונצן. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן קאָפּ, מיט די פיס אויף אַרויף. נייערט אויף די בלויזע הענט האָט זי אָנגעהויבן אַרומצו־קריכן נעבן דעם שפּילנדיקן בלינדן ייִד. — די קונצנמאַכערקע האָט איצטער אויסגעקוקט ווי אַן עולם־הפּוך, ווי אַן איבערגעקערטער בשׂר־

ודם. לעמעשקע האָט זיך נישט געקענט אויסחידושן פון אָט דעם נייעם וועלט־וווּנדער.

— ייִדן! — האָט הערשעלע פּלוצים אַ געשריי געטון אינמיטן דעם עולם אַריין — ווייס איך וואָס! אויך מיר אַ קונץ צו גיין מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף! עס איז דאָך דער פּשוטער סדר־העולם. וואָס איז דאָ זיך צו חידושן אויפן סדר־העולם? איך וועל אייך באַווייזן דעם אמתן וועלט־וווּנדער. איר וועט קוקן און נישתומם ווערן. איר וועט נישט חרטה האָבן פאַר די גראָשנס, וואָס איר וועט מיר אַריינוואַרפן אין דער פּאַטשיילע.

הערשעלע האָט אַזוי הויך און באַהאַרצט געשריגן, אַז דער בלינדער ייִד האָט אַזש אויפגעהערט צו דרייען די שברי־הקאַטאַרינקע. די קונצנ־מאַכערקע איז געבליבן שטיין אויף אירע הענט. דער עולם — ייִדן און להבדיל גויִים — האָבן אויסגעשטאַרט זייערע אויגן.

— איר האָט, לעמעשקער ייִדן, אַ טייך פרשנדתא — האָט הערשעלע געזאָגט, — מען שמועסט, אַז ראש־השנה קומט בכבודו ובעצמו דער לויתן אַליין צופוסנס אַהער צוגיין פון ים אוקינוס און זאָגט דאָ תשליך ביים טייך פרשנדתא. ער שטייט אויך פאַרשריבן אין אַלע גיטין פון אָסט־ראָפּאָליער גרושים און גרושות. אַז מען האָט אַזאַ וועלט־באַרימטן טייך מוז מען באַווייזן מיט אים קונצן.

— דהיינו? האָט גאַנץ לעמעשקע געפרעגט בפה־אחד.

— דהיינו? — האָט הערשעלע געענטפערט אַ האָפּערדיקער, — ציט מיר אַריבער אַ שטריקל פון איין ברעג פרשנדתא עד קצהו, ביז צום אַנדערן ברעג. ס'איז סך־הכל ווייניקער ווי א תחום־שבת. איך וועל מיר, זאָלט איר מיר מוחל זיין, פאַרקאַטשען די תחתונים און אַריבערגיין אויפן שטריקל די גאַנצע ברייט פון נהר פרשנדתא. וואָס זאָג איך גיין! איך וועל אַריבערטאַנצן א פריילעך ריקודל. איר וועט זען וואָס אָסטראָפּאָליע קען. פאַרשטייט זיך, אַז בחינם רירט אָסטראָפּאָליע נישט מיט קיין פינגער. ר' לעמעשקע משלם. אָסטראָפּאָליע וויל, אַז פאַר קונצן זאָל מען איר שיטן אין דער פּאַטשיילע אַריין.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל איז אונדז פאַרבליבן אויפצושטעכן דעם בלאָ־טער פון דעם קאַטאָוועס, וואָס הערשעלע האָט געטריבן ווי א טאַטער פון

## י. י. טרונק

די אהלי קדר — נישט ביי ר׳ חייקל חוקר אין חדר — נייערט אויף די גרויסע לעמעשקער יאַרידן לעיני כל הגויים און להבדיל לעיני כל היידן.

עברי אָנכי — מאַכט רש״י: אַלצדינג האָט אַ ייִד צו ווייניק, נאָר שכל האָט ער גענוג. פעלט אים מזל־ברכה ווייסט ער אָבער ווי צו שפּילן אויף דער מערכה. וויל אים נישט דער בוים — שפּרינגט ער אויף די צווייגן און ווייזט דער וועלט צען פייגן. ווי זאָגט אַ ווערטס־ווערטל: עס קלאָגן און וויינען יידישע קעפּלעך לסוף עסן זיי קרעפּלעך.

# קאַפּיטל פיר און זעכציק

די וועלט־מרחקים קומען צופוסנס קיין לעמעשקע.

ווי מיר וויסן פון די פריערדיקע קאַפּיטלען, איז דאָס שטעטעלע געוויר געוואָרן פון ר׳ שמערעלעס מעשיות, אַז מיט לעמעשקע לאָזט זיך נאָך נישט אויס די וועלט. פאַרקערט: ערשט אין אירע מרחקים וויזט די וועלט וואָס זי יכולט. והראיה: נישט נאָר ליטווישע וועלדער מיט וועלף און פּראָגער וווּנדער — אויך דער טייך סמבטיון און די רויטע יידעלעך געפינען זיך נישט אין לעמעשקע, נייערט אין די מרחקים.

ווען עס קומט אַ יינגל און זאָגט: אָט גייט ער אויף אַ שטריקל איבערן טייך פּרשנדתא, הייסט עס: די מרחקים האָבן זיך דערמאָנט אָן לעמעשקע און האָבן צו זיך געזאָגט: שייך צו קומען אין אַזאַ טייער שטעטעלע אַריין בלויז אויף ר׳ שמערעלעס צונג? שייך, אַז אַזאַ פּראָסטער ייד ווי ר׳ וואָלף דער דאָרפסגייער זאָל אויף אונדז פרעגן קשיות און נישט גלייבן וואָס זיינע אויערן הערן פון ר׳ שמערעלען? ווען מיר זיך, הייסט עס, מטריח זיין און בכבודו־ובעצמו קומען צופוסנס קיין לעמעשקע און וויזן יידן, ווער מיר זענען און וואָסער וווּנדער מיר טראָגן אין אונדזער זעקל! —

אַזוי, הייסט עס, האָבן צו זיך געזאָגט די מרחקים פון דער וועלט און זענען טאַקע געקומען צופוסנס אויפן לעמעשקער יאָריד.

קען מען דאָך אָבער פרעגן ביי לעמעשקער קהל:

— עס איז יום־כּפּור־קטן און עס איז יאָריד, — יידן דאַרפן האַנדלען מיט גויים און זיי פאַרקויפן די תחתונים וואָס די לאַטוטניקעס האָבן אָנגעשטשאָבעט במשך דעם חודש — איז היתּכן, סטייטש און ווי שייך? אַ בעלנות צו לויפן און קוקן ווי מען גייט אויף אַ שטריקל איבערן טייך פּרשנדתא?

האָט לעמעשקער קהל אַ פּאַרטיקן תירוץ:

י. י. טרונק

— דער יאַריד ברענט נישט. יום־כפּור־קטן האָבן מיר אלע חודש. גוייִם קאָנען סיי־ווי נישט גיין אין צעריסענע, זאָלט־איר־מיר־מוחל־זיינס. אַ יאַריד איז נישט קיין ציג. אָבער די מרחקים? זיי זענען יאָ א ציג. אויב מיר וועלן עס פאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק אַריין, וועלן די מרחקים זיך מיישב זיין און צוריקגיין צופוסנס אַהין, פון וואנען זיי זענען געקומען. לעמעשקע וועט ווייטער בלייבן אַ העק. מיר וועלן מוזן ווארטן ביז עס וועט קומען דער ווינטער מיט די גרויסע זאַוויערוכעס און ר׳ שמערעלע וועט זיך אָוועקזעצן ביים אויוון און אונדז דערציילן זיינע מעשיות.

# קאַפּיטל פינף און זעכציק

מען ציט אַ שטריקל איבערן טייך פּרשנדתא. — הערשעלע שטייט מיט אַן אָפּענער פּאַטשיילע. — האָט רחמנות, ייִדן!

האָט מען עס טאַקע נישט פאַרצויגן אין דער לאַנגער באַנק אַריין און זיך גענומען לויפן און זען דאָס גרויסע וועלט־חידוש, וואָס אַ ייִנגל־טשיגע מיטן נאָמען הערשעלע אָסטראָפּאָליער וועט מאַכן מיטן טייך פּרשנדתא.

דעם בלינדן ייִד מיט דער קאַטאַרינקע האָט מען איבערגעלאָזט אײנ־מיטן אויפן יאַריד. דער בלינדער האָט געהערט ווי פּלוצים ווערט שטיל אַרום אים, האָט ער אויפגעהערט צו שפּילן. ער האָט אָנגעהויבן אַרומצו־טאַפּן מיט די הענט אין דער לופטן, גלייך ווי די הענט זאָלן אים דער־ציילן, וואָס עס איז געשען. די קונצנמאַכערקע האָט זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד ביי דער אַנטשטומטער קאַטאַרינקע. לעמעשקער יאַריד איז פּלוצים געוואָרן פּוסט און פּאַס.

דער יאַריד איז געבליבן אַליין מיט תּרחס ברונעם, מיטן בלינדן ייִד און מיט דער קונצנמאַכערקע.

מקטן ועד גדול, ייִדן, ווייבער, קינדער און, להבדיל, די אָנגעפּאָרענע ערלים — אַלע זענען אַרויסגעלאָפן צו די ברעגעס פון פּרשנדתא.

בראש איז געגאַנגען הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

מען האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און אָנגעהויבן צו ציִען אַ שטריקל איבערן טייך. פון איין זייט האָט מען דאָס שטריקל פעסט צוגעבונדן צו אַן אַלטער איינגעהויקערטער ווערבע, עפּעס ווי אַ ייִדישער אָרעמאַנסקער בוים, וואָס האָט געוואַקסן על מימי — ביי די וואַסערן פון פּרשנדתא. הושענה־רבא האָט די דאָזיקע ווערבע פאַרזאָרגט לעמעשקע מיט הושענות.

ווי קומט מען אָבער אַריבער מיטן שטריקל אויפן אַנדערן זייט ברעג?

גויִים וויסן נישט לאַנג צו טראַכטן. האָט זיך געפונען אַן ערל, וואָס האָט זיך אויסגעטון די תחתונים, און האָט זיך מיטן צווייטן עק פון שטריקל אַריבערבאַקומען איבערן טייך און עס דאָרט פעסט צוגעבונדן אין אַ צווייטער ווערבע, אַ קעגנאיבערדיקער. אויף יענער ווערבע האָט זיך קיינער קיינמאָל נישט אומגעקוקט, מחמת פון איר האָט מען נישט גענומען קיין הושענות.

ווי מיר זעען איז נישט פאַראַן אויף דער וועלט אַ זאַך — מעג עס זיין אַן עלנטער בוים — וואָס זאָל נישט האָבן איר שעה. לעמעשקע האָט זיך ענדלעך דערמאָנט, אַז אויף יענער זייט פרשנדתא וואַקסט אויך אַ ווערבע.

אַלע האָבן געזען בחוש ווי איבער דעם נהר פרשנדתא איז פאַרצויגן אַ דין שטריקל, און דאָס אָפּגעריסענע אָסטראָפּאָליער יינגל וועט דאָרט אַריבערטאנצן אַ פריילעך ריקודל. אַ ציטער פון גרויס וווּנדער איז אַרי־בערגעלאָפן די לייבער פון לעמעשקער קהל. עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס האָט אַפילו ר׳ שמערעלע נישט געזען אויף זיינע אויגן, בעת ער איז אַרומגעפאָרן און געפירט מסחרים אין די מרחקים. אַ מעוברתע יידענע האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף הערשעלעס ריקודל און איז באַצייטנס געפאַלן חלשות. מען האָט זי אָפּגעגאָסן מיט וואַסער טאַקע פון טייך פרשנדתא און די יידענע איז געקומען צו זיך. ווען זי האָט נאָר געהאט געעפנט אַן אויג, איז ביי איר דאָס ערשטע וואָרט געווען: נו? ער גייט שוין?

דערווייל איז הערשעלע אָסטראָפּאָליער געשטאַנען מיט אַן אָפענער פּאַטשיילע. ער האָט געבאָמקעט אַ זמרל און געוויזן מיט אַ פינגער, אַז איידער עס וועט נישט זיין כאָטש אַ האַלבע פאַטשיילע מיט גראָשנס, רירט ער נישט מיט קיין פוס. יידן, און גויִים להבדיל, האָבן אויסגעקראַצט ביי זיך אין די קעשענעס און געשיט אין דער פּאַטשיילע אַריין.

ווען הערשעלע האָט געזען, אַז אין דער פּאַטשיילע איז שוין קיין־בייז־אויג־זאָל־איר־נישט שאַטן — האָט ער זי פאַרבונדן מיט אַ קניפּל. „די פּאַטשיילע מיט לעמעשקער גראָשנס וועל איך אוועקלייגן היינטערן פריפּעטשיק ביי דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט אליהו־הנביאס רענדלעך“. — האָט ער ביי זיך געטראַכט. ער האָט זיך כלומרשט פאַרשאַרצט די תחתונימלעך און אַ קוק געטון אויף די צוויי ווערבעס, וואָס האָבן געהאלטן דאָס שטריקל איבערן טייך פרשנדתא.

— נו! האָט דער עולם געטון אַ ברום. לעמעשקע האָט געברענט ווי אויף הייסע קוילן צו זען דאָס וועלט־חידוש.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז געשטאַנען מיט אַרױפגעשאַרצטע תּח־תונימלעך און מיט דער פּאַטשיילע גראָשנס אין דער האַנט. פּלוצים האָט ער געמאַכט אַ רחמנות־פּנימל און אַ זאָג געטון צו לעמעשקער קהל:

— ייִדן רחמנים בני רחמנים! — האָט ער געזאָגט מיט אַ װײנענדיק קול — איר זענט דאָך בני אברהם, יצחק, ויעקב! װילט איר טאַקע, אַז איבער אײערע גראָשנס זאָל אַ ייִד גײן אויף אַ שטריקל און חלילה אַרײנ־פאלן אין פרשנדתא? אדרבא, זאָגט ייִדן! אויב איר זענט אַזעלכע גזלנים און איר װילט עס — װעל איך קודם־כּל אָפּזאָגן װידוי.

לעמעשקע האָט טאַקע געװיזן װאָסערע אָבות זי האָט געהאַט און אַז ייִדן זענען רחמנים בני רחמנים. ס׳הייסט? לעמעשקע װעט זיך מאַכן אַ האַרץ פון אַ טאָטער און חלילה לאָזן אַ ייִדיש נפש גײן אויף סכּנת־נפשות!?

בקול אחד האָט לעמעשקער קהל, אנשים, נשים וטף געענטפערט:

— חלילה־וחס! אַן אײנפאַל פון אַ ייִד צו קריכן אויף שטריקלעך!

## קאַפּיטל זעקס און זעכציק

דער פּריץ טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. — די פּריצישע דילן שמעקן מיט יין־נסך. — די קלעזמאָרים בענטשן גומל.

ווען די אומות־העולם טוען פּלוצים אַן עפן־אויף די טויערן פון חסד ווייסן זיי טאַקע נישט ווען זיי צוצומאַכן. זיי טיילן דעמאָלט אויס חסד מיט דעם גרעסטן ביד־רחבה.

אין פּיטערבאַרג איז געזעסן דער קייסער של חסד, און באַפוילן צו כאַפּן יידן פאַר סאָלדאַטן. אַ פּריץ נישט ווייט פון לעמעשקע האָט זיך מיישב געווען, אַז זיין נשמה איז אויך נישט קיין ראַזשינקע. עס איז געווען אַ פּוילישער פּריץ און געהייסן האָט ער טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. ער, דער פּריץ, האָט זיך איינגערעדט, אַז וואָס שייך זרע־מלוכה האָט ער זיך מער איינצורעדן ווי דער פּיטערבאַרגער ירום־הודו.

האָט ער זיך באַטראַכט, לאומר, אַזוי צו באַטראַכטן:

— אויב דער קייסער אין פּיטערבאַרג שפּילט מיט יידן אין כאַפּ־פּעלעך — מוז איך טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל, ווייזן אַז מיינע זיידעס זענען אויך נישט געווען קיין קוימענקערערס!

ווען מען האָט אַ קוק געטון אויף לעמעשקע און אויף אירע מפולתלעך אַרום תרחס ברונעם, וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז זי זיצט אונטער די פליגלען פון אַ גרויסן פּוילישן פּריץ.

דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל איז געזעסן אין אַ גרויסן פּאַלאַץ אינמיטן אַ סאָד און טאַקע נישט ווייט פון לעמעשקע.

קיין לעמעשקער ייד האָט נאָך נישט געהאַט געזען אויף זיינע אויגן נישט דעם פּאַן פּריץ און נישט זיין פּאַלאַץ.

ווען מען זאָל האָרכן ווי ר׳ וואָלף דער דאָרפס־גייער דערציילט פון די

הינט, וואָס דרייען זיך אַרום לעבן פּריצישן סאָד — איז פון בלויזן האָרכן פּאַלט אָן אַ שרעק און אַן אימה. מען דאַרף נישט ר׳ שמערעלען מיט זיינע מרחקים. ר׳ וואָלף אַליין איז אויך גענוג, אַז מען זאָל פאַרזאָגן אַ צענטן!

מען האָט געוווּסט, אַז איינמיטן די ווינטערדיקע זאַוויערוכעס, ווען ביי ר׳ שמערעלען צעעפנט זיך די צונג און זי שיט מיט מרחקים — פּראַ־ וועט מען דאָרט ביים פּריץ, גרויסע בעלער. עס קומען אַהין צו פאָרן שליטנס איינגעשפּאַנטע אין סוסים ווי די לייבן. כמעט פּונקט אַזעלכע שליטנס ווי די, מיט וועלכע ר׳ שמערעלע איז געפאָרן אין די ליטווישע וועלדער קויפן בערן־פעלן און עס האָבן אים געיאָגט די וועלף. אויף יענע שליטנס זיצט נישט ר׳ שמערעלע, נייערט גרויסע פּריצים סיי פון דער ווייטנס, און סיי פון דער סביבה. זיי זיצן אין שווערע בערן־פעלצן און קומען מיט זייערע ווייבער און טעכטער צו גאַסט צום יאַשניע וויעל־ מאָזשני פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. זיי ברענגען אויך מיט זיך מיט אַ סך הינט, און טאקע הינט ווי די לעמפּערטן. ווען די פּריצים גייען נאָר אַראָפּ פון די שליטנס, לאָזן זיי זיך צופוסנס באַלד אַוועק אויף געיעג. און גראָד ווען די וועלט איז פאַרשנייט מיט שניי, אַז אין יוצא ואין בא. זיי שיסן האָזן און חיות. דאָס געוווייען פון די הינט הערט מען ווייט איבער די פּוסטע שנייען — און מען ווייסט, אַז די פּריצים יאָגן זיך איצט נאָך דעם געווילד אין די שנייען און נאָך די פייגל אין דער לופטן.

אָבער ווען עשו גייט אויף געיעג אין די פרעסט און אין די ווינטן, זיצט יעקב ביים וואַרעמען בית־המדרש־אויוון און קוויקט זיך מיט דער וועלט, וואָס ר׳ שמערעלע ברענגט אַריין אין זיינע מעשיות.

ווען די פּריצים האָבן זיך שוין גוט אָנגעשאָסן, די שליטנס זענען פול מיט זאַק־רויב און די הינט שטעקן אַזש אַרויס די צינגער נאָך דעם גרויסן לויפעניש — דעמאָלט הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע מעשה מיט די בעלער.

די בעלער האָבן זיך אָוועקגעצויגן אויף וואָכן. מען האָט געגעסן מאכלי־גן־עדן. מען האָט אַרויסגעשלעפּט פעסער מיט אַלטן וויין פון די פינצטערע קעלערן אונטער דעם פּריצישן פּאַלאַץ. דעם וויין האָט מען געטרונקען אין גרויסע גאָלדענע בעכערס. די דילן פונעם פּאַלאַץ זענען געווען פאַרגאָסן מיטן יין־קפּריסין, און פון די טייערע ווייגען האָבן זיך געמאַכט בלאָטעס. אין די דאָזיקע בלאָטעס האָבן געטאָפּטשעט די באַ־ שמחהטע גרויסע פּריצים.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל האָט געוואָלט נאָכמאַכן אחשורושן פון דער מגילה און אויך זיך באַוויזן מיטן יקר תפארת גדולתו.

אינעווייניק אין פּאַלאַץ האָבן נישט אויפגעהערט צו פלאַקערן הונ־דערטער וואַקס־ליכט, און אין דרויסן אין די פראַסטיקע שנייען אַרום פּאַלאַץ איז אַזש געווען רויט פון די ברענענדיקע שטורקאַצן און פעסער סמאָלע, וואָס דער פּריץ האָט געהייסן אָנצינדן לכבוד די בעלער און לכבוד דער גרויסער שמחה.

כטוב לב המלך ביין — האָט זיך די פּריצים פאַרוואָלט כאַפּן א טענצל. מיט וועמען טאַנצן פּריצים? געווייִנטלעך מיט פּריצות.

האָט מען געשיקט אַ גרויסן שליטן קיין אָסטראָפּאָליע און מען איז באַפאַלן דאָס הייזל, ווו עס האָט געוווינט דער קלעזמער ר׳ גימפּל מיט זיין קאַפּעליע. מיט כעס און געלעכטער האָבן די פּריציִשע משרתים גע־כאַפּט די קלעזמאָרים און זיי אַריינגעוואָרפן אין שליטן. אין שטעטל האָט מען געמיינט, אַז ביים פּריץ האָט מען אויף די אָסטראָפּאָליער קלעזמאָרים, נעבעך, אויסגעטראַכט אַן עלילת־דם און מען פירט זיי קעפּן.

צוזאמען מיט די קלעזמאָרים האָט מען אין שליטן אַריינגעוואָרפן די כלי־זמר — און היידא! מען איז אַוועקגעפלויגן פון אָסטראָפּאָליע.

די קלעזמערישע ווייבער האָבן געמיינט, אַז זיי בלייבן אַלמנות, און זיי האָבן געמאַכט געוואַלדן. אָסטראָפּאָליער יידן האָבן געקוקט און געזען, ווי ר׳ גימפּל מיט זיין קאַפּעליע ליגן ווי געבונדענע שעפּסן אין שליטן, וואָס פליט אַוועק ווי אַ רוח. יידן האָבן נעבעך אַ שווערן זיפץ געטון.

ווען ר׳ גימפּל מיט זיינע קלעזמאָרים זענען צופוסנס צוריק געקומען אין די שנייען, האָבן זיי שבת אין שול געבענטשט גומל.

אַזוי איז עס געווען יאָר ביי יאָר, ווען איבער אָסטראָפּאָליע האָבן געבושעוועט די זאַווייערוכעס, און אין פּאַלאַץ ביים פּריץ טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל איז געווען צהלה ושמחה מחמת, די גרויסע בעלער.

מען האָט קיינמאָל נישט געקאָנט וויסן, ווי אַזוי עס וועלן זיך אויסלאָזן די משוגעתן פון אַ רייכן פּריץ.

די קלעזמאָרים זענען נישט טויטע און נישט לעבעדיקע געבראַנגט געוואָרן אין פּאַלאַץ אַריין און מען האָט זיי אַוועקגעזעצט ביי אַ וואַנט. די הונדערטער וואַקס־ליכט, וואָס האָבן געפלאַקערט אין הענגלייכטער און אין העמעס, האָבן פאַרבלענדט די דערשראָקענע יידן. די יידן האָבן אַראָפּ־געלאָזט די אויגן און געזען די וויין־בלאָטעס אויף די דילן. די בלאָטעס

האָבן געשמעקט ווי טייערע בשמים.

די ייִדן האָבן געוווּסט, אַז דאָס שמעקט ייִן־נסך.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל, אין סאַמעט און אין גאָלד און היפּש שכורלעך, האָט זיך געדרייט ביי די לאַנגע וואָנצעס און אַ געשריי געטון צו ר׳ גימפּלען:

— שפּילט, פּאַרכעס!

ר׳ גימפּל מיט דער קאַפּעליע האָבן אויפגעשפּילט.

די פּריצים מיט די האַלב־נאַקעטע פּריצות האָבן געטאַנצט איבער די דילן, וואָס האָבן געשמעקט מיט ייִן־נסך.

# קאַפּיטל זיבן און זעכציק

ווי „ויהי״ איז אַ צרה. — הערשעלע אָסטראָפּאָליער דערציילט זיך ווידער מעשיות. — געוואַלדן און יללות אויפן לעמעשקער מאַרק. — כי לעולם כאַפּסטע.

יהי היום. מיר ווייסן פון לאַנגער פּראַקטיק, אַז ווען אַ מחבר שטעלט אַוועק „ויהי״, דאַרף דעם לייענער געבן אַ טיאָכקע אין האַרצן.

ויהי היום — עס האָט פונדאָסניי געהאלטן פאַר אַ יום־כפּור־קטן, דאָס מיינט אַ יאַריד אין לעמעשקע. דער עד־יעבור־זעם אין די תפוצות ישראל איז נאָך ווייט נישט געווען פאַרבייגעגאנגען. יתומים און אָרעמאנסקע קינדער זענען נאָך אַלץ געלעגן אויף די בוידעמער און אין אנדערע לעכער, מחמת די כאַפּערס האָבן געגישטערט און געזוכט יידישע סאָלדאַטן פאַרן קייסער.

פאַרשטייט זיך, אַז הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז אויך נאָך דערווייל געלעגן באַהאַלטן אויף ר׳ שמערעלעס בוידעם און איז כסדר געווען הונגעריק. די פּאטשיילע מיט די לעמעשקער גראָשנס, וואָס ער האָט אַזוי קונציק צונויפגעקליבן אויפן פריערדיקן יאַריד, האָט ער מיט אַ ייד, וואָס איז געקומען זיך גטןביים טייך פרשנדתא, צוריקגעשיקט צו ר׳ יאָקלען קיין אָסטראָפּאָליע. ער האָט ר׳ יאָקלען באַפוילן, למען־השם אַוועקצולייגן די פּאַטשיילע ביים טשאָלנט־טאָפּ. וואָס עס ליגט אינעווייניק אין טשאָלנט־טאָפּ און ווי ער שטייט, האָט ער זיך אויסגעהיט, אַז דער גרוש זאָל נישט ווייסן. מען מוז זיין געהיט פאַר אַ בייז אויג. אַפילו רענדלעך פון אַן אליהו־הנביא קאָן אויך אַן עין־הרע פאַרשאַטן.

ליגט זיך אַזוי הערשעלע אָסטראָפּאָליער און קוקט אויפן שיינעם ליכטיקן הימל, וואָס שיינט אַריין דורכן בוידעם־דאַך, און דערציילט זיך מעשיות פון נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן. ווידער טרייבט ער מיט

זיך קאַטאָוועס און שטעלט זיך אַליין אויס פּאַר אַ לעקיש און טוט זיך אַליין אָן דעם ספּאָדיק. בשעת־מעשה טראַכט ער זיך: אָט קומט ווידער, אַז מיר וועלן עס דערלעבן, יום־כּפּור־קטן און ס'וועט זיין יאַריד. מען דאַרף ווידער זיין אַ ייִד אַ חכם און זיך קליגן אויסצונאַרן ביי די לעמעשקער די גראָשנס, וואָס זענען פון פריִערדיקן יאַריד נאָך פאַרבליבן ביי זיי אין קעשענע.

פּלוצים הערט ער פון אונטן געוואַלדן.

אין די מעשיות, וואָס ער האָט זיך אַליין דערציילט זענען נישט גע־ווען קיין געוואַלדן. פאַרקערט, ער האָט גאָר געהאַלטן אינמיטן אַ גרוי־סער שטילעניש. גראָד איז אין דער ספּור־המעשה געווען שבת־קודש ביים רבין ר' ברוכל. דער רבי און דער עולם חסידים שטייען ביי דער וואַנט און דאַווענען די שטילע שמונה־עשרה פון שבתדיקער מנחה.

פונעם פריִערדיקן יאַריד האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער געוווּסט, אַז אונטן אויף לעמעשקער מאַרק טוט זיך אויף אַ האָר דאָס אייגענע, ווי ביי אים אין דעם אויסגעטראַכטן סיפּור־המעשה. — היינט ווי קומען־זשע געוואַלדן אין שבת־קודש ביי מנחה, ווען דער רבי ר' ברוכל און זיינע חסידים שטייען ביי דער וואַנט און דאַווענען די שטילע שמונה־עשרה?

ער האָט זיך טאַקע שטאַרק פאַרחידושט און איז צוגעגאַנגען צו איי־נעם פון די בוידעם־לעכער. ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אויף לעמעשקע און זיך אָנגעהויבן אומצוקוקן.

דאָס וואָס ער, דער קאַטאָוועס־טרייבער, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, האָט געזען, האָט אים גאָר שטאַרק צעשראָקן.

ער האָט געזען ווי ווייבער מאַכן געוואַלדן און פאַרמאַכן די פענצ־טערלעך פון די אַלטע בעלעמער מפולתן. ייִדן פאַרהאַקן די קרעמלעך. מיט כּעס און געלעכטער לויפן אינמיטן מאַרק אַרום אַ כאַפּטע פּריצישע גויִים. זיי לויפן און פּאַכען מיט שטעקענעס. טאָמער זעען זיי אַ ייִד, — איז קודם־כּל, כאַפּן זיי אים אָן פּאַר דער באָרד און שלעפּן אים מיט זיך. דער דער־שראָקענער ייִד, נעבעך נישט טויט און נישט לעבעדיק, שלעפּט זיך נאָך זיין אייגענער באָרד, וואָס איז אין די הענט פון די שרייענדיקע צעוויל־דעוועטע גויִים.

אָט זעט ער, דער קאַטאָוועס־טרייבער הערשעלע אָסטראָפּאָליער, ווי די גויִים רייסן זיך אַריין אין די לעמעשקער מפולתלעך און צעוואַרפן דאָרט אַלצדינג. מען הערט פון אויפסניי געוואַלדן. די גויִים פּאַכען מיט

זייערע שטעקענעס און ווייזן די שטריק, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגע־ברענגט. וואָס ווילן זיי? זיי האָבן גאָר נישט געזאָגט, נאָר געלאַכט און געשריגן.

פּלוצים האָט איינער פון זיי דערזען הערשעלע אָסטראָפּאָליערס קאָפּ, וואָס איז ארויסגעשטעקט פון אַ לאָך פון ר׳ שמערעלעס בוידעם און קוקט אַראָפּ אויפן שטעטעלע לעמעשקע.

דער גוי האָט געטון אַ ריטש מיט אַ ווילדן קול און גערופן זיין צע־יאַכמערטע און צעווילדעוועטע כאָפּטע און זיי געוויזן אויף הערשעלעס קאָפּ.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט פאַרגעסן אַלע זיינע מעשיות און הלצות און האָט אויף אינדערגעשווינד צוריק אַריינגעכאפּט זיין קאָפּ פון דעם אינדרויסן אַרויס. ער איז זיכער געווען, אַז דאָס האָבן די כאַפּערס געברענגט גויים, כדי זיי צו העלפן אין דער מלאכת־הקודש. ער איז זי־כער געווען, אַז אָט האָט מען אים שוין דערטאַפּט במסתרים אין זיינע באַהעלטענישן. ער מעג זיך שוין געזעגענען מיטן שיינעם אָסטראָפּאָליע און זיך גרייטן צו פאַרלאָזן ר׳ יאָקלען דעם בדחן, זיין כלה שיינדעלע ווי אויך דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט די גאָלדענע רענדלעך. מען וועט אים — ווי צום געלעכטער — אָנטון רויטע יונישע הויזן און מען וועט ביי אים צונעמען די יידישע נשמה, און געבן אַ פּיסטויל אין דער האַנט אַריין און אַוועקשיקן אויף דער מלחמה. — איך וועל אויפהערן צו זיין אַ חכם ונבון — האָט הערשעלע נאָך באַוויזן צו זאָגן מיט אַ גראַם — און וועל ווערן אַ פּשוטער יון! — כ׳וועל פאַרגעסן צו לערנען אַ בלאַט גמרא, נייערט ערגעץ ליגן אין אַ סאָלדאטסקע נאָרע, ווי אַ שייגעץ א כפּרה, פרעסן ברויט מיט קרויט און ווי אַ בהמה וואַרטן אויפן טויט.

ס׳איז אים נעבעך געווען פינצטער און ביטער אויפן האַרצן.

ער האָט געהערט ווי די קולות און געלעכטערס פון די גויים דער־נענטערן זיך צו ר׳ שמערעלעס מפּולת.

הערשעלע האָט זיך אַרומגעקוקט אויפן בוידעם. ער האָט זיך גע־וואָלט באַהאַלטן. פון אומעטום האָט אַריינגעקוקט דער ליכטיקער זומער־דיקער הימל. די זון איז געשטאַנען פּונקט איבערן אָפענעם דאַך. זי האָט געסמאַליעט און געלויכטן בכל יפיה, אין איר גאַנצער שיינקייט.

הערשעלע האָט געלאַכט צו זיך אַליין. ער האָט זיך דערמאָנט ווי אליהו הנביא האָט אים אין אַ זעקל אַהער געברענגט אויפן עולם־התחתון. שפּעטער האָט ער געברענגט די שיינע גאָלדענע רענדלעך, וואָס שטייען

ביי ר׳ יאָקלען הינטערן פּריפּעטשיק. „אויב איך וועל ווערן אַ יון און שיסן מיט אַ פּיסטויל — האָט הערשעלע ביי זיך געטראַכט — און ס׳וועט מיר מער נישט זיין גוט און וויל אין אָסטראָפּאָליע צווישן ייִדן אויף לע־מעשקער יאַרידן, איז־זשע למה זה אָנכי? צו וואָס האָט זיך אליהו הנביא אַזוי פיל מטריח געווען?"

מחמת דעם גרויסן טראַכטעניש וועגן דער וועלט, וועגן ייִדן און וועגן אליהו־הנביא, האָט הערשעלע ווידער געוואָלט זאָגן אַ גראַם און טאַקע אַ קפּריסין פון אַ גראַם. די צונג האָט זיך אים נאָך נישט געהאט געעפנט — און די גויִים זענען שוין געווען אויפן בוידעם. זיי האָבן גע־שריגן און געלאַכט. זיי זענען אים באַפאַלן און אים געבונדן מיט זייערע שטריק, ווי מען בינדט אַ שעפּס.

זיי האָבן אים בקולי־קולות אַראָפּגעשלעפּט אונטן, אויפן לעמעשקער מאַרק. ייִדן האָבן אַרויסגעקוקט פון די טירן און פענצטערלעך און געזען ווי מען פירט נעבעך דעם אָסטראָפּאָליער יתום אַ געבונדענעם ווי צו דער שחיטה.

ערשט איצט האָט מען זיך דערוווּסט, אַז עס זענען די גויִים פון פריץ טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל.

אַ געבונדענעם האָבן זיי הערשעלען אַוועקגעפירט מיט זיך און היידאַ! — פאַרלאָזן לעמעשקע ווי אַ בייזער שטורעם־ווינט.

אין שטעטעלע איז געוואָרן אַן אומעט און אַ שטילעניש. ייִדן האָבן נאָך אַלץ מורא געהאט צו עפענען די פאַרהאַקטע קרעמלעך. אין לעמעשקע האָט עס אויסגעקוקט ווי אינמיטן אין תשעה־באב. ווער ווייסט די מחשבות פון אַ פריץ? אפשר האָט מען ערגעץ אונטערגעוואָרפן אַ טויט שייגעצל און עס גרייט זיך אויף ייִדן אַן עלילת־דם?

## קאַפּיטל אַכט און זעכציק

דער טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל גייט פּראַווען יאָרצייטן.

אינמיטן אין די הייסע זומער־טעג האָט זיך דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן טשיפּעק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל דערמאָנט אין דער יאָרצייט פון זיינס אַן אַלטן זיידע. ווי געוויינטלעך האָט דער זיידע אויך געהייסן יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן טשיפּיק־ טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. ער, דער היינטיקער טשאַ־פּידאַל, האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז מעג טאַקע אין דרויסן פּלאַקערן די חמימה, מאַכט ער אַ באַל, וואָס אַזוינס און אַזעלכעס האָט מען נאָך נישט געזען — אַ באַל אשר לא באלו אבותינו.

וואָס איז די מעשה? איז דער עליו־השנאָבל, דער אַלטער טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל געקומען דעם אייניקל צו חלום און אים מתרה גע־ווען, אַז אויב ער מאַכט אים נישט קיין באַל אינמיטן תמוז, וועט ער קו־מען און וועט אים דערווערגן אַ שלאָפנדיקן? האָט עס דער אַלטער א״ם צוגעשווירן ביים פּריצישן האָנער?

ניין. דעם אייניקל טשאַפּידאַל האָט דערגרייכט צו די אויערן, אַז אין פּייטעבאַרג האָט זיך דער ירום־הודו דערמאָנט אין עפּעס אַן אַמאָ־ליקן ירום־הודו און מען מאַכט דאָרט פּאַראַדן און ס'איז דאָרט והעיר שושן.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרע־סערן מיוחס, ווי יענער אין פּייטעבאַרג, האָט זיך געדרייט ביי די לאַנגע וואָנצעס און אַ געשריי געטון צו דער פּריצה, אַז וואָס הייסט? — אויב דער מאָסקאַל מאַכט והעיר־שושן און בעלער לכבוד אַלטע זיידעס, נו, איז זיך, דעם יאַשניע וויעלמאָזשי פּאַנס נשמה, אויך נישט קיין פּעטרישקע!

און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן אויפן גאַניק פון זיין פּאַלאַץ און איבערגעטראַכט וועגן די אַלטע שטויבן פון זיינע זיידעס. ער האָט געטראַכט און געטראַכט און געפונען די אמתע ראָזשינקע. עס איז געווען

## דער פריילעכסטער ייִד אין דער וועלט

אַ טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל, אַן אַלטער פּוילישער שליאכטשיץ, וואָס שיעור־שיעור האָט מען אים געהאַט געקרוינט פאַר פּוילישן מלך. נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ מעשה. אַן אנדער פּריץ האָט יענעם טשיפּיק־טשאַפּעקן דערשאָסן מיט אַ פּיסטויל און טאַקע אין לעמעשקער וואַלד. כמנהגם, ווי זייער שטייגער איז, האָבן די פּריצים איינער צום אַנדערן געשאָסן — ווערליק מען זאָגט — עפּעס דאָרט איבער אַ שיקסע.

# קאַפּיטל ניין און זעכציק

אַ פּריץ גרייט זיך צום באַל איבער בעלער.

ווען עס גייט אין זיין האָנער, האָט אַ פּוילישער פּריץ נישט ליב צו פאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק.

והדבר יצא מפי המלך — אינמיטן דער זומערדיקער חמימה, קוים מען האָט געהאַט אַריינגעפּירט זיינע ווייצן אין די שייערס, האָט טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל אַרויסגעגעבן אַ באַפעל: עס זאָל געמאַכט ווערן אַ באַל, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען, ושמעו — און זיין הערעניש — זאָל גיין מהודו ועד כוש, פון לעמעשקע קיין פּייטערבאַרג. זאָל ער דאָרט, דער מאָסקאַל, אויף דער פּאָניעשער כסא־המלכות וויסן, אז ווען מען פּראַוועט בעלער לכבוד אלטע זיידעס — איז טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל אויך נישט אַבי ווער און ער איז אויך נישט געוואַקסן אויפן באַרג מיסט!

אַזוי האָט ער צו זיך געזאָגט און האָט זיך געדרייט ביי די לאַנגע פּריצישע וואָנצעס.

מען האָט זיך געגרייט צום גרויסן באַל.

פון גרויס איילעניש האָט אויף די פּויערן און פּריצישע משרתים געציטערט די הויט. טאָמער האָט זיך דעם פּריץ אויסגעדוכט, אַז עס ווערט עפּעס נישט געטון מיטן רעכטן ברען — האָט ער נישט געמאַכט קיין דין און משפּט, נאָר באַלד געהייסן שמייסן, און טאַקע אויפן בלויזן, און טאַקע מיט פּייכטע ריטער. בלוט האָט געשפּריצט און די קולות פון די געשמיסענע זענען געגאַנגען עד לב השמים.

ער האָט געשיקט יעגערס אין די וועלדער אַריין, אז מען זאָל אים דאָרט שיסן געווילד. פון די וועלדער האָט מען טאָג ווי נאַכט געהערט דאָס קנאַלן פון ביקסן און דאָס בלאָזן און שאַלן פון טראָמפּייטן און געיעג־הערנער. אין לעמעשקע האָט מען געמיינט, אַז ס׳האָט זיך פון דאָס ביי

געמאַכט אַ פּוילישע פּאָווסטאַניע און פּריצים און קאָזאַקן ממיתן זיך דאָרט אין די וועלדער און פאַלן ווי די פליגן.

דאָס האָבן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָלס יעגערס געשאָסן אויף די פייגל אין דער לופטן און אויף די הערשן אין די וואַלד־געדיכטענישן.

גאַנצע טעג האָט מען אַרום דעם פּריצישן פּאַלאַץ, ווי אויך אין די סביבהשע דערפער, געהערט דאָס יאָמערלעכע קוויטשען פון חזירים. טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָלס פּאַראָבקעס און משרתים האָבן זיי לעבע־דיקערהייט געקיילט לכבוד דער גרויסער סעודה.

ר' וואָלף דער דאָרפס־גייער, וואָס איז פּרייטיק בין־השמשות פּונקט געהאָט צוריקגעקומען פון יענע דערפער, האָט געזאָגט, אַז אַ גאַנצן שבת האָט ער נישט געקאָנט טועם זיין און פרייטיק ביינאַכט האָט ער נישט געקאָנט שלאָפן פון בייזע חלומות. ער איז געוועזן ביי די פויערן אין יענע מקומות און ער האָט געזען און געהערט ווי דבר־אחרס קוויטשען און יאָמערן, ווען מען בריט זיי מיט הייס וואַסער און מען שלאָגט זיי מיט שטעקנס צום טויט. אַ חזיר איז אַפילו אַ טמא־זאַך, און אַ ייִד טאָר דער־מיט נישט האַנדלען, פונדעסטוועגן נעמט אַרום אַ גרויל, ווען מען זעט וואָס עשו טוט אָוועק מיט לעבעדיקע באַשעפענישן.

מיר, דעם מחבר פון אָט דעם ספּור־המעשה, וואָלט אויסגעקומען צו זיצן גאַנצע טעג און צו באַשרייבן שטויסן מיט פּאַפּיר, ווען איך זאָל וועלן דערציילן אַלצדינג, ווי אַזוי טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל האָט זיך געגרייט צו דעם יאָרצייט פון זיין זיידע. כל מחשבותיו, זיין גאַנץ טראַכ־טעניש איז נייערט געגאַנגען דערויף, נאָכצומאַכן דעם רוסישן ירום־הודו אין פּייטערבאַרג. ער האָט אַהין געשיקט שטאַפעטן, כדי זיי זאָלן אים מודיע זיין, ווי אַזוי עס גרייטן זיך די סעודות אין חצר־המלך, אין קיי־סערס הויף.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל האָט געטון אַ נדר ביים יויזל, אַז בלוט וועט זיך גיסן און ביי זיינע פויערן וועט ער אָפּשינדן די הויט, ווען זיין זיידנס האָנער וועט, חלילה, געטון ווערן די מינדסטע עוולה. און אַ צווייטן נדר האָט ער זיך געטון — און אויך פאַרשטייט זיך ביים יויזל — אַז די פּריצים פון נאָענט און ווייט וועלן עס האָבן צו געדענקען ווי אַזוי טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל פּראַוועט יאָרצייטן.

ובהגיע תור המלך — ווען עס איז געקומען דער טאָג, איז אַלצדינג שוין געווען מוכן ומזומן. פון די קוימענס פון פּריצישן פּאַלאַץ האָט גע־

זעצט אַ רויך. די פייערן האָבן דאָרט געפלאַקערט אין די קיכן און אין די באַק־אויוונס. אין גרויסע קופערנע טעפּ האָבן זיך געקאָכט די טריפה מאכלים. אין געוואלדיקע בראָט־פּאַנען זענען געלעגן און זיך געפּרעגלט סטאַדעס מיט אַלערליי עופות און טשערעדעס מיט חיות און בהמות, סיי טהורות און סיי טמאות.

מען האָט זיך געריכט אויף געסט.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל האָט געהייסן איינשפּאַנען אַלע זיינע קאָטשן און בריטשקעס. מען האָט זיי צעשיקט אין גרויס איילעניש צו ברענגען די פּריצים מיט זייערע ווייבער, טעכטער און קעבס־ווייבער.

אומעטום, אויף אַלע זאַמדיקע פּוילישע וועגן האָבן געבלאָזן און געשאַלט די טראָמפּייטן פון די יעגערס, וואָס זענען געזעסן אין זייערע ליווריייען לעבן די קוטשערס אויפן באָק און מכריז ומודיע געווען, אַז הנה! עס הירזשען די פּערד און מען פּאָרט!

אין דער היים, אַרום דעם פּאַלאַץ, האָט מען טאָג ווי נאַכט געמוזט שיסן אויף וויוואַט.

ביינאַכט זענען די הימלען רויט געווען פון די סטויגן שטרוי און די פּעסער סמאָלע, וואָס מען האָט אונטערגעצונדן.

אין לעמעשקע האָט מען געהערט פון דערוווייטנס, וואָס עס טוט זיך ביים יאַשניע וויעלמאָזשי פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. נאָר בעת דאָרט, אין פּאַלאַץ, איז עס געגאַנגען אויף רעדלעך און ס׳איז געווען והעיר שושן צהלה ושמחה, איז אין לעמעשקע געווען — והעיר שושן נבוכה. עס איז געווען אַן אומעטיק שווייגעניש ווי אינמיטן תשעה־באב. מען האָט געוווסט, אַז ווען דער פּריץ איז שמחהדיק, צעהוליען זיך אויך זיינע משו־געתן. און אויף וועמען קענען זיך אויסגיסן פּריצישע משוגעתן, אויב נישט אויפן קליינעם שטעטעלע לעמעשקע און אויף אירע יידן?

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועט זיך טון. די האָר וועלן זיך שטעלן קאַפּויער. ס׳איז נישטאָ דאָס מויל וואָס זאָל עס דערציילן און צו הערן איז נישטאָ דאָס אויער.

כטוב לב המלך ביין און די פּריצים זענען געווען שכור ווי לוט, האָט טשיפּעק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל אַרויסגעגעבן אַ געבאָט: מען זאָל הערשעלע

אָסטראָפּאָליער וואַרפן פאַר די לייבן. זאָלן זיי אים אויפפרעסן אַ לעבעדיקן און קיין זכר זאָל פון אים נישט בלייבן.

דער געשעצטער לעזער מעג מיר גלייבן: עס איז אַ שריפה און א ברען, ואני, און איך דער פּאַרפאַסער, זיץ און סקריפּע מיט דער פּען. עס קלאַפּט מיר אַ שן אין א שן און פון בענקל טוט מיך הייבן. עס דוכט זיך מיר, אַז אויפן פּאַפּיר איז אויך ותהום כל העיר פון לעמפּערטן און לייבן.

מה נאמר ומה נדבר? איך, דער מחבר, בין נישט מער ווי אַ שוואַ־כער יהודי. קודם לאָמיך זאָגן ווידוי.

## קאַפּיטל זיבעציק

הערשעלע טראַכט טרויעריקע געדאַנקען. — פון ווינטל אַרויס רעדט צו אים אליהו־הנביא. — גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע.

ווהין מען פירט אים אַ געבונדענעם האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער נישט געוווסט. די גויִים האָבן צו אים געלאַכט און אַרויסגענומען פון זייערע קעשענעס ברויט מיט קאָלבאַס און אָנגעהויבן צו פרעסן. הגם גויִים ווייסן ווויל, אַז אַ ייִד טאָר צומאָל דערויף נישט קוקן, האָבן זיי אים געפרעגט אויף ליצנות, צי ער וויל עסן אַ שטיקעלע קאָלבאַס. דערביי האָבן זיי געסמאָטשקעט מיט די ליפּן, דאָס הייסט, וואָסער געשמאַקער מאכל עס איז אָט דער טריפה ביסן.

הערשעלע האָט אָפּגעוואָנדן די אויגן און זיך געוואָלט אומקוקן אויף דעם שטעטעלע לעמעשקע. דאָס שטעטעלע איז פאַרשווונדן פון זיינע אויגן ווי אַ חלום. ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע בליקן און געקוקט אין די בלויע מרחקים: אפשר וועט ער דאָרט זען אַ שטיקל רויך פון אָסטראָפּאָליער קוימענס? ניין! עס איז נישט מער געווען צו זען ווי ווייטע אָפּגעשניטענע תבואה־פעלדער. אויף די פעלדער זענען דאָ און דאָרט געשטאַנען סטויגן. ערגעץ־ווו האָט ער געזען אַ ווילדן עפּל־בוים, וואָס איז געשטאַנען איי־נער אַליין אינמיטן פעלד. די הימלען זענען געווען זומערדיקע און בלויע. די זון האָט געהאַלטן נאָך העט ווייט פון שקיעה און זי האָט געבאַקן. אַ פייגעלע האָט געטרילירט אין דער לופטן איבער זיין קאָפּ.

ער האָט אפילו געקאָנט רעדן אַ ביסל גויִיש און האָט זיך געוואָלט פרעגן ביי די ערלים, וווהין זיי פירן אים. נאָכדעם ווי זיי האָבן אים גע־בונדן מיט שטריק און פירן אים איבער גאַטס אינדרויסנס און דערצו

האָבן זיי זיך גוט אָנגעפרעסן מיט טריפהן קאָלבאַס — איז די רציחה געוואָרן ביי זיי אָפּגעקילט. זיי שמייכלען שוין אפילו צו אים.

וואָס וועט ער פרעגן? מען פירט דאָך אים אַוועק אין סאָלדאַטן און מען וועט אים אוועקשיקן אין די הרי־חושך. פּאַמעלעכל וועט ער דאָרט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד. פּאַמעלעכל וועט ער דאָרט פאַרגעסן דאָס שיינע שטעטעלע אָסטראָפּאָליע און דאָס שיינע שטעטעלע לעמעשקע, דעם קלעזמער ר׳ גימפּל מיט זיין קאַפּעליע, ר׳ יאָקלען דעם פריילעכן בדחן, און זיין כלה שיינדעלע. מן־הסתם וועט זי מיט אַן אַנדערן עסן די גילדענע יויך. וואָס דען? זי וועט נעמען און זיך לאָזן וואקסן אַ גראָען צאָפּ?

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט געוואָלט וויינען. ער האָט זיך אָבער אַרומגעקוקט אויף גאָטס שיינעם אינדרויסן. איבער די פעלדער האָט געבלאָזן אַ מחיהדיק וואַרעם ווינטל. דאָס ווינטל האָט אים אַריינגעבלאָזן אין די אויערן. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פון ווינטל אַרויס הערט ער ווי עס רעדט צו אים אליהו־הנביא:

— זאָרג זיך נישט, הערשעלע אָסטראָפּאָליער! אַ ייִד מוז האָבן בטחון דער דרך־הטבע פון אַ ייִד איז נייערט דאָס נס. דאָס זיכערסטע פאַר אַ ייִד איז אמונה און שמחה. וואָס קלערסטו, הערשעלע סערדצע — האָט ער באַשיימפּערלעך געהערט אליהו־הנביאס קול פונעם ווינטל אַרויס — אומזיסט האָב איך זיך מטריח געווען אַזש פון בית־דין של מעלה און דיך אויף מיינע פּלייצעס אַהער געטראָגן אין אַ זעקל? פאַלט דיר איין, הערשעלע, אַז איך האָב דיך אַהער געברענגט, כדי דו זאָלסט ווערן אַ יון און גיין אויף גוייִשע מלחמות? זאָרג זיך נישט, יתומשי. גאָטס וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פונעם סאמע כי־טוב. איי אַ ייִד ווערט אַ קאַפּיטשקע פאַרשוואַרצט? איז נישט געדאגהט זאָל ווערן! אַלצדינג איז כי־טוב.

אַזוי האָט פון ווינטל אַרויס גערעדט אין הערשעלעס אויערן דאָס ליבהאַרציקע קול פון אליהו־הנביא.

הערשעלע האָט זיך אויסגעשמייכלט צו די גויִים.

זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען דאָס געלעכטער פון אַ געבונדענעם ייִד און האָבן מן־הסתם געמיינט, אַז ער וויל אַ שטיקל קאָלבאַס. זיין האַרץ אָבער איז צוריק פול געוואָרן מיט בטחון. ער האָט געגלויבט אויף זיכער, אַז אליהו־הנביא וועט שוין מאַכן, אַז אַלצדינג זאָל זיך טאַקע אויסלאָזן כי־טוב. וואָרים וואָס שייך? אומזיסט האָט ער אים אַהער געבראַכט אין א

זעקל אויף די פּלייצעס, כדי צו זיין צווישן ייִדן און זיי משמח צו זיין מיט זיינע הלצות און קאַטאָוועסן?

— גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע כי אתה עמדי — ווען איך זאָל אפילו גיין אין די פינצטערע טאָלן פון טויט, וועל איך דאָרט נישט קיין מורא האָבן פאַרן שלעכטן. דו ביסט מיט מיר אומעטום — טאַקע אומעטום — האַר פון די וועלטן!

אַזוי האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער געזאָגט אויפן הויכן קול אינמיטן גאָטס אינדרויסנס און איז ביי זיך געווען זייער האָפּערדיק.

— ער מאָדליעט זיך, דער זשידעק, — האָבן די גויִים צווישן זיך געזאָגט. ס׳איז פּלוצים געוואָרן צווישן זיי אַ גרויס שווייגעניש.

## קאַפּיטל איין און זיבעציק

הערשעלע אָסטראָפּאָליער קומט אָן צום פּאַלאַץ פון פּריץ
טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל.

ווען מען האָט הערשעלען צוגעפירט צום פּאַלאַץ פון פּריץ טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל, איז געוואָרן אַ גרויס געבילעריי פון הינט. גרויסע און קליינע הינט, הינט פון אַלערליי געוויקס און אַלערליי געשטאַלטן, זענען מחנותווייז אַנגעלאָפן. אַלע האָבן זיי געהאַט אַרויסגעזעצטע אויגן פון אימפּעט און רציחה. דערזעענדיק אַן אָפּגעריסן, געבונדן יידיש יינגל האָבן זיי מוראדיק געוואָיעט און זיך געוואָלט אויף אים ווארפן.

די גויים האָבן זיי אָפּגעיאָגט מיט שטעקענעס. די הינט האָבן דעריין ווי געזען אַ געוואַלדיקע וועלט־עוולה: ס׳הייסט, מען לאָזט זיי נישט צעררייסן אַ ייד אַן אָרעמאַן? זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די ווידלען מחמת אַנטוישונג און ווייִנענדיק געוואָיעט פון גרויס האַרצקלעמעניש.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך אַרומגעקוקט. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן איז ער אין אַ פּריצישן סאָד און נאָענט ביי אַ פּריצישן פּאַלאַץ. רויטע שפּעט־זומערדיקע עפּל האָבן צו אים אַראָפּגעקוקט פון צווישן גרין־טונקעלע צווייגן פון אַלטע עפּל־ביימער. ער איז געווען הונגעריק און אים האָט זיך געוואָלט עסן אַן עפּעלע.

קלאָמבעס מיט רויזן און אַנדערע פּאַרביקע בלומען האָבן אַרומגערינגלט דעם רחבותדיקן בנין פון טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַלס פּאַלאַץ.

עס איז געווען אַ גרויס טומלעניש פון אַלערליי משרתים און לאַקאַיעס. מען האָט זיך געגרייט צום באַל און דער פּריץ האָט געיאָגט און געדראָט מיט שמייסן.

קאָטשן איינגעשפּאַנטע אין שאַרפע הירזשענדיקע פערד זענען געשטאַנען אויף די וועגן צווישן די רויזן־קלאָמבעס.

י. י. טרונק

אויף די גאַניקעס פון פּאַלאַץ זענען געזעסן פּריצים און פּריצות און האָבן געשמועסט און געלאַכט.

קיינער האָט זיך אויף הערשעלען נישט אומגעקוקט. ס'איז פאַר זיי, דוכט זיך, געווען די פּשוטסטע זאַך, וואָס מען פירט א געבונדענעם ייִד. אָבער ווהין פירט מען אים? און צו וואָס האָט מען אים אַהער געבראַנגט? הייסט עס, אַז דאָ אין פּאַלאַץ וועט מען אים לעיני כל השרים אָנטון רויטע הויזן און הייסן שיסן?

## קאַפּיטל צוויי און זיבעציק

אין די פינצטערנישן. — הערשעלע טראַכט ווייטער מחשבות.

לאַנג צו טראַכטן האָט ער נישט געהאַט קיין צייט.

מען איז מיט אים פאַרבייגעגאַנגען דעם גאַנצן טאַראַראַם פון פּריצים, קאָטשן און משרתים. מען האָט אים אַראָפּגעפירט — און דווקא אין סאמע פּאַלאַץ — אויף טרעפּ. די טרעפּ זענען געווען קרומע און שטיי־נערנע. זיי האָבן זיך געדרייט צווישן נאַקעטע מויערן. די מויערן זענען געווען פון גרויסע נישט־געטעסעטע שטיינער. אומעטום האָט געהאָנגען שפּינוועבס, און ס'האָט געשלאָגן דומפּעכץ און נאַסקייט. עס איז געוואָרן וואָס אַמאָל קילער און טונקעלער.

די גויִים האָבן געשוויגן און מיט אים געגאַנגען.

מען האָט אים אַריינגעפירט אין אַ רחבותדיקן קעלער. דער קעלער האָט אויסגעקוקט ווי אַ פאַרלאָזענע הייל אויסגעהאַקט אין פעלז. תחילת איז אים, הערשעלען, שווער אָנגעקומען עפּעס צו זען. די טונקלענישן זע־נען געווען פייכטע און פאַרדומפּעצטע און האָבן זיך געלייגט אויפן האַרצן ווי אַ נאַסע משא. די גויִים האָבן אים אויפגעבונדן די שטריק, אין וועלכע ער איז געווען געבונדן. זיי האָבן אים געוויזן אויף אַ באַרג שטרוי און אים געהייסן זיך אַוועקזעצן.

און זיי זענען צוריק אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ.

הערשעלע האָט געהערט ווי אויבן פאַרשליסט זיך שווער אַ טיר.

ער איז געבליבן איינער אַליין אין די אונטערשטע טונקלענישן און האָט צו זיך געטראַכט מיט גראַמען:

— איך, דער יניק וחכים, ר' הערשעלע אָסטראָפּאָליער, בין נישט צווישן ייִדן אין ייִדישע מרחקים. איך טרייב נישט קיין קאַטאָוועס. עס שמעקט מיר מיט צדקה תציל ממות אין פינצטערע ממעמקים. עס איז

נעבעך אַ ביטערער מקח. ווי איך זע באַקט מען דאָ נישט קיין לעקעך, קיין מאַרצעפּאַנעס און אַנדערע ממתקים. ס׳איז ממש גרויסע מחשכים. אויב אויף אַזאַ אופן מאַכט מען ייִדן פאַר סאָלדאַטן, איז אָך און ווי צו מיין טאַטן. עס איז דאָך אַ תפיסה הינטער גראַטן! מן־הסתם לויפן דאָ אַרום מייז און ראַטן. זאָל איך מיך זעצן וויינען? בין איך דאָך נישט קיין שוטה. זאָל איך נעמען און לאַכן? לאַכט מען נישט צווישן טויטע.

אַזוי האָט צו זיך גערעדט מיט שיינע גראַמען הערשעלע אָסטראָפּאָ־ליער. די הענט האָבן אים ווי געטון פון די שטריק, אין וועלכע ער איז געווען געבונדן. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן שטרוי און זיך שאַרף אָנ־געהויבן אַרומצוקוקן אין די טונקלעניש. שייך? — האָט ער געזאָגט — מען זעט דאָ עפּעס נישט אליהו־הנביאן?

פּאַמעלעכל האָבן זיך זיינע אויגן צוגעוווינט און ער האָט אָנגעהויבן צו זען וואָס אַמאָל שאַרפער.

פון גאַנץ אויבן, איבער דער פייכטער שטיינערנער קעלער־מויער, האָט אַראָפּגעקוקט א קליין פאַרגראַטעוועט פענצטערל. אַ שוואַך טאָג־ליכט האָט זיך פון דאָרט קוים, קוים אריינגעריסן אין די טונקלענישן. די שטיינערנע ווענט האָבן זיך ווי אָנגעהויבן אַרויסצושיילן פון חשכות. הערשעלע האָט געזען ווי זיי טריפן פון נאַסקייט און זענען באַוואַקסן מיט אַלטן מאָך. גאַנצע קופּעס מיט שפּינוועבס האָבן געהאָנגען אויף די ווענט און אויף דער סטעליע. זיינע אויערן האָבן פאַרנומען ווי עס טריפט עפּעס. דאָס האָט די נאַסקייט געטריפט פון די ווענט און פון דער סטעליע. פּאַמעלעך האָבן זיך פאַר זיינע בליקן געעפנט די קעלער־ווינקלען. ער האָט געזען, ווי דאָרט שטייען שורות און שורות מיט אַלטע בייכיקע פעסער. די פעסער זע־נען אויך געווען פייכט און פאַרוואַקסן מיט מאָך און מיט שפּינוועבס. מן־הסתם זענען עס פעסער מיט יין־נסך — האָט ער געזאָגט און זיך גע־קראַצט אונטער דער פּאַטעלניצע.

ער איז געזעסן און געטראַכט. עס איז אים געוואָרן וואָס אמאָל ליכ־טיקער אין קעלער. די טונקלענישן האָבן אים אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן אַלע מאָל אנדערע זאַכן. ער האָט אָנגעהויבן צו זען ווי עס ליגן צעבראָכענע שפּיזן און ביקסן, צעריסענע זאָטלען פון פערד, פאַרזשאַווערטע טראָמפּייטן און שאַלאַמייען און אלערליי אַנדערע גויִיש בראָכווארג. אַמאָל גאָר־גאָר פאַרצייטנס — האָט הערשעלע געטראַכט — זענען זיי געווען אויבן אין די אינדרויסנס. אָט די ביקסן אין די טונקלענישן, האָבן אַמאָל געשאָסן,

די שפּיזן האָבן אַמאָל געשטאָכן, אויף די זאָטלען האָט מען אַמאָל געריטן, די טראָמפּייטן און שאַלאַמייען האָבן אַמאָל געשאַלט און געפּיפּן. אַלצדינג איז אַן עולם־עובר און אַלצדינג איז שאָטן און פאַרגאַנגעניש, און אַלצדינג מוז אַמאָל ווערן אַ בלע המות לנצח — האָט הערשעלע ווייטער געטראַכט און זיך געקראַצט אונטער דער פּאַטעלניצע — און אין אָט דעם פינצטערן עולם־עובר אַריין האָט מען אַוועקגעזעצט אַ ייִד אַ קאַטאָוועס־טרייבער! צו וואָס? גיי און פרעג קשיות אויפן כּי־טוב.



## קאַפּיטל דריי און זיבעציק

מען ברענגט אים ראַזשינקעס מיט מאַנדלען — עס, זשידעקל, עס!

הערשעלע אָסטראָפּאָליער זיצט אַזוי און טראַכט זיינע מחשבות און ער איז ביי זיך זיכער ווי דער טאָג, אַז גאָר נישט. נישט געדאגהט! ביי די גרעסטע צרות מוז אַ ייִד נעמען אַ שמעק טאַבאַק און האָבן בטחון און טאַקע זאָגן דאָס קלוגע גלייכווערטל. ס'הייסט? אליהו־הנביא נעמט דאָך נישט סתם אַזוי אַ ייִד אין אַ זעקל אַריין און טראָגט אים אַוועק אויף די פּלייצעס קיין אָסטראָפּאָליע.

פּלוצים הערט הערשעלע ווי אויבן שליסט מען ווידער שווער אויף די טיר און מען גייט אַראָפּ אויף די שטיינערנע טרעפּ.

ער האָרכט אויף.

אַן אַלטער פּויער אין אַ צעריסענער סוקמאַנע קומט אַראָפּ צו גיין, אַן אָנגעצונדענע לאַמטער האַלט ער אין האַנט, און אויף אַ קנאָפּ פון דער סוקמאַנע. כנראה, זעט דער פּויער נישט אין די טונקלענישן אָן אַ לאַמטער. אין ביידע הענט טראָגט ער צוויי גרויסע שיסלען. אַ שווייגנדיקער און מיט אַן אַראָפּ־געלאָזענעם פּליכעוואַטן קאָפּ גייט ער צו צו הערשעלען און ווייזט אים אויף די שיסלען:

— עס אַלצדינג אויף, זשידעק! — זאָגט דער פּויער מיט אַ טעמפּ הייזעריק קול און לייכט צו מיט דער לאַמטער, כדי הערשעלע זאָל גוט זען וואָס עס טוט זיך אין די שיסלען. — דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן האָט באַפוילן, אַז דו זאָלסט אַלצדינג אויפעסן. דו וועסט באַקומען נאָך און נאָך. עס זשידעק און באַלעמוטשע נישט! טאָמער, חלילה, וועסטו נישט אויפעסן, האָט דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן געזאָגט, איז וועט מען נעמען דעם אַלטן וויטעק (ער האָט געוויזן אויף זיך) און אים אָפּשמייסן אויף דעם בלויזן מיט פּייכטע ריטער. עס, זשידעק לעבן, און דו וועסט באַקומען

נאָך — האָט זיך דער אַלטער גוי געבעטן ביי הערשעלען און גענטער צו־גענומען דעם לאָמטער צו די שיסלען.

הערשעלע האָט אַ קוק געטון און האָט נישט געגלויבט זיינע אויגן, — איין שיסל איז פול געווען מיט ראָזשינקעס און די אַנדערע מיט מאנדלען.

— עס, עס, זשידעק — האָט זיך דער פויער געבעטן, אויפגעהויבן די לאָמטער און געקוקט הערשעלען אין פּנים אַריין — דער יאַשניע וויעל־מאָזשני פּאַן וועט דעם אָרעמען וויטעקן הייסן אָפּשמייסן אויפן בלויזן, ווען דו וועסט, גאָט באַהיט, אין דער שיסל איבערלאָזן כאָטש איין ראָזשינקע צי איין מאנדל.

***

וואָס מיר וועלן דערציילן אין קומענדיקן קאַפּיטל וועט ממש שווער זיי צו גלייבן. הערשעלע איז ניצול געוואָרן פון פארצוקנדיקע לייבן. אַ ייִד איז אַ מלומד־בנסים. אויף הערשעלע אָסטראָפּאָליער דאַרף מען נישט זוכן קיין זכותים. אויב מען איז נאָר נישט קיין חוקר און קיין משכיל, וועט מען דערפון אַרויסנעמען אַ מוסר־השכל.



## קאַפּיטל פיר און זיבעציק

טייערע הערצער ביי די יאַשניע וויעלמאָזשנעס. — אַ ייִד מוז זיך גרייטן צוריקצוגיין צו די עולמות־עליונים.

מיט ביידע אויגן האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער נאָך אַ מאָל גוט אַריינגעקוקט אין די צוויי שיסלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. ער האָט זיך געקראַצט אין דער פּאַטעלניצע. אַזוי ווי ער האָט געקענט רעדן אַ ביסל גויִיִש, האָט ער געזאָגט צום אַלטן אָפּגעריסענעם ערל:

— דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן מוז מיך האַלטן פאַר אַ ציטעריק בן־יחידל — מחמת דעם, גייט ער מיך קאָרמענען מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

דער גוי האָט זיך טעמפּ אויסגעשמייכלט. פּונקט האָט ער געהאַלטן די לאַמטער האַרט ביי זיין פּנים. הערשעלע האָט געזען ווי ביים שמייכלען באַווייזן זיך אים פון די דינע ליפּן אַרויס אַ פּאָר נאַקעטע יאַסלעס.

— ביסט נישט קיין בן־יחידל ביים יאשנע וויעלמאָזשנעם פּאַן — האָט דער גוי געשאָקלט מיטן פליכעוואַטן קאָפּ — ביסט נייערט אַן אָרעם זשידעקל. דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן און אַלע פּריצים און פּריצות אויבן אין די סאַלעס ווילן, אַז דו זאָלסט אויף זיך נעמען לייב. דו זאָלסט זיך אויספּאַשען ווי אַ חזירל. הי! הי! הי! האָט ער זיך הייזעריק געכיכיקעט.

— טייערע הערצער ביי די יאַשניע וויעלמאָזשנע פּאַנעס — האָט הערשעלע געזאָגט — מען נעמט אַן אָרעם זשידעקל און מען פּאַשעט אים מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, כדי ער זאָל אויף זיך נעמען לייב.

— וואָס דען מיינסטו, נאַרעלע — האָט דער אַלטער געזאָגט — די לייבן וועלן זיך צורירן צו עפּעס דאָרט שלימזלדיקע ביינער?

הערשעלען האָט עס געגעבן אַ טיאָכקע אין האַרצן.

— וואָסערע לייבן? — האָט ער געפרעגט האַלב אין שרעק און האַלב אין חידוש — איך האָב, וויטעק טײַערער, אויבן אין פּריצעס הויף געזען הינט. אַ סאַך הינט. זיי האָבן טאַקע געוואָלט צערײַסן דעם אָרעמען זשידעק, נאָר די פּויערים, וואָס האָבן מיך געהאַט געבונדן, האָבן זיי אַוועקגעיאָגט מיט שטעקנס. וואָסערע לייבן? — האָט הערשעלע נאָך אַ מאָל געפרעגט און אָנגעקוקט דעם אַלטן גויס פּנים, וואָס איז איצט שאַרף באַלויכטן געווען פון דער לאַמטער.

— באַלעמוטשע נישט, זשידעק, און עס פון ביידע טעלערס — האָט דער גוי געזאָגט — דער יאַשניע וויעלמאָזשני וועט זיכער דעם אַלטן וויטעקן הייסן אַוועקלייגן און אים אָפּשמײַסן אויפן בלויזן. דו מוזט זײַן פעט, טײַערינקער, ווען מען וועט דיך וואַרפן פאַר די לייבן, — האָט ער געזאָגט זייער ערנסט — זיי וועלן זיך צו דיר נישט צורירן, ווען דו וועסט זײַן אַזוי דאַר ווי איצט. עך, עך, עס וועט שוין איינמאָל זײַן אַ חתונקע! אַלע יאַשניע פּאַנעס וועלן זיצן און צוקוקן, ווי אַזוי לייבן פרעסן אויף אַ קליינעם זשידעק.

דער גוי האָט נאָך אַ מאָל צוגענומען די לאַמטער צו די פּולע שיסלען און האָט געזאָגט:

— איך זע באַשיימפּערלעך, אַז דו ווילסט, אַז דער יאַשניע וויעלמאָזשני זאָל וויטעקן דערלאַנגען מיט ריטער. מעגסט זיך שעמען פאַר די יאַשניע פּאַנעס. די לייבן וועלן צו דיר צומאָל נישט וועלן אַ שמעק טון.

— הייסט עס — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט — אַז אַ ייִד מוז זאָגן ווידוי. אַ ייִד מוז זיך גרייטן צוריקצוגיין צו די עולמות־עליונים פון וואַנען אליהו־הנביא האָט אים ווי אַן אָרעמאַן, אַ גייער, געבראַכט צו טראָגן אין אַ זעקל.



## קאַפּיטל פינף און זיבעציק

ווידער התנצלות פון מחבר.

א ייִד זיצט אין אַ פינצטערן קעלער אונטער אַ פריצישן פּאַלאַץ און באַקומט ראַזשינקעס מיט מאַנדלען, כדי שפּעטער אויפגעגעסן צו ווערן פון לייבן.

און דערצו איז עס אַ ייִד אַ קאַטאַוועס־טרייבער, אַ הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער.

דאָ מוז דער קליגסטער מחבר זיך גוט באַטראַכטן.

מעג ער, דער קלוגער מחבר, זיין אַ זקן ורגיל אין אַלע מיני באַ־שרייבענישן; מעג ער ביי זיך האָבן די איינרעדעניש, אַז ער ווייסט וואָס עס טוט זיך אין די מחשבות פון יעדן מענטשן; מעג זיך אים אפילו אויס־דוכטן, אַז ער ווייסט די מחשבות סיי פון אַ מאַנסביל און סיי פון אַ ייִדענע.

צי ווייסט ער אויך די מחשבות פון אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער?

נאָר לאָמיר נישט כאַפּן די פיש פאַר דער יויך — לאָמיר קודם־כל דער־ציילן, וואָס דער יודע־הכל, אַ מחבר, טוט ווען עס קומט אים אין דער האַנט אַריין אַ מענטשלעכע מחשבה.

קודם־כל פּוילט ער זיך נישט און כאַפּט זי אַרויף אויף דער פּען. ער שרייבט זי אַרויס אויפן פּאַפּיר מיט אַ סך חן און מיט אַ סך תּפארת־הלשון, אַזוי ווי אַ פּאַרפאַסער קאָן.

ואני, און איך הקטן? איך האָב שוין צוליב פּרנסה אויך געהאַט באַ־שריבן די מחשבות פון אַ סך מאַנצבילן און, להבדיל, ווייבער. וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט אויף דער לונג האָב איך באַלד אַרויסגעכאַפּט ווי אַן אבן־טוב און געמאַכט דערפון ממתקים פאַר די הויכגעשעצטע לעזער און נאָך מער הויכגעשעצטע לעזערינס. וואָס איז שייך צו זאָגן? מען רעדט דערפון אין אַלע גאַזעטן און מבינים לעקן די פינגער און מאַכן מיר אַ

שם אויף אַלע ייִדן געזאָגט — און אַנדערע מחברים וואָלטן מיך דערפאַר געוואָלט דערטרינקען אין אַ לעפל וואַסער.

פונדעסטוועגן — ווי קלוג און יודע־הכלדיק אַ מחבר זאָל נישט זיין, דאַרף ער דאָך נישט זיין קיין נאַר און זיך איינרעדן, אַז ער ווייסט אויך די מחשבות פון אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער, ווען ער זיצט אין די פינצ־טערע ממעמקים, עסט ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און וואַרט נאָר דערויף, אַז די לייבן און לעמפּערטן פון יאַשניע וויעלמאָזשי פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל זאָלן אים אויפעסן אַ לעבעדיקן און דווקא אַ פעטן און אַן אויסגעפּאַשעטן.

וועלכער מחבר וועט קומען און וועט זיך דאָ אונטערנעמען צו באַ־שרייבן די מחשבות פון אַ ייִד, וואָס פון הימל האָט מען אים אַראָפּגעשיקט צו טרייבן קאַטאָוועס מיט אונדזער עולם־הדמיון? אַ ייִד וואָס דאַרף צו דערפרייען די הערצער פון אומעטיקע צדיקים און סתם אומעטיקע ייִדן.

דערימאָך וועל איך מיך דאָ באַנוצן מיט דער שיינער, עניוותדיקער מליצה, וואָס אַלע מחברים שטעלן אַוועק, ווען עס גייט זיי אויס דער פאָדים. אָט די אייביקע פלוידערזעק מאַכן פלוצים פרומע פּנימלעך און נע־מען איין אַ לעפעלע שטומעניש. וואָס מיינען זיי דערמיט? זיי ווילן זיך קליגן, אַז דער לעזער זאָל נישט זען ווי דער פּיפּיקער מחבר איז נישט מער ווי אַ לעקיש בן לעקיש.

דער מחבר איז זיך כלומרשט מיישב און טוט א שטעל אַוועק: שווייג פעדער!

דער לעזער לייענט און טראַכט ביי זיך אין האַרצן:

וואָסער חכמהדיק נעבעכל עס איז פּאַרט אונדזער פּאַרפּאַסער! ווער ווייסט וואָס ער האָט נאָך צו זאָגן ביירערט ער מאַכט זיך געפּגרט. רעדן איז זילבער, שווייגן איז גאָלד.

אין דער אמתן אָבער —

דאָ האָט דער מחבר גענומען די פּען און מיט איר פאַרשטאָפּט א לאָך אין זיין בידנער פאַרפאַסערישער קאָפּאָטע.

## קאַפּיטל זעקס און זיבעציק

פון די מחשבֿים הערט הערשעלע שפּילן ר׳ גימפּלען מיט זיין קאַפּעליע.

ויהי היום.

דער חשובֿער לעזער ווייסט אַז ווו אַ ויהי — מיינט אַ צרה.

ויהי היום. אין די טונקעלע אונטערשטקייטן פון פּריצס פּאַלאַץ זיצט הערשעלע אַסטראַפּאַליער און טראַכט זיינע מחשבֿות. דער אַלטער גוי ברענגט אים אַלעמאַל אַראָפּ פרישע טעלער פולע מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

פּלוצים דוכט זיך הערשעלען אויס: אויבן, איבערן קליינעם פּאַרגראַ־טעוועטן פענצטערל, הערט ער שפּילן.

ער האָרכט זיך גוט איין.

אים קומט אויס, אַז דאָס שפּילן איז אים באַקאַנט. נישט בלויז דאָס שפּילן. ער הערט באַשיימפּערלעך ווי עס שפּילט ר׳ גימפּלס פידעלע. דאָס קול פון ר׳ גימפּלס פידעלע איז אים געווען היימיש און באַקאַנט ווי די צען פינגער פון זיין האַנט. וויאַזוי האָט ער עס געהערט אין קלעזמערישן הייזעלע הינטער אַסטראַפּאָליע? דאָס פידעלע שפּילט עפּעס ווי אַ האַלב־פריילעך קאַזאַקל און אַ האַלב־טרויעריק וואַלעכל. באמת, ווי איך בין אַ ייִד, עס איז ר׳ גימפּל! — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט אין גרויס מתיקות: — הייסט עס, אַז אַסטראַפּאָליע שטייט אויבן ביים פּאַרגראַטע־וועטן פענצטערל און שפּילט? הערשעלע האָט גענומען אַ ראָזשינקע פון דער שיסל, האָט הויך געמאַכט אַ ברכה בורא־פּרי־העץ און די ראָזשינקע גוט צעקייט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך אָנגערופן אַ פּלייט.

— באמת ווי איך בין אַ ייִד, עס איז געצלס פלייט — האָט הער־שעלע צו זיך געזאָגט און גענומען אַ מאַנדל פון צווייטן טעלער.

דאָס פידעלע מיט דער פלייט האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרגיין אין זיסע און באַטעמטע שלשלתן.

פלוצים הערט ער, ווי עס רופט זיך אָן דער דריטער פון די קלעזמער.

ר' פּיוּווישעס פּייקל גיט זיך א מיש אַריין אין מזומן און עס גייט אויבן אַוועק אַ קלעזמערישער מזמור.

— אָסטראָפּאָליע איז געקומען צו מיר — האָט הערשעלע געזאָגט. אים האָט זיך געוואָלט כאַפּן אַ טענצל. — אָסטראָפּאָליער קלעזמאָרים זענען געקומען צוגיין די ערשטע. באלד נאָך דער קאַפּעליע קומט זיכער צוגיין אליהו־הנביא. נו, וואָס האָב איך דיר געזאָגט, לעקיש? אַ ייִד מוז אפילו אין דער גרעסטער צרה נעמען א שמעק טאבאק.

און הערשעלע האָט גענומען נאָך אַ ראָזשינקע און זי אויפגעגעסן.



# קאַפּיטל זיבן און זיבעציק

אויבן און אונטן. — די קאַפּאָטע פּאַרקויפן, און אַ ייִד זאָל מען זיין. — בטחון עד זיבולא בתרייתא.

**א**ויב ר׳ גימפּל מיט זיין קאַפּעליע שפּילן אויבן פאַרן פענצטערל און הערשעלען במעמקים ווילט זיך כאַפּן דאָס אמתע טענצל. זעט מען דאָך בחוש ווי עס איז געקומען די ישועה.

האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט כהאי לישנא:

— יעמוד! זאָל אויפשטיין און נעמען דאָס פּעקל, ר׳ יאָקל בן פלעקל. אָט קומט אליהו־הנביא און וועט מיך צוריק אַריינלייגן אין זיין אַרעמאַנסקן זעקל. אין די מחשבים הייבט עס אָן צו טאָגן. אליהו־הנביא וועט נעמען און פּאַוואָליע מיך טראָגן קיין לעמעשקע צי קיין אָסטראָפּאָליע. אלצדינג וועט ווערן כי־טוב. אַזוי איז דער סוף פון אַ ייִד. און לאָמיך כאַפּן אַ טענצל און לאָמיך זינגען אַ ליד. אם ירצה השם פרייטיק־צו־נאַכטס וועט מיר שיינדעלע געבן פיש מיט חלה. איז זי דאָך עפּעס צוריק מיין כלה.

עס שליסט זיך טאַקע אויבן די שווערע טיר.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער איז גרייט אויסצושרייען:

— ברוך־הבא, ר׳ אליהו מתיר־אסורים! נישקשה, אויף דער וועלט ווערט צוריק פּורים.

אויף די טונקעלע שטיינערנע טרעפּ קומט פּאַמעלעכל אַראָפּ צו גיין דער אַלטער ערל מיט דער לאַמטער.

— וואָס טוט דאָ עפּעס איצט דער גוי? — פרעגט ביי זיך הערשעלע, — עס שפּילן דאָך אויבן אָסטראָפּאָליער קלעזמאָרים, און אָט־אָט דאַרף קומען אליהו־הנביא!?

עס האָט אים שטאַרק געחידושט. נאָר גיי און פרעג קשיות אויף

אליהו־הנביאן! ווייסן מיר דאָך, אַז ער האָט זיך האַלט צו פאַרשטעלן. נישט איינמאָל פארשטעלט ער זיך גאָר פאַר אַן ערל און רעדט גוייִש.

הערשעלע קוקט זיך גוט צו צו דעם, וואָס קומט. עס איז דער אייגענער אלטער גוי, וואָס ברענגט אים ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. ווי תמיד הענגט ביי אים די לאמטער אויף א קנאָפּ פון זיין צעריסענער סוקמאנע. זי באלייכט אים דעם האַלדז, די גאָמבע און דעם אויבערשטן טייל פון זיין צעריסענעם פויערישן בגד. דער פויער גייט שווער, מיט דעם אַראָפּגעלאָזענעם פליכעוואַטן קאָפּ.

ער טראָגט נישט קיין שיסלען מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

שטיל און אומעטיק גייט ער צו צו הערשעלען.

— קום — זאָגט ער מיט זיין טעמפּ און הייזעריק קול און באַמיט זיך אויף הערשעלען נישט צו קוקן — זיי וואַרטן אויבן.

— ווער וואַרט? פרעגט הערשעלע. ער הערט ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אין אים ווי אַ האַמער.

— די יאשניע וויעלמאָזשני פּאַנעס און די יאשניע וויעלמאָזשנע פּריצות. אויך די לייבעלעך וואַרטן שוין אויף דיר. עך, עך, בידנע זשי־דעקל! מעגסט שוין זאָגן דיין זשידאָווסקן פּאַטשיעזש. אַ שאָד אַ יונג לעבן, — זאָגט דער אַלטער און טוט אַ זיפץ אָפּ.

— וואָס ווילן דאָרט די לייבן? מאַכט זיך הערשעלע האַרץ. כלומרשט וויל ער טרייבן קאַטאָוועס.

— נאַרעלע וואָס דו ביסט — זאָגט דער גוי און קראַצט זיך מיטביידע הענט איבערן פליכעוואַטן קאָפּ — וואָס ווילן לייבן פון אַ מענטש? פאַרשטייט זיך, אַז זיי ווילן אים אויפפרעסן. ביסט מיר אָבער געבליבן, זשידעקל, סאַמע הויט און ביינער. די לייבעלעך וועלן בלייבן הונגעריקע, אפילו ווען זיי וועלן דיך פארשלינגען אַ לעבעדיקן. און דעם אַלטן וואוי־טעק האָסטו באמת נישט געטון ווי אַ פריינט. דער יאשניע וויעלמאָזשני וועט מיר הייסן אַריינשמייסן אויפן בלויזן און מיט פייכטע ריטער. ביסט אַ שלעכטער זשידעק. נאָר וואָס האָב איך דאָ מיט דיר איינצוטענהן? קום און נעם דיינע ביינדעלעך און טראָג זיי אַרויף אויבן. עס וואַרטן שוין דאָרט אַלע יאַשנע וויעלמאָזשנעס.

פון אויבן האָט מען וואָס אַמאָל שאַרפער געהערט ווי ר׳ גימפּל מיט זיין קאַפּעליע גייען איבער פון אַ וואַלעך אין אַ קאָזאַצקעלע.

— נישט געדאהגט, הערשעלע אַסטראָפּאַליער! — האָט הערשעלע

געזאָגט און זיך אויפגעהויבן מיטצוגיין מיטן ערל. — שייך, אַז ווען מען טראָגט אויף אַ שווארצער מיטה אַ ייִד צו דער שחיטה זאָל ר׳ גימפּלען גאָר באַפאַלן אַ שמחה גלייך ווי אויף דער וועלט וואָלט געווען שמחת־תורה? מן־הסתם וואָרט שוין אויבן אליהו־הנביא און ער וועט טון פאַרשליסן די מיילער פון די לייבן און וועט אַלצדינג איבערדרייען אויפן כי־טוב. עס איז בפירוש אַ מצווה מדאורייתא, אַז אַ ייִד מוז האָבן בטחון עד זיבולא בתרייתא. הערשל, זיי נישט קיין נאַר! ס׳איז לא דובים ולא יער. ווען כ׳וועל נאָר גלייבן — וועט ווערן פון די לייבן לעמעלעך און קעץ. שונאי־ישראל וועלן האָבן אַ פינצטערן קץ. ייִדן וועלן ווײַנען בששון וצהלה אין לעמעשקע און אין אָסטראָפּאָלע. הערשעלע וועט מיט זיי בלייבן. קאַטאָוועס וועט ער מיט זיי טרייבן ווי גאָט־ברוך־הואס אַ לץ.

— פונדעסטוועגן — האָט ער צו זיך געזאָגט ווען ער איז געגאַנגען אויף די טרעפּ — מוז מען געדענקען אַז מען איז אַ יהודי און זאָגן ווידוי.

ווען דער ערל איז מיט אים אַרויפגעקומען אויפן אינדרויסן, האָט דאָרט געשיינט די ליכטיקע זון און ס׳האָט געבלאָזן אַ מחיהדיק ווינטל. די רויטע שפּעט־זומער־עפּל האָבן צו אים אַראָפּגעקוקט פון די עפּל־ביימער.

ער האָט געטון אַ קוק — ביי אַ וואַנט פון פּאַלאַץ שטייען ר׳ גימפּל און די קאַפּעליע אָסטראָפּאָליער קלעזמאָרים. זיי שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ ווי אבלים. זיי ווײַנען ווי עס וואָלט אָקאָרשט געווען חורבן ירושלים.

דאָס פידעלע אָבער, די טראָמפּייט, די פלייט און דאָס פייקל זענען זיך פאַרגאַנגען אין אַ פריילעכס — גלייך ווי זיי וואָלטן נישט געווען אין די הענט ביי ייִדן וואָס שטייען און וויינען, נייערט ביי ייִדן וואָס שטייען און לאַכן פון דער וועלט און ווייזן איר די גרויסע פייג.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר זען ווי די לייבן זענען חלילה נישט קיין פאַרצוקנדיקע בעל־גופים. נייערט בידנע אָסטראָפּאָליער פילאָסופים. זיי וועלן צו זיך זאָגן: הלמאי זאָלן מיר אויף הערשעלען אָנוואַרפן אַ רוצחישע יראָה? בעסער וועלן מיר מיט אים שמועסן חקירה.

עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז מיר האָבן זיך אומזיסט געשראָקן און מען דאַרף נאָך נישט אויסטון די זאָקן.

## קאַפּיטל אַכט און זיבעציק

אין לייבנגרוב און אין דער פּריצישער סאַליע. — הערשעלע זאָגט תהילים.

הערשעלע האָט נישט באַוויזן לאַנג צו קוקן אויף דער אַסטראָפּאַליער קאַפּעליע. מיט געשריי און געלעכטער זענען באַלד צו אים צוגעלאָפן עטלעכע אויסגעפּוצטע לאָקאַיעס. װעדליק זייערע טייערע ליווריעס האָט הערשעלע נישט געוווסט, אַז דאָס זענען פּשוטע משרתים פון פּרץ טשי־פּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאַל. ער איז זיכער געווען, אַז עס זענען בגילופנ־דיקע פּריצים, וואָס לויפן אים כאַפּן און וואַרפן פאַר די לייבן.

אָבער ווו זענען די לייבן?

די לאָקאַיעס האָבן אַרויסגעשלעפּט פון אַ זאַק עפּעס אַזוינס ווי אַ גרויסן לייבן־קאָפּ. כנראה, איז דער לייב געפּגרט אין זאַק, איידער ער האָט באַוויזן מיך אויפצועסן, — האָט הערשעלע געטראַכט — אויב עשו וויל זיך אַ שפּיל טון מיט אליהו־הנביאן, איז אויס לייב! — האָט ער צו זיך געזאָגט. ער האָט באַשיימפּערלעך געזען מעשה נסים.

די לאָקאַיעס האָבן אָבער ווייטער געלאַכט און אַרויסגעשלעפּט פון זאַק אַ גאַנצע פעל פון אַ מוראָדיקן לייב. אַ געלע פעל מיט פיר פיס און מיט אַ לאַנגן וויידל. זיי האָבן גענומען די פעל — און איידער הערשעלע האָט נאָך באַוויזן אויסצורעדן אַ וואָרט, איז אים געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן און עס האָט אים אויסגעפּעלט אָטעם. ער האָט זיך געפונען אינמיטן דער אָפּגעצויגענער לייבן־פעל. ער האָט געשפּירט, ווי מען ציט אויף אים אַרויף דעם לייבן־קאָפּ.

שוין אינעווייניק, אין דער פעל פון אַ לייב, האָט ער געהערט ווי די ייִדן אינדרויסן ביי דער וואַנט, שרייען „שמע־ישראל"! —

שפּעטער האָט ער ווידער געהערט שפּילן.

מען האָט זיך געפּאָרעט ביי זיין קאָפּ. פלוצים האָט ער אָנגעהויבן צו זען. ווי עס קוקט אויס, האָט מען אים צוגעפּאַסט די אויגן צו די אויגן־לעכער פון דעם טויטן לייבן־קאָפּ. ער האָט דערזען ר׳ גימפּלען מיט דער קאַפּעליע און האָט געשפּירט ווי מען שלעפּט אים.

קיין סך זען דורך די לייבן־אויגן האָט ער נישט געקאָנט. מען האָט אים געשלעפּט איבער טרעפּ.

שפּעטער האָט ער געזען אַ גרויסע סאַליע.

דורך דער לייבן־פעל האָט ער געהערט, ווי עס פּאַטשן אַ סך הענט און עס הילכן שאַליקע געלעכטערס.

הערשעלע האָט אַרויסגעקוקט פון די לייבן־אויגן, און האָט געזען ווענט, וואָס זענען באַצויגן מיט טייערע רויטע געווענדער. אין שווערע גאָלדענע ראַמען הענגען דאָרט פּאָרטרעטן פון אַלטע באַוואָנצעטע גויים. די גויים גייען אָנגעטון אין סאַמעט און אין זיידנס און זענען פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנט מיט אַלערליי כלי־זיין. אויך גויעס — האַלב־נאַקעטע יפיפיות, — איינגעטונקענע אין פּערל און אבנים־טובות קוקן לאַכעדיקע צו אים אַראָפּ פון פּאָרטרעטן אויף די ווענט. דער יצר־הרע האָט זיך שוין איינמאָל געמאַכט א ווערלטעניו — האָט הערשעלע געטראַכט און צוגעמאַכט די אויגן.

ווידער האָט ער געהערט לאַכן, שרייען און טופּען מיט די פיס.

נאָך אמאָל האָט ער געעפנט די אויגן און געזוכט די לייבן, וואָס דאַרפן אים אויפעסן.

אינעווייניק, אין דער לייבן־פעל האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן קאַפּיטלען תהילים.

מען האָט אים כסדר געשלעפּט.

פלוצים האָט ער דערזען אַ גרויסע אייזערנע שטייג, אפשר די גרויס פון ר׳ יאָקל דעם בדחנס אַ שטיבל. דאָרט זענען אוודאי די לייבן — האָט ער געטראַכט און באַהאַרצטער געזאָגט תהילים.

אָט איז ער שוין ביי די אייזערנע גראַטעס פון דער שטייג.

די געלעכטערס און וויוואַטן, וואָס זיינע אויערן פאַרנעמען דורך דער פעל, ווערן וואָס אַמאָל ווילדער און הילכיקער.

# קאַפּיטל ניין און זיבעציק

הערשעלע! ביסטו עס, שקאָץ איינער? — עס איז גאָרנישט צו פאַרשטיין על פּי חקירה.

ער טוט א קוק: — אין אַ ווינקל פון דער שטייג ליגט א לייב. תחילת האָט הערשעלע געמיינט, אז עס איז ווידער עפּעס א געפּגר־טער לייב. אָך און וויי אין וואָסער מצב עס געפינט זיך די פאַרצוקנדיקע חיה־רעה! זי ליגט גאָר א נעבעכדיקע אין דער שטייג און איז איינגעבויגן אין דרייען. זי ציטערט און פלאַטערט און עס וואַרפט זי דאָס זיבן־יאָריקע קדחת. ער לעבט טאָקע דער שלימזל, — טראַכט הערשעלע און ווערט ביי זיך צוריק האָפערדיק — מען זעט דאָך בחוש ווי אליהו־הנביא האָט אין דער לייבן־שטייג אַריינגעשיקט אַ מלאך־המושיע און יענער — א רואה ואינו נראה, פארשטייט זיך — שטייט ביי דער חיה, גיט איר מיט דער בייטש און מאכט פון איר קאַשע. עס קוקט עפּעס נישט אויס — טראַכט ביי זיך הערשעלע און קוקט אַרויס פון זיינע לייבן־אויגן, — אַז אָט דאָס דאָזיקע באשעפעניש זאָל אויפן עולם־הדמיון נישט האָבן קיין אַנדערע פּרנסות סיידן צו לויפן הענדום־פּענדום און אויפצועסן א הער־שעלע אָסטראָפּאָליער!

מען גיט אים האַסטיק אַ שטופּ אַריין אין דער שטייג.

פּלוצים זעט ער ווי דער לייב אין דער שטייג טוליעט זיך צו צו די אייזערנע גראטעס און עס וואַרפט אים אין דער הויך פון פּחד און שרעק. דאָס לייבישע פּיסק פון יענער חיה גיט פּלוצים אַ געשריי ארויס:

— שמע־ישראל!

— ר׳ חייקל! ר׳ חייקל חוקר! גיט הערשעלע א געשריי ארויס פון זיין לייבן מויל — ר׳ חייקלשי, וואָס טוט איר דאָ?

— הערשעלע — רופט זיך דער צווייטער לייב אָן נישט־טויט און נישט־לעבעדיק — הערשעלע! ביסטו עס, שקאָץ איינער?

יענער לייב ווערט דרייסטער און טוט אַ פּאַך מיט דער פֿאַדערשטער לייבישער לאַפּע, ווי ער וואָלט געווען געפּאַכעט מיט א מלמדישן קאַנטשיק.

— מען האָט מיך געכאַפּט, רבי — האָט הערשעלע געענטפערט — און אייך, רביניו, האָט מען אויך געכאַפּט פּאַר אַ לייב? האָט הערשעלע געפרעגט און אַרויסגעלאַכט פון זיין לייבן־מויל.

— שייך געכאַפּט — האָט דער צווייטער לייב, ר׳ חייקל דער חוקר, געענטפערט מיט א גמראַ־ניגון — ר׳ שמעיה חוש, זאָל געזונט זיין, איז באמת א ייִד אַ פילאָסוף. ער האָט באַלד געזאָגט, אַז עלטערע ייִדן זאָלן זיך באהאלטן אויף די ביידעמער, מחמת דער קייסער ירום־הודו באַדאַרף גענעראַלן. עס גייט איצט אויף דער וועלט א כאַפּעניש און עס איז טאַקע ריכטיק על פּי חקירה אויך. נאָר איך פאַרשטיי בשום אופן נישט, וואָס איך בין אייגנטלעך: — משמעות בין איך א גענעראַל, און משמעות בין איך א לייב?

ר׳ חייקל דער חוקר האָט דערביי שטאַרק געמאַכט מיט זיינע פֿאָ־דערשטע לייבן־לאַפּעס, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביי אַ האַרבן תוספות.

פון דער סאַליע האָט זיך ווידער געהערט א הירזשעריי פון לאַכן און אַ געפּאַטשעריי פון הענט.

אין דער שטייג האָט מען אַריינגעשטופּט א נייעם לייב.

ר׳ חייקל דער חוקר און הערשעלע אָסטראָפּאָליער זענען הענדום־פּענדום צוגעלאָפן צו די אייזערנע גראַטעס.

דער נייער לייב האָט זיך מיט זיין לייבן־קאָפּ שאַרף אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן פון דער שטייג.

— איך פאַרשטיי עס גאָר נישט על פּי חקירה, — האָט דער נייער לייב פּלוצים געזאָגט און האָט צוגענומען זיין לאַפּע צום לייבישן שטערן.

— ר׳ שמעיה חוש!! האָט הערשעלע א געשריי געטון צו ר׳ חייקל דעם חוקר.

דער דריטער לייב איז געבליבן שטיין אינגאַנצן א פאַרשטמעליעטער.

— שמעיהשי — האָט דער לייב ר׳ חייקל אויסגעשריען בשמחה רבה. ער האָט אויסגעשטרעקט זיין לאַפּע און דערלאַנגט דעם לייב ר׳ שמעיהן אַ ברייטן שלום־עליכם.

ר׳ שמעיה חוש האָט, זעט זיך אויס, גאָר נישט געוווּסט, אַז ער געפינט זיך אין אַן אייזערנער שטייג. אים האָט זיך אָפּנים, אויסגעדוכט אַז ער איז ערגעץ אויבן, אויף די שבעה כוכבי־לכת.

— ס׳איז גאָר נישט משיג צו זיין על פּי חקירה — האָט ער געזאָגט אין מיטן דער שטייג — ווי אזוי מען נעמט ייִדן און מען מאכט זיי פאר לייבן.

— ר׳ שמעיהשי — האָט הערשעלע געזאָגט גאָר אַ האָפּערדיקער — משמעות, אַז ביי גויִים זענען פאַראַן אנדערע ספרי־חקירה. דאָרט קאָנען געמאָלט זיין אַזעלכע ווילדע חידושים!

— שייך אַנדערע ספרי־חקירה? — האָט ר׳ שמעיה געענטפערט. ערשט איצט האָט ער דערקאָנט הערשעלע אָסטראָפּאָליער, — ווי קומסט אהער, שייגעץ? האָט איר אים אַהער געבראַכט, ר׳ חייקלשי? האָט ר׳ שמעיה געפרעגט און געוויזן מיט זיין לייבן־לאַפּע אויף הערשעלען.

— מען האָט מיך געכאפּט אין לעמעשקע און טאַקע ביי ר׳ שמערעלען אויפן בוידעם, — האָט הערשעלע געזאָגט.

— שייך געכאפּט? ווער געכאפּט און ווען געכאפּט און וואָס געכאפּט?— האָט ר׳ שמעיה געדרייט מיט זיין לייבן־קאָפּ. — ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן על פּי חקירה.

דאָ זענען ווידער לאָקאַיעס געקומען אין דער שטייג אריין און די דריי פאַרשטעלטע ייִדן אַרויסגעשטופּט אינדרויסן.



# קאַפּיטל אַכציק

הוליעט, הוליעט ייִדן! אויף ישׂראל איז שלום און פרידן.

מען האָט זיי ארונטערגענומען די לייבן־קעפּ. ערשט איצט האָבן זיי דערזען ווו זיי געפינען זיך.

זיי זענען געווען אינמיטן אַ רייכער פּריצישער סאַליע.

אין אַ קרייז אַרום און אַרום, אויף טייער־אויסגעבעטע גאָלדענע פּאָטער־שטולן, זענען געזעסן דער יאשניע ווילימאָזשנע פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל בייזאַמען מיט זיינע פּריצישע געסט. די פּריצים זענען געווע אָנגעטון אין טייערע סאמעטענע זשופּאַנעס און באהאָנגען מיט גאָלד. לעבן זיי זענען געזעסן אלערליי יפיפיות אין שאַרכנדיקע קליידער מיט שלעפּעס. די קליידער האָבן געשעמערירט און געגלאַנצט פון ברילליאַנטן און איידל־שטיינער. אַזאַ מלכות האָבן נאָך אָסטראָפּאָליער ייִדן נישט געהאַט געזען זינט זיי לעבן. סיידן הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ער האָט ליב געהאט צו לייענען די מעשה־ביכלעך פון יאנקל לערער פון לאָדזש און האָט געוווסט, אַז אויף די קרישטאָל־אינדזלען וואָס אויפן ים־הקרח דאָרט טראָגן מלכים און מלכות פּונקט אַזעלכע געשמיידן. גיי און ווייס, אַז דאָס אַלצדינג, וואָס ר׳ יאנקל לערער באַשרייבט אין זיינע מעשיות, געפינט זיך סך־הכל עטלעכע תחום־שבתן ווייט פון לעמעשקע און פון ר׳ שמערעלעס בוידעם! עס זעט אויס — האָט הערשעלע געוואָלט אַ געשריי טון צו די צוויי אָסטראָפּאָליער פילאָסופים — אַז ר׳ שמערעלעס מרחקים זענען נישט קיין שום אויסגעטראַכטע בבא־מעשיות.

דאָס געזעמל פון די מלכותדיקע גויִים האָט זיך געקאַטשעט פון לאַכן. מען האָט פּשוט געמיינט, אַז אָט גייען די גאָלדענע פּאָטער־שטולן און נעמען און צעשיטן זיך צוזאַמען מיט די פּריצים. אויף זילבערנע טאַצן האָבן לאָקאַיעס ארומגעטראָגן גאָלדענע בעכערס מיט יין־נסך. די פּריצים און די פּריצות האָבן גענומען די ווײַנען, געטרונקען און געשריגן וויוואַט.

טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל האָט זיך פּלוצים אַ שטעל־אויף געגעבן אין זיין גאַנצער גרויס. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גאָלדענעם בעכער מיט ווייַן. די אַנדערע האַנט איז, ווי אַן אוצר, אים געווען באַזעצט מיט גאָלדענע רינגען. מיט איר האָט ער זיך געדרייט ביי די לאַנגע וואָנצעס.

— טאַנצט מה־יפית! האָט ער געריטשעט צו די יידן.

אויף די גאָלדענע פּאָטער־שטולן האָט מען זיך ווידער צעקאַטשעט פון געלעכטער.

אַנדערע לאָקאַיעס האָבן אין דער סאַליע אַריינגעשלעפּט ר׳ גימפּלען מיט זיין קאַפּעליע.

די קלעזמאָרים זענען געווען האַלב טויט און האַלב לעבעדיק. זיי האָבן געזען די אַסטראָפּאָליער חוקרים צוזאַמען מיט הערשעלען אין דער העלפט אָנגעטוענע אין לייבן־פּעלן. די קלעזמאָרים האָבן אָנגעהויבן צו פינטלען די אויגן. אויף זייערע דערשראָקענע פּנימער האָט זיך אויסגעגאָסן אַ לייכטער שמייכל.

די לאָקאַיעס האָבן די קאַפּעליע צוגעשטופּט צו דער וואַנט און זיי אַוועקגעשטעלט אונטער אַ גרויסן פּאָרטרעט פון אַן אַלטן פּוילישן גענעראַל.

— שפּילט פּאַרכעס! האָט טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל געדונערט און זיך געדרייט ביי די וואָנצעס.

אויף אַלע גאָלדענע פּאָטער־שטולן איז ווידער געוואָרן אַ שאַליק געלעכטער.

— שפּילט! — האָט טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל געטופּעט מיט די פיס. און איר, — האָט ער געשריגן צו די האַלב־ייִדן האַלב־לייבן — טאַנצט מה־יפית!

— הוליעט, הוליעט ייִדן! — האָט הערשעלע אינמיטן פון דעם פריי־צישן געלעכטער אויסגערופן מיט אַ ניגון פון שבתדיקע זמירות. נישט געדאַגהט! אויף ישראל איז שלום און פרידן — מיר טאַנצן אויף אַלע יאַרידן.

די אַסטראָפּאָליער קאַפּעליע האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכס.

ר׳ חייקל דער חוקר, ר׳ שמעיה חוש און הערשעלע אַסטראָפּאָליער האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט. זיי האָבן אָנגעהויבן צו טאַנצן עפּעס אַזוינס, ווי אַ מצווה־טענצל אויף אַ ייִדישער חתונה.

אויף די גאָלדענע פּאָטער־שטולן האָט מען צוגעפּליאַסקעט מיט די הענט.

י. י. טרונק

דער יאַשניע וויעלמאָזשני פּאַן טשיפּיק־טשאַפּעק־טשאַפּידאָל האָט פון זיין געלט־גארטל אַרויסגענומען דריי גאָלדענע רענדלעך און זיי ביטולדיק צוגעוואָרפן צו די דריי טאנצנדיקע יידן.

נאָכדעם האָט ער באַפוילן, אַז מען זאָל די אָסטראָפּאָליער חוקרים צו־זאַמען מיט הערשעלען, אַרויסוואַרפן פון דער סאַליע און אַרויסטרייבן פון פּריצישן פּאַלאַץ.

שוין אינדרויסן, האָט הערשעלע אַ קוק געטון אויפן פּריצישן גאָלדענעם רענדל און צו זיך געזאָגט:

— איך וועל דאָס רענדל אַריינלייגן אין דער פּאַטשיילע פון די לע־מעשקער גראָשנס. אָט די גאַנצע זשמעניע וועל איך אַוועקלייגן ביי דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט אליהו־הנביאס גאָלד, וואָס שטייט ביי ר׳ יאָקל בדחן הינטערן פּריפּעטשיק.



# קאַפּיטל איין און אַכציק

אַ שמועס מיט אליהו־הנביאן אויפן וועג צוריק קיין לעמעשקע.

ווען די צוויי חוקרים מיטן יינגל זענען געווען אינדרויסן אויפן פעלד, האָבן זיי גענומען דעם וועג קיין אָסטראָפּאָליע. הערשעלע אָבער האָט געזאָגט:

— איך מוז צוריקגיין קיין לעמעשקע, און זיך באַהאַלטן ביי ר׳ שמע־רעלען אויפן בוידעם. מען קאָן מיך נאָך כאַפּן און חלילה מאַכן פאַר אַ יוון

— ווען וועסטו קומען אין חדר אַריין, שקאָץ איינער? און צי ווייסטו כאָטש, גראָבער קאָפּ, וואָסער סדרה עס גייט? האָט ר׳ חייקל דער חוקר געפרעגט און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— ווען מיר וועלן עס דערלעבן און עס וועט זיין דער יעבור־זעם, וועל איך צוריק קומען אין חדר. איך אייל מיך און האָב נישט קיין צייט צו זאָגן גראַם, — האָט הערשעלע געענטפערט מיט אַ געלעכטער און איז אַוועק אויפן וועג קיין לעמעשקע.

ער איז געגאַנגען און געגאַנגען איבערן זאַמדיקן פּוילישן וועג. דער שיינער זומער־טאָג האָט זיך געגעבן צו זיין ענד. אין די הימלען איבער די פעלדער האָט זיך די זון אָנגעהויבן גרייטן צו שקיעה.

ווי ער גייט אַזוי, טרעפט ער אַ ייד אַן אָרעמאַן, אַ גייער מיט אַ גראָבן וואַלד־שטעקן אין דער האַנט און מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס.

דער אָרעמאַן איז אים געווען קענטלעך. תחילת האָט ער נישט גע־וווסט ווער דאָס איז, מחמת ער, דער גייער, האָט געהאַט אַ לאַנגע גראָע באָרד און גרויסע גראָע ברעמען זענען אים געוואַקסן איבער די אויגן.

— דאָס איז דער וועג קיין לעמעשקע? האָט דער אָרעמאַן געפרעגט און מיט אַ פינגער געוויזן אויף דער ווייטעניש.

— אויב ייִדן גייען נאָר אויפֿן רעכטן וועג, גייען זיי אויפֿן וועג קיין לעמעשקע, האָט הערשעלע געענטפֿערט שקאָצעוואַטע.

— עפּעס א סך ייִדן אין לעמעשקע? — האָט דער אָרעמאַן ווייטער געפֿרעגט.

— כן ירבו, ביז משיח וועט קומען, — האָט הערשעלע געענטפֿערט.

— און וואָס מאַכט דאָרט ר׳ שמערעלע? האָט דער אָרעמאַן ווייטער געפֿרעגט.

— אם ירצה השם, ווען עס וועלן קומען די גרויסע שנייען און די גרויסע זאַוויערוכעס וועט ער זיך אַוועקזעצן צווישן ייִדן אין בית־המדרש און זיי דערציילן פֿון די מרחקים.

ערשט איצט האָט זיך הערשעלע געכאַפּט אַז ער רעדט מיט אליהו־הנביא.

— שלום־עליכם, ר׳ אליהו, — האָט הערשעלע געזאָגט און אויסגע־שטרעקט צו איםביידע הענט — וואָס הערט זיך עפּעס אויבן?

— א שיינעם דאַנק פֿאַרן פֿרעגן, — האָט אליהו־הנביא געענטפֿערט — די פֿמליה האָט גרויס הנאה, ווען זי קוקט אַראָפּ פֿון זיבעטן הימל און זעט ווי דו טרייבסט קאַטאָוועס מיטן עולם הדמיון און ייִדן, קיין עין־הרע, לאַכן.

***

פֿאַוואָליע האָבן מיר פֿאַרענדיקט דעם ערשטן טייל. מיר זענען מכריז ומודיע ממש, מיר שאַלן מיט אַ טראָמפּייט: הנה, זייט גרייט! דער צווייטער טייל גייט! מיר וועלן דאָרט זען, ווי נאָך דער חתונה מאַכט שיינדעלע הער־שעלען פֿאַר אַ לייט. ער ווערט באַרימט ברייט און ווייט. פֿראַוועט קאַטאָ־וועס מיט רייך און אָרעם, מיט ייִדן און מיט שרים, מיט מאַנסבילן און נשים און מיטן גאַנצן צאָן־קדשים. דעם נאָמען פֿון צווייטן טייל טו איך אַצינד אַנאָנסירן כדי איר זאָלט עס פֿון זכרון נישט פֿאַרלירן. „הערשעלע אָסטראָפּאָליער אויפֿן וועלט־יאַריד" וועל איך עס באַטיטלען. און איצט לייענט די ווייטערע קאַפּיטלען.

# קאַפּיטל איינס

פאָלגט דעם מחבר און שלאָגט זיך אַרויס פון קאָפּ דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט גאָלדענע רענדלעך.

כ'וויל אָנהויבן דעם חלק־שני פון מיין ספור־המעשה און קלייב זיך אָוועקצושטעלן די ערשטע שורה. זי דאַרף זיך שרייבן כהאי לישנא: באַלד צומאָרגנס נאָך הערשעלעס חתונה מיט שיינדעלען.

זע איך, ווי ביי די הויכגעשעצטע לעזער און די הויכגעשעצטע לעזע־רינס ווערט א סומאַטאָכע. ס'הייסט, צומאָרגנס נאָך דער חתונה? און די סאַמעראָדנע חתונה ווו איז?

מן־הסתם האָבן שוין אַלע פאַרגעסן די פּאַטשיילע מיט גראָשנס, וואָס הערשעלע האָט אָנגעזאַמלט יום־כּפּור־קטן אויף לעמעשקער יאַריד. ווי מיר געדענקען, איז ער דאָרט כלומרשט געגאַנגען אויף אַ שטריקל איבערן טייך פרשנדתאָ. גראָשנס פאַרגעסן זיך. אָבער מיר האָבן נאָך געהאַט אין אונדזער ספור־המעשה א טשאָלנט־טאָפּ מיט אליהו־הנביאס רענדלעך. דער דאָזיקער אוצר איז געשטאַנען, ווי מיר געדענקען, ביים מחותן ר' יאָקל הינטערן פּריפּעטשיק.

אָט די גאָלדענע רענדלעך לאָזן זיך נישט פאַרגעסן.

די לעזער וועלן נעבעך זיין כשר גערעכט ווען זיי וועלן טענהן צום מחבר און אויך כהאי לישנא:

— אויב הערשעלע מיט שיינדעלען האָבן געהאַט במזומן א טאָפּ מיט גאָלדענע רענדלעך, האָט זיך דאָך אויף זייער חתונה מן־הסתם געמוזט טון אויף טיש און אויף בענק? מן־הסתם זענען דאָך ציפּע־שפּרינצע די גבאיטע און פרומע יאַכנע די נגידותטע דאָרט געווען די שיינע אונטערפירערקעס און האָבן געטאַנצט מיטן קוילעטש? מן־הסתם האָט מען דאָך געמאַכט אַן אָרעם־מאָלצייט פאַר ארחי־פרחי און מען האָט געטיילט נדבות און לעקעך? מן־הסתם זענען דאָרט, אויף דער חתונה הייסט עס, די טישן געווען פול מיט געגנדז און אינדיקעס און אַנדער כל־טוב? מן־הסתם זענען דאָך דאָרט גע־

פאלן גרויסע דרשה־געשאנקען, ווי דער שטייגער איז ביי ייִדן, וואָס האָבן שטיין הינטערן פּריפּעטשיק טשאָלנט־טעפּ מיט רענדלעך?

די הויכגעשעצטע לעזערינס, ווי דער שטייגער ווייבער, וועלן אויך זיין טשיקאַווע צו וויסן, וואָסערע קליידלעך און יופּקעס שיינדעלע האָט באַקומען צום אויסשטייער? וויפל זי האָט באַקומען בעטגעוואַנט וכדומה ווייבערישע שמאָכטעס. איך בין זיכער, אַז די הויכגעשעצטע לעזערינס פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל זיי דאָ מאַכן אַ חשבון פּאָדראָבנע ופּאָדריבנע און זיי אויסרעכענען יעדן פאָדים פון דעם ביד־רחבהדיקן אויסשטייער. אַ ווערטעלע אויסצורעדן! מיר פירן דאָך עפּעס צו דער חופּה אַזאַ כלה ווי שיינדעלע, — אַ כלה וואָס האָט שטיין הינטערן פּריפּעטשיק — כידוע פון אונדזער ערשטן טייל — אַ גרויסן טשאָלנט־טאָפּ מיט רענדלעך, און טאַקע, קיין עין הרע, אַ פולן ביזן אויג!

איז אָבער די מעשה, — מען טאָר נישט מאַכן קיין חשבון אָן באַלע־באָס. און דער באַלעבאָס איז נישט קיין קלענערער ווי אליהו־הנביא, און ער איז נישט בלויז דער באַלעבאָס, נאָר טאַקע דער מחותן מצד החתן. ער האָט געבענטשט די רענדלעך אין זיין אָרעמאַנסקן זעקל און ער האָט די דעה איבער דער מאה.

אויב אַזוי מעג דער טשיקאַווער לעזער זאָגן צום מחבר: ר׳ ייִד, זאָלט איר מיר מוחל זיין, איר זענט אַ טשייניק־האַקער אויף וואָס די וועלט שטייט און איר דערציילט נייעס פון פאַראַיאָריקן שניי און פון יאַרידן אויפן הימל — מילאָ פאַרפאַלן! וועט דער לעזער זאָגן וואָס ער וויל! וואָס קאָן איך טון? פאָרט קאָן איך נישט וויסן די מחשבות פון אַן אליהו־הנביא און וואָס ער איז אויסן געווען מיט די גאָלדענע רענדלעך.

דערימאָך בעט איך דעם הויכגעשעצטן לעזער, און דער עיקר, די הויכגעשעצטע לעזערין: איינמאָל פאַר אַלע מאָל, שלאָגט זיך אַרויס פון קאָפּ דעם טשאָלנט־טאָפּ מיט גאָלדענע רענדלעך! אַוועקגעפלויגן! וווהין אַוועקגעפלויגן? מן־הסתם צוריק אַרויף אין די עולמות־עליונים. גלויבט מיר: אויב עס חלומט זיך עמיצן גאָלד, האָט ער דערפון מער הנאה ווי ער וואָלט עס טאַקע געהאַט ממש בפועל. מרבה נכסים מרבה דאגה. צו וואָס זאָל טאַקע אליהו־הנביא מאַכן אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַ שווער געמיט מיט גאָלדענע רענדלעך? צו וואָס זאָל אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער טאָג ווי נאַכט האָבן פינצטערע מחשבות, אַז אָט קומען ייִדן־אָנזעצער, נאַרן ביי אים אויס די פּויטיקע און זענען מיט איר עוקר מעבר־לים קיין אַמעריקע?

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ שמערעלע ווייזט חידושים. — אַ מחבר פון אַן אַנדער מעשה־ביכל זאָגט עפּעס אַ סברה, מחמת יענער איז שוין אַ נפטר זאָג איך באַם.

עס וועט זיין שענער און געזינטער ווען מיר וועלן מאכן א שוויג און נישט דערציילן פון די בגדי־מלכות און אַנדערע בעטגעוואנטן וואָס שיינדעלע האָט באקומען צו איר אויסשטייער. מיר וועלן אויך נישט דער־ציילן פון די געבראָטענע גענדז, ברבורים־אבוסים און אנדערע מעדני־מלך, וואָס מען האָט געגעסן אויף דער חתונה. מ׳שטיינס געזאָגט, וואָסער ראָס־קאָש קאָן זיין אויף א חתונה פון א בדחנס א טעכטערל מיט א נאקעטן יתום, וואָס מען האָט געפונען אין אָסטראָפּאָליער הקדש? א חתונה אַן אָרע־מאנטע, א חתונה א מלך־אביונטע.

דערפאַר וואָס שייך פריילעכקייט און גראַמען איז עס טאַקע געווען כיד המלך, וואָס כיד המלך הייסט. מען האָט געמיינט, אַז ר׳ גימפּלס הייזעלע וועט זיך ממש צעשיטן פון גרויס הוליעריי. אַלע ניגונים פון גן־עדן, וואָס דער נפטר ר׳ העשל, דער הייזעריקער חזן פון אלטונע, האָט אמאָל פורים ביינאכט מיט די פינגער אויסגעלערנט הערשעלען — מיר געדענקען עס מן־הסתם פון אונדזער ערשטן טייל — אָט די ווונדערלעכע ניגונים האָט ר׳ גימפּל מיט זיין קאפּעליע איצט איבערגעשפּילט מיט גרויס חן און מתיקות. מען האָט געמיינט, אז די וועלט וועט פארגיין אין זיסעניש און די פייגעלעך אויף דיביימער וועלן עס נאָכזינגען, אם ירצה השם, ווען עס וועט קומען וועסנע־צייט.

זוי גרויסע געסט פון די מרחקים, זענען אויף דער חתונה געקומען ר׳ שמערעלע און זיין ווייב זיסעלע. זי זענען געקומען צופוסנס אזש פון לע־מעשקע און מיטגעברענגט דרשה־געשאנק א טעפּעלע מיט אתרוג־איינ־געמאכטס.

זוען עס האָט געהאַלטן ביים חתן־באַזינגעניש האָט ר' יאָקל גענומען אַ שמעק טאַבאַק און געטון אַ זאָג צו ר' שמערעלען מיט אַ ניגון און כהאי לישנא:

— מחמת דער גרויסער שמחה און מחמת וואָס איר, ר' שמערעלע, האָט אויף אייער בוידעם באַהאַלטן דעם חתן, אַז די כאַפּערס זאָלן אים נישט געפינען, על כן דעריבער איז יעמוד וידבר — איך בין אייך מכבד מיטן זאָגן און זינגען פאַרן חתן.

ויקם — דאָ האָט זיך ר' שמערעלע געטון אַ שטעל־אַרויף אויפן בענקל, אין סאַמע אינמיטן פון דער קאַפּעליע קלעזמאָרים.

ר' גימפּלס פידעלע איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ וויינענדיקס.

ויפתח — און עס האָט זיך ביי ר' שמערעלען אָן עפּן געטון דער חיתוך־הדיבור. ער האָט געשיט מיט מוסר און מאמרי־חז"ל און אַלצדינג — אויף קונציקע גראַמען. ביי ווייבער איז באַלד, פאַרשטייט זיך, געוואָרן די גרויסע יללה. אַפילו סטאַטעטשנע מאַנסבילן האָבן געעפּנט די מיילער און געזאָגט איינער צום אַנדערן, אַז זינט אַסטראָפּאָליע מאַכט חתונה האָט מען נאָך אַזוינס און אַזעלכעס נישט געהערט. אינמיטן שפּילן האָבן די קלעז־מאָרים צוגעשאָקלט מיט די קעפּ, מחמת גרויס באַוווּנדערונג. ר' גימפּלס פידעלע האָט געטון אַ שפּיל צו און מען האָט געמיינט, אַז דאָ שפּילט נישט קיין קלענערער ווי סטעמפּעניו אַליין. דער מחותן ר' יאָקל איז געוווען רויט אונטער די אויערן. ער האָט פאַרגעסן די איינרעדעניש, אַז ער איז דער גרעסטער בדחן אין די תפוצות־ישראל. ער האָט ווידער גענומען אַ גרויסן שמעק טאַבאַק און האָט אַ זאָג געטון צו ר' שמערעלען און טאַקע אין סאַמע מיטן חתן־באַזינגעניש:

— ר' שמערעלע, וואָס איז דאָ שייך צו רעדן? איר לייגט איין וועלטן! אַזאַ באַזינגעניש האָט מען געהערט סיידן אין שטעטעלע פּדן־ארם אויף דער חתונה פון יעקב־אבינו מיט דער מאַמע רחל.

אַנומלטן האָב איך, דער מחבר, געלייענט אין אַן אַלט מעשה־ביכל, אַז אין דער אמתן האָט זיך דער מחותן מצד החתן — אליהו הנביא הייסט עס — דעמאָלט פאַרשטעלט פאַר ר' שמערעלע בדחן, און ער האָט עס דעמאָלט באַזונגען דעם חתן הערשעלע אַסטראָפּאָליער. עס לאָזט זיך אַפילו רעדן. יענער מחבר עליו־השלום, וואָס האָט דאָס געשריבן, איז שוין לאַנג, נישט פאַר קיין ייִד געדאַכט אויפן עולם־האמת — דעריבער קאָן זיך אַ היינטיקער מחבר פאַרגינען צו זאָגן: באָם. מסכים! הייסט עס. אפשר האָט

ער, דער עליו־השלום, געטראָפן אין פּינטל. וואָס וועל איך זיך דאָ אַמפּערן מיט א בר־מנן? עס איז נישט דער דרך פון לעבעדיקע מחברים מקנא צו זיין געשטאָרבענע קאָנקורענטן און דווקא צו זאָגן קאָפּויער. מילא זאָל מיינס איבערגיין, און זאָל עס בלייבן אזוי ווי דער נפטר האָט געשריבן אין זיין מעשה־ביכל.

די פיר שטאַנגען פון דער חופּה האָבן געהאַלטן פיר גוטע פריינט מצד החתן והכלה. צוויי גוטע פריינט האָב איך אַרומגעזוכט אין אלע פּנקסים און מעשה־ביכלעך. זיי זענען ווי אין וואַסער אַריין. בשום אופן האָב איך נישט געקאָנט דערגיין זייערע נעמען. מיר ווייסן — גוטע פריינט פון קלעזמאָרים און בדחנים זענען נישט פון די ייִדן אויף דער מזרח־וואַנט. האָט מן־הסתם קיינעם נישט געלוינט צו פאַרשרייבן זייערע נעמען.

דערפאַר שטייט אומעטום פאַרשריבן, אז די אנדערע צוויי פון די חופּה־שטאַנגען־האַלטערס זענען געווען ר׳ חייקל דער חוקר און ר׳ שמעיה חוש.

מסדר־קידושין געווען האָט דער אָסטראָפּאָליער מרא־דאתרא ר׳ הירש לעמעלעס. אויף דער חתונה איז ער שוין געווען, קיין עין־הרע, קרוב צו א מאה שנים.

דעם דאָזיקן ר׳ הירש לעמעלעס געדענקען מיר פון דעם ערשטן טייל פון אונדזער ספּור־המעשה. אין יענעם פּורים ביינאַכט האָט אים הערשעלע געברענגט אַ גרוס פון זיין רבין, ר׳ שלום אלטארוס, דעם מרא־דאתרא פון פּעסט. דער נעמלעכער ר׳ שלום איז געווען צווישן די נפטרים, וואָס האָבן, דעמאָלט, נאָך האַלבער נאַכט, אין דער אַלטער אָסטראָפּאָליער שול, געלייענט די מגילה און געפּראַוועט א פּורים־פאַרשטעלעניש.

איך בין זיכער, אז אלע לייענער געדענקען עס גוט און עס שטייט ביי זיי לדורות פאַרשריבן אין זכרון.

למען האמת, — און עס זאָל אויך ביי אייך בלייבן אַ זכרון לדורות — וועל איך דערציילן נאָך אַ מעשה. די מעשה איז געשען אונטער דער חופּה און אין מיטן דעם סידור־קידושין.

דער חזן האָט שוין געהאַט אָפּגעזונגען „מי־אדיר“. חתן־כלה זענען געשטאַנען צווישן זייערע אונטערפירערס. די קלעזמאָרים האָבן געהאַלטן אין די הענט זייערע כלי־זמר און די וויבער — ברענענדיקע הבדלות. דער אלטיטשקער, הונדערט־יאָריקער, מרא־דאתרא ר׳ הירש לעמעלעס, האָט אָנגעהויבן מסדר־קידושין צו זיין. די כלה שיינדעלע איז שוין געשטאַנען

מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער צו הערשעלען, און הערשעלע האָט שוין געהאלטן אין דער האנט דעם טבעת־קידושין —

ביים „הרי" האָט זיך הערשעלע א קאפיטשקע זאַיִקעט.

שטייענדיק אינמיטן צווישן די אונטערפירערקעס, מיטן אויסגע־שטרעקטן פינגער און מיטן ווייסן כלה־שלייער איבערן פנים, האָט שיינ־דעלע אויסגערופן אויפן הויכן קול:

— ער קאָן נעבעך נישט פון אויסנווייניק, דער תכשיט! ברענגט אים אַ סידורל. אַ שיינעם תכשיט האָט איר געהאַט ביי אייך אין חדר, ר' חייקל חוקר!

אלע האָבן דערין געזען אַן אות־מופת, אז אם ירצה השם ביז הונדערט אין צוואַנציק יאָר, וועט שיינדעלע גיין אין די פלודערן און וועט זיין דער „כי ימשול". הערשעלע וועט נייערט זיין דער פאַדפאַנטאָפל.

וכך הוה. מיר וועלן עס טאַקע זען אין המשך פון אונדזער ספור־המעשה.

דערווייל האָבן חתן־כלה צעבראָכן דאָס גלאָז און אלע האָבן געשריגן מזל־טוב. מאנסבילן און ווייבער האָבן זיך געווינטשעוועט, אז מען זאָל ביי אַלע ייִדן דערלעבן נחת און פרייד. ר' גימפל עם האַקאַפעליע שלו האָבן אויפגעשפילט אזא פריילעכס, אז מען האָט געמיינט: אָט גייט אָסטראָפּאָליע, פארקאטשעט זיך די פּאָלעס און לאָזט זיך אין אַ קאָזאצקעלע.

שפּעטער האָט מען חתן־כלה אַריינגעפירט אין א חדר־מיוחד און זיי האָבן צוזאַמען געגעסן די גילדענע יויך.

וואָס הערשעלע מיט שיינדעלען האָבן געשמועסט ביי דער גילדענער יויך, האָב איך נישט געקאָנט געפינען אין קיין שום מעשה־ביכל.



## קאַפּיטל דריי

ככלות הדברים האלה. — צומאָרגנס נאָך די שבע־ברכות.

יהי ככלות הדברים האלה — צומאָרגנס נאָך שבע־ברכות הייבן זיך אָן ביי יעדן נייעם פּאָרפּאָלק די האַמעטענע ששת־ימי־המעשה. אָפּ־געשפּילט און אָפּגעטאַנצט. אַזוי ציט זיך עס אַוועק העט ביז מען ווערט אַ זיידעניו און אַ באָבעניו און מען דערגרייכט די שיבה־טובה. וואָס עס געשעט ווייטער מיט אַ בשר־ודם — פון דעם וויל איך איצטער נישט רעדן. מיר האַלטן אָקערשט צומאָרגנס נאָך אַ חתונה און ס׳איז נישט כדאַי צו דערמאָנען די שוואַרצע פּושקע, וואָס גייט שפּעטער פאַראויס און קלאַפּט: צדקה תציל ממות.

צומאָרגנס נאָך שבע־ברכות ווערט יעדער ייִד געשטעלט פאַר אַ ים־סוף. דער ים־סוף הייסט: פּרנסה. מען שטעלט דאָרט יעדן ייִד אַוועק מיט אַ שטעקעלע און מען זאָגט צו אים: אדרבה, ווייז וואָס דו קענסט, ווער אַ משה רבינו און שפּאַלט דעם האַרבן ים־סוף!

שיינדעלע אין אַ ווייבערישער שלאָף־קופּקע, איז שוין געשטאַנען ביים פּריפּעטשיק און געקאָכט — ווי מען זאָגט — דאָס ערשטע חמצדיקע אָנבייסן. הערשעלע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. ווי אַ באַלעבעסל האָט ער צוזאַמענ־געלייגט דעם נייעם יונגערמאַנסקן טלית. אָקערשט האָט ער געהאַלטן נאָכן אָפּדאַווענען. מיט גרויס חשק האָט ער אַהינגעקוקט צום טעפּל גריץ, וואָס דברט אַזוי שיין אויפן פּריפּעטשיק.

— אַז אַ ייִד דאַווענט אָפּ, ציט אים מן־הסתם ביים לעפּעלע — האָט שיינדעלע געזאָגט און כלומרשט געקוקט אין דער וועלט אַריין.

הערשעלע האָט נישט געוווּסט צי שיינדעלע מיינט עס טאַקע אויף אַן אמת און צי זי האָט מכוון געווען צו טרעפן אין ריכטיקן פּינטל אַריין. עס ציט אים טאַקע ביים לעפּעלע! דאָס טעפּעלע גריץ אויפן פּריפּעטשיק וואָלט

געווען געטון ווי אַ חכם, ווען עס זאָל נישט פּאַרציִען אין דער לאַנגער באַנק און זיך טאַקע אָפּקאָכן.

פון קדמונים האָט אָבער הערשעלע געוווּסט, אַז שיינדעלע רעדט נישט סתם אין דער וועלט אַריין. תמיד האָט זי דערביי עפּעס אַ מיין. און דער מיין האָט גאָרנישט צו טון מיטן טעפּעלע גריץ.

ער האָט זיך בחוריש געצופּט ביי דער גאָמבע. נישקשה — האָט ער געטראַכט — נאָך דער שבע־ברכות מעג שוין ביי מיר אויסוואַקסן אַ סימן פון אַ בערדעלע.

— וואָס דען מיינסטו, שיינדלשי? — האָט ער געזאָגט און אַהינגעקוקט צום פּריפּעטשיק — עס שטייט בפירוש אין פּרק גימל פון ספר פּראַלניק, אַז אַ ייִד דאַווענט אָפּ דאַרף אים ציִען פּאַרן לעפּעלע.

— אויב אַ ייִד האָט אָפּגעדאַווענט און עס ציט אים פּאַרן לעפּעלע — האָט שיינדעלע געזאָגט מיט אַ בייסיק חנדעלע — מוז ער ברענגען פּאַרן ווייב פּרנסה. ס׳הייסט עפּעס אַ ייִד האָט נישט קיין פּרנסה? האָסט אַ ווייב, שמענדריק? טאָ שלאָג זיך קאָפּ אין וואַנט און שפּאַלט דעם ים.

— ס׳הייסט, שיינדעלע, פּרנסה?

— וואָ־דען?

— אם ירצה השם וועל איך ווערן אַ בדחן, און וועל פאַרדינען שטי־קער גאָלד.

— עס האָט נישט ווער צו לאַכן — האָט זיך שיינדעלע געקרימט — קוקטס מיר אָן דעם בדחן!... נישט געפּאַקט און נישט געמאָזלט און גייט פריי־לעך מאַכן ייִדן. ווער וועט דיך נעמען אויף אַ חתונה? סיידן דער פינצטערער דלות און דער שוואַרצער קוימענקערער.

— נו, וועל איך ווערן אַ מלמד — האָט הערשעלע געפּרוּווט טרעפן אין פּרנסות.

— אַ מלמד וועט ער מיר ווערן, דער גאָלדשפּינער! — האָט שיינדעלע געלאַכט און זיך מיט ביידע הענט געווישט פאַרן פּאַרטעך, — ווּעדליק דעם „הרי־את“, וואָס דו האָסט מיר אַזוי שיין געזאָגט אונטער דער חופּה, מעגסטו צוריקגיין צו ר׳ חייקל חוקר אין חדר און ער וועט מיט דיר פונדאָסניי לער־נען קמץ־אלף. ווען ער וועט דיר וויזן אַ „הא“ וועסטו אוודאי מיינען, אַז דאָס האָט אַ קו געלייגט אַן איי. וועסטו זען אַן „אלף“, וועסט מן־הסתם זאָגן — דאָ גייט אַ שוחט מיט אַ חלף.

— אויב דו רעדסט שוין יאָ פון שחיטות, וועל איך דיר גאָר ווערן א שוחט — האָט הערשעלע געזאָגט אַ האָפּערדיקער.
— זעסטו נאַרעלע, אַ שוחט דאָס לייגט זיך מיר אויף דער קלעפּקע — האָט שיינדעלע געזאָגט אַ צופרידענע — נישט מער, איך מוז מיך צוערשט גוט איבערשלאָפן און אין שלאָף זיך גוט מיישב זיין. מאָרגן בלי־נדר וועל איך דיר זאָגן תשובה.

***

אין קומענדיקן קאַפּיטל וועלן מיר דערציילן ווי אַזוי דער אַסטראָפּאָ־ליער בעל־טאַקסע ר' זייגוועלע פּופּיק פרעגט ביי הערשעלען רעטענישן. די רעטענישן טרעפט הערשעלע על צד היותר טוב, נאָר דערפאַר מוז ער עוקר זיין פון אַסטראָפּאָליע און ווערן אַ נע־ונד אויף דער וועלט.



# קאַפּיטל פיר

זיינוועלע פּופּיק איז אַ לב־טוב און איז איינגעטונקט אין סאַמע יחוס.

זיינוועלע פּופּיק איז געווען דער בעל־טאַקסע פון אַסטראַפּאַליע. ער איז געווען אַ ייִד מיט אַ טרעלבוך, אַ מגושמדיקער בעל־גוף און דער אמתער מוכסן. זיין אייגנס האָט ער געהאַט צוויי פון די גרעסטע תענוגי עולם־הזה. אָט די צוויי עולם־הזהס וואָלט ער נישט געווען פאַרקויפט פאַר קיין זאַק באָרשט. וואָסערע עולם־הזהס? פרייטיק אין מרחץ איז ער געלעגן אויף דער העכסטער באַנק. פון דער געדיכטער פאַרע האָט ער פון דאָרט אַראָפּגעשריגן צו ר׳ געצלען דעם בעדער, אַז הנה, אויב ער מאַכט נישט פון מרחץ דאָס וואָרע גיהנום, דעמאָלט מאַכט ער דאָ, זיינוועלע, פון אַלעם אַ תל־עולם און אים, ר׳ געצלען, יאָגט ער מיט אַ שטעקן אַרויס פון מרחץ. זאָל ער, ר׳ געצל, פּאַשען געגנדז אויף דער לאָנקע און נישט זיין קיין בעדער אין קהילת אַסטראַפּאַליע.

דער צווייטער עולם־הזה פון אָט דעם בעל־גופישן ייִד איז געווען: צו שינדן ביי אַסטראַפּאַליער אָרעמעלייט די עצמות. וויפל ער האָט מוסיף גע־ווען אויפן פונטל ביינער, איז אים נאָך געווען צו ווייניק. ווי דאַר עס זאָלן נישט האָבן געווען די ביינער, וואָס זיינוועלע האָט געגעבן צו גריזשען אַסטראַפּאַליער אָרעמעלייט — זיינען זיי פאַר אים נאָך אַלץ געווען צו פעט. אַן אָרעמאַן האָט ער פיינט געהאַט ווי אַ שפּין. ווען עס וואָלט זיך געוואָנדן בלויז אין מיר — האָט ער געטענהט אין דער טאַקסע — וואָלט איך אַן אָרעמאַן נישט אַרויסגעלאָזט פון דער מאמעס בויך.

אַסטראַפּאַליע האָט פאַר אים געציטערט אימת־מות. געציטערט האָבן נישט בלויז אָרעמעלייט. זיי האָט ער בכלל נישט געלאָזט אויף די אויגן. אַפילו שיינע באַלעבעסלעך, און אַפילו בכבודו ובעצמו ר׳ פינטע דער גביר,

האָבן זיך באַמיט די ערשטע אונטערצוטראָגן זיינוועלען דעם שיינעם גוט־מאָרגן און אים צו פרעגן, וואָס ער מאַכט, קיין עין־הרע, אויפֿן געזונט. עס טראָגט זיך אַרום אין שטעטל — האָבן זיי געזאָגט כלומרשט מיט אַ זיפֿצעלע — אַז איר, ר׳ זיינוועלע, זענט חלילה, עפּעס נישט מיט אַלעמען. וואָס מען האָט ביי די זיסע רײדעלעך דעמאָלט זיינוועלען געווינטשעוועט אין האַרצן — מעג עס גיין אויף אַלע פּוסטע קרעטשמעס.

שיינע בעלי־בתים האָבן אַמאָל געמאַכט זיסע פּנימלעך און געבעטן ביי אים אַ שמעק־טאַבאַק. תּמיד האָט זיינוועלע געענטפערט, אַז ער האָט פֿאַרגעסן דאָס שקעטעלע טאַבאַק אין דער היים אין זיין טלית־זאַק. זיינוועלע האָט אָבער באַלד פֿאַרגעסן זיין ליגן, אַרויסגענומען פֿון זיין קעשענע אַ טאַבאַק־שקעטל און אַליין געטון דעם גרויסן שמעק־טאַבאַק להכעיס גאַנץ אַסטראָפּאָליע.

עס איז געווען אַ פּשוטע סיבה, הלמאי אַסטראָפּאָליע — וואָס האָט פֿיינט געהאַט ר׳ פֿינטען — האָבן געהאַט אַזאַ ציטערניש פֿאַרן בעל־טאַקסע און אים אונטערגעטראָגן דעם ברייטן גוט־מאָרגן. עס איז געווען אַ סוד פֿאַר בראָד, אַז אָט דער זיינוועלע פּופּיק איז אַ גראָבער בעל־גוף און דערצו קען ער ניט המוציא מאַכן איבער אַ רעטעך. עס איז לייכטער געווען צו שעפּן בראָנפֿן פֿון דער וואַנט איידער פֿון אָט דעם פֿאַרשוין אַרויסצובאַקומען אַ נדבה. עס איז אָבער נאָך געווען איין סוד און אויך פֿאַר גאַנץ בראָד. אין אַסטראָפּאָליע איז זיינוועלע געווען דער קרוב למלכות מיט נאַטשאַלסטווע. ער האָט גערעדט יוניש ווי אַ הײדעמאַק און איז געווען אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן מיט אַלע רויטע קעלנער און מעשענע קנעפּלעך. ער איז געווען דער איינציקער ייִד אין אַסטראָפּאָליע, וואָס דער נאַטשאַלסטווע איז אָנגעגאַנגען צו זויפֿן מיט אים בראָנפֿן. לצים האָבן דערציילט, אַז ווען ער איז כטוב לב המלך ביין און עס האַלט שוין דערביי צו ליגן מיטן פּריסטאַוו אין איין בלאָטע, דעמאָלט איז זיך זיינוועלע טועה און כאַפּט אַריין אַ שטיקל בשר־קוויטש אויך. מכלומרשט האָט ער געמיינט, אַז עס איז אַ גלעזל בראָנפֿן. אַחוץ דעם שפּילט ער אויך מיט נאַטשאַלסטווע פּרעפֿעראַנס און געווינט אָפּ ביי זיי די הויזן. אַ ייִד האָט טאַקע זיינוועלע פֿיינט צו ווייזן אַ קערבל. ווען ער קומט אָבער צו נאַטשאַלסטווע — איז אַ קערבל ביי אים אַ ממזר. יש־אומרים, טייל זאָגן: די גויעס — דאָס הייסט די ווייבער פֿון דער נאַטשאַל־סטווע — שטעקט זיינוועלע אָן דעם בייזן האלדז און גיט זיי הלוואות און טאַקע אויף וועקסלען. ווען עס קומט צום באַצאָלן — נעמט ער פֿונדאָסניי

וועקסלען. קיינער ווייסט דאָ נישט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן און ווען עס וועט זיך אויסלאָזן. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? נאַטשאַלסטווע ליגט ביי זיינוועלען אין קעשענע צוזאַמען מיט זייערע ווייבער און קעבס־ווייבער.

ווען אַ ייִד טראָגט זיך אַרום מיט נאַטשעלסטווע אין קעשענע — ווייסט שוין די גאַנצע וועלט, אַז ער וועט אייביק בלייבן בעל־טאַקסע אין אַסטראָפּאָליע. אייביק וועט ער שוין ציילן די דאַרעביינער אין ייִדישע טעפּ אַריין. פּרווו און רעד אַ וואָרט — ביסטו ס׳חיות נישט זיכער, מחמת זיינוועלעס נאַטשאַלסטווע וועט זיך נעמען צו דעם זאָגער, און דער זאָגער וועט אויף אַן אמת האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

שוין אויפן בלויזן בליק האָט זיינוועלע פּופּיק אויסגעקוקט ווי אַ שטיק גשמיות, אַ מוכסן. געהאַט האָט ער אַ גרויסע פלאַמיק־רויטע באָרד ווי אַ שטיק שריפה. אַ בויך האָט ער געהאַט אַ גראָבן און אַ קיילעכדיקן ווי אַ קעסלפויק און ער האָט זיך אים חוצפּהדיק ארויסגעשטופּט פון הינטער אַלע קאַפּאָטעס. דאָס פּנים איז אים פול געווען מיט זומער־שפּרענקעלעך, רויט און אָנגעגאָסן ווי ביי אַן עשו. און אַ קול האָט ער געהאַט — אַז ווען ער, זיינוועלע, האָט געעפנט דעם פּיסק, האָט מען געמיינט, אַז עס ריטשעט דער שור־הבר.

אָרעמעלייט האָבן גאָר נישט געהאַט די העזה אים צו זאָגן גוט־מאָרגן. זיי זענען ממש צערונען אין די ווינטן, ווען זיינוועלע פּופּיק האָט זיך באַוויזן איבערן שטעטל. מען האָט געוווּסט, אַז פון זיינוועלעס אויגן קוקט אַרויס נאַטשאַלסטווע. מיט נאַטשאַלסטווע איז בעסער צו זיין פון־דערווייטנס און מיט איר צו האָבן וואָס ווייניקער מחזקות.

ווען קיינער האָט נישט געהערט און מען איז זיכער געווען, אַז די ווענט זענען טויב און האָבן פאַרגעסן דעם זיי־געזונט — דעמאָלט פלעגן זיך אָרעמעלייט לייכטער מאַכן דאָס הארץ און דערציילן פון זיינוועלע פּופּיק, פון זיין יחוס און פון זיינע עם־הארצישע התנהגותן.

געשטאַמט האָט זיינוועלע פּופּיק טאַקע פון סאַמע פּימסן־האָלץ. זיין זיידע איז געווען דער גרויסער „שומר בגדים" אַליין — דאָס הייסט, ער, דער זיידע, האָט געהיט די מלבושים אין אַסטראָפּאָליער מרחץ. אַמאָל האָט מען אים געכאַפּט בעת ער איז געווען טשיקאַווע צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אין דער קעשענע פון אַ פרעמדן ייִד. האָט מען אים גוט אָנגעבראָכן די ביינער און אָוועקגעשיקט אין קוטשעמענט. ער איז געוואָרן אַ נעלם און קיינער ווייסט נישט עד־היום, ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

זיינוועלעס לייבלעכער טאַטע איז געווען דער סאַמאָראָדנע „מאור־עינים“ דאָס הייסט, דער בלינדער איציק.

אין אָסטראָפּאָליע זענען פאַראַן אַ סך יידן, וואָס געדענקען נאָך גוט די צוויי עליו־השנאָבלס, דאָס הייסט, דעם „שומר־בגדים“ און דעם „מאור־עינים“. דעם „שומר־בגדים“לאָמיר בעסער לאָזן זיצן אין תפיסה. מיר וועלן דערציילן פון בלינדן איציק.

ער איז געווען שמייסער־יונג ביי אַ ישובניק, אַן אַרענדאַר, אַ דאָרפּי־שער בעל־קרעטשמע. אויך אַ געוואַלדיקער תנא־ברא. אין אָסטראָפּאָליע והגליל דערציילט מען נאָך עד־היום, ווי אַזוי אָט דער בעל־הקרעטשמע האָט אָפּגעריכט דעם סדר: אַ מחבר האָט אַפילו דערפון געמאַכט אַ מעשה־ביכל. עס הייסט „הגדה של יאַנקעניו“. פון דעם דאָזיקן מעשה־ביכל לעקט מען די פינגער און אַ סך קענען עס אויף אויסנווייניק.

עפּעס אַ קלעזמער־יונג האָט גענומען און פון דעם דאָזיקן סדר גע־מאַכט אַ ליד. אָסטראָפּאָליער דינסט־מיידן פלעגן עס זינגען בעת זיי זענען געזעסן און געשיילט קאַרטאָפליעס.

זיינוועלע פּופּיק האָט וויל געוווסט, וואָס אָרעמעלייט שמועסן פון אים במסתרים. ער האָט זיי נאָך מער פיינט באַקומען.

גאָר פאַרצייטנס, בימי הבלינדן איציק, איז בכבודו ובעצמו זיינוועלע געווען אַ פּאָד־שמייסער ביי זיין טאַטן, דעם בלינדן „מאור־עינים“. די בייטש האָט דער טאַטע אים קיינמאָל נישט געגעבן אין דער האַנט אַריין. אויב יאָ בייטש — האָט הויך געזאָגט דער בלינדער איציק — איז בע־סער, אַז איך זאָל מיט איר אַריינצייילן אחת באחת מיין בנאָקל אין דעם זייט־מוחל אַריין. זיינוועלע פּופּיק האָט אין זיינע יונגע יאָרן קוים גע־האַט די זכיה צו פּאָיען די פערד און צו האַלטן די לייצעס — בעת דער „מאור־עינים“ איז געשטאַנען מיט דער בייטש אין דער האַנט און גע־זוכט פאַרשוינען אָדער געשמועסט ניבול־פּה מיט שיקסעס און דינסט־מיידן.

האָט דאָך אָבער די וועלט אַ רעדעלע און דאָס רעדעלע דרייט זיך עולים ויורדים — האָט זיך עס אַזוי לאַנג געדרייט ביז עס האָט זיינוועלען אַרויפגעדרייט פאַר אַ בעל־טאַקסע אין אָסטראָפּאָליע. ער וועט שוין דאָ ביז מאה שנים זויפן מיט נאַטשאַלסטווע און האָבן אַ גאַנץ שטעטל ביי זיך אין קעשענע.

כטוב לב המלך ביין — ווען די אָסטראָפּאָליער אביונים איז געווען גוט אָנגעמאַזאָליעט אויף דער נשמה, האָבן זיי גענומען און זיך אַוועק־

י. י. טרונק

געזעצט במסתרים אויף די פּריזבעס און דערציילט פון די פּסחדיקע סדרים וואָס זיינוועלע פּופּיק ריכט אָפּ ברוב עשרו, אין זיינע גרויסע קענטעןנישן אין דעם וואָס רש״י מאַכט. ער איז טאַקע דער בעל־טאַקסע און מאַכט מיט אָסטראָפּאָליע זומער און ווינטער. קומט אָבער צום סדר — איז אָך און ווי. דער „מאור־עינים״ עליו־השנאָבל, דאָס הייסט דער בלינדער איציק, מוז אַזש קומען צופליען פון די הינערפלעט אויף „יענער־וועלט״ און מיט דער בייטש ווייזן דעם תכשיט אויף „דער־וועלט״ ווי אַזוי מען ריכט אָפּ אַ סדר. וואָס עס קומט דערפון אַרויס — איז גאָטס רחמנות צו קוקן!



## קאַפּיטל פינף

אַסטראָפּאָליער לצים ליגן אונטער זיינוועלעס פענצטער און קוקן
ווי ער ריכט נעבעך אָפּ דעם סדר.

אין אַסטראָפּאָליע האָבן נישט געפעלט קיין לצים.
די סדרים ביינאַכט זענען זיי געווען בעלנים צו ליגן ביי זיינוועלען הינטער די פענצטער און צו הערן און צו זען דאָס גיהנום, וואָס דער בעל־טאַקסע גייט אַדורך אין די ליל־שמורים. אַסטראָפּאָליע פון גרויס ביז קליין זענען דעמאָלט געווען קיניגן און בני־מלכים. מען פּראַוועט די סדרים מיטן גרויסן קנאַק. פון אַלע פענצטער הערט מען, ווי יידן זאָגן די הגדה.

אָבער ביי זיינוועלען מיט זיין נאַטשאַלסטווע? אויף אַלע פּוסטע קרעטשמעס!

אַ גאַנצן פּסח און העט ביזן שבועות אַריין, האָבן לצים דערציילט וואָס זיי האָבן דאָרט געזען אין דער סדר־נאַכט. און אַסטראָפּאָליע האָט זיך געקיילט דאָס האַרץ.

אַ לייכטן קאָפּ דאַרף מען האָבן צו ליגן ביים מוכסן הינטער די פענצטער און צו זען, ווי ער מוטשעט זיך נעבעך אויבן אויפן העסע־בעט. עס איז געווען אמת יידיש טרעאַטער און עס איז געווען אַ מציאה צו געבן אַ גילדן פאַר אַ בילעט.

זיינוועלעס העסע־בעט איז געווען הויך, הויך און עס האָט דערגרייכט אַזש ביז צו דער סטעליע. מן־הסתם האָט ער עס אַזוי געהאַט בקבלה פון טאַטן, דעם בלינדן איציק. ווו עס האָט זיך נאָר געפונען אַ קישן אין שטוב, האָט עס געמוזט ליגן אויפן העסע־בעט. זיינוועלע האָט געשריגן, אַז אַזוי שטייט עס בפירוש אין דער הגדה.

אַרויפצוקריכן מיט זיין גראָבן טרעלבוך אויפן העסע־בעט איז נישט

געווען קיין שפּילעכל. זיינוועלע האָט זיך אויסגעטון ביז די תחתונים און אַרויפגעקראָכן אַהין ווי אַ שמייסער־יונג אויף אַ פול־געפּאַקטער בויד. ווען ער איז שוין געווען למזל אויבן אונטער דער סטעליע, האָט ער נעבעך געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז. ער האָט גענומען די הגדה אין דער האַנט אַריין. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן ווי אַזוי מען ריכט אָפּ דעם סדר. ווי אַ האָן אין בני־אדם האָט ער געקוקט אַהין און געקוקט אַהער. פאַר זיינ־וועלע פּופּיק האָט די הגדה געשוויגן ווי די וואַנט. אפנים, האָט די הגדה נישט קיין מורא געהאַט, אז ער וועט איר העכערן אויפן פּונטל ביינער, צי זי גאָר סטראַשען מיט נאַטשאַלסטווע.

זיינוועלע פּופּיק האָט געזען, אַז דאָס מישן די הגדה וועט אים העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּצוגעוואַלדעווען פון די הייכענישן פון זיין העסע־בעט, אז דאָס ווייב און די ממזרים (אַזוי האָט ער גערופן זיינע אייגענע בנים) זאָלן אים דערמאָנען, ווי אַזוי ער האָט פאַראַ־יאָרן אָפּגעריכט דעם סדר. פאַראַיאָרן — האָט ער אויבן געשריגן און זיך געהאַלטן פאַרן טרעלבוך — איז עס מיר געגאַנגען ווי אויף געשמירטע רעדער. איך האָב געשריגן וויאָ און הייטאָ! און בין מיר געפאָרן ווי אויף אַ שאָסיי. היי־יאָר בין איך אַריין צו אַלדי שוואַרצע יאָר מיט דער הגדה אין אַ בלאָטע. נישט אַהין און נישט אַהער. כאָטש נעם און ווערג זיך מיטן גאַנצן סדר.

די אָסטראָפּאָליער לצים הינטער די פענצטער האָבן געכיכיקעט און אַריינגעשריגן דורך די שויבן:

— דו זאָלסט אַזוי לעבן, פּופּיק! פאַראַיאָרן זענען מיר אויך דאָ געלעגן און געהערט דיינע געוואַלטן, מחמת דו ביסט אַריינגעפאָרן מיטן דישל אין אַ תשעה־באב!

דאָס ווייב און בנים זענען געזעסן ביים טיש און געציטערט און גע־פּלאָטערט. גיי און געדענק ווי אַזוי זיינוועלע פּופּיק האָט פאַראַיאָרן אָפּגע־ריכט דעם סדר!

האָט זיינוועלע געזען, אַז זיין הויז־געזינד האָט איינגענומען צו גרויסע קאָכלעפלען שטומעניש. זיי זיצן ביים טיש און גלאָצן צו אים אַרויף און ווייסן נישט ווער עס האָט זיי געשליירט. איז ער אַריין — און מאַקע אויבן אויפן מרומי־ההעסע־בעט — אין ווילדער רציחה. ער האָט גענומען די קישנס, אויף וועלכע ער איז געלעגן, און זיי אָנגעהויבן אַראָפּצושליי־דערן אויפן טיש און אויף די קעפּ.

די ליכט, וואָס זענען געשטאַנען אויפֿן סדר־טיש זענען באַלד פֿאַר־לאָשן געוואָרן.

ווען ביי אַלע ייִדן אין אָסטראָפּאָליע איז געווען ליכטיק און ציכטיק, איז ביים בעל־טאַקסע געוואָרן חושך־מצרים און עס איז געוואָרן א יללה. פון אויבן האָט זיינוועלע געמאַכט קולות, געפּלוכט און געוואָרפן אין די קעפּ אַריין וואָס עס איז אים נאָר געקומען אונטער די הענט. ער האָט גע־וואלדעוועט, אז מען זאָל אים דערמאָנען דעם פֿאַראַיאָריקן סדר. אויב נישט — נעמט ער אראָפּ דעם פּאסעק פון די הויזן און שניידט פון אַלע־מען דאָס לעדער.

מער האָבן אָסטראָפּאָליער לצים נישט געקענט זען. אינעווייניק ביי זיינוועלע אין שטוב, איז געוואָרן אַ חישכות אינמיטן דער סדר־נאַכט. דער־פֿאַר זענען דאָרט געגאַנגען עד לב השמים די יללות פון זיין ווייב און בנים. מען האָט געהערט ווי אין דער פינצטערניש פּאָכעט זיינוועלע מיטן פּאסעק און געוואלדעוועט, אז מען זאָל אים דערמאנען ווי אַזוי ער האָט פֿאַראַיאָרן אָפּגעריכט דעם סדר.

די לצים האָבן געשוווירן ביי זייערע מאַמעס, אַז ביים בעל־טאַקסע זיינוועלע פּופּיק, איז אַזוי דער מנהג יאָר ביי יאָר אָפּצוריכטן דעם סדר.



# קאַפּיטל זעקס

גיי און שאַץ אָפּ אַ ייִדישע קישקע! — זיינוועלע שטייט אונטער
אַ בוים און הערט ווי ר׳ גימפּל שפּילט אויפן פידעלע.

זיינוועלע איז מיט גאַנץ אָסטראָפּאָליע טאַקע געווען אויף מעסערס. אַ חוץ די גויִים פון נאַטשאַלסטווע און זייערע גויעס האָט ער נישט געהאַט קיין איין פריינט אין שטעטל. פונדעסטוועגן האָט דער שטיין אין זיינוועלעס האַרץ איין און איינציקן אָרט, ווו ער איז ווייך געוואָרן. פון דעם דאָזיקן ווייכן אָרט האָט מען אפילו גאָר געקאָנט אַמאָל אַרויסקוועטשן אַ קערבל צי אַ טובה פאַר אַ ייִד. און דווקא האָט עס זיינוועלע געטון בסתר. פאָרט אַ ייִדישע קישקע — און מען קאָן זי נישט אָפּשאַצן.

דאָס זענען געווען זיינע שוואַכקייטן פאַר ר׳ גימפּלען און דער אָסט־ראָפּאָליער קאַפּעליע.

פונוואַנען נעמט זיך ביי אַזאַ בעל־גופישן מוכסן שוואַכקייטן פאַר נגינה און קלעזמער־שפּיל? איז ווידער דאָס אייגענע: שאַץ אָפּ אַ ייִדישע קישקע! נגינה איז געווען דער איינציקער ליכטיקער פונק, וואָס האָט זיך אַמאָל אָנגעצונדן ביי זיינוועלען אין די נשמה־פינצטערנישן.

איז דאָס אויך נישט קיין קשיה.

ווי מיר ווייסן, ווערט אַ ייִד — מעג ער זיין במדרגת זיינוועלע פּופּיק — נישט געבוירן פון סתם גאָרנישט. אַ ייִד איז נישט מער ווי אַ גלגול־רינגעלע פון אַ שלשלת, וואָס ציט זיך פון עולם־העליון ביז צום עולם־התחתון. אַ ייִד איז אַ פּסוק צי אַן אות אין אַ פּרשה חומש. אפילו אַ זיינוול בעל־טאַקסע איז אויך, מן־הסתם, אַ בסתר־המדריגה פון אַ גרויסער וועלט־לייטער, אַפילו ווען אַ ייִד גייט אַראָפּ גאָר־גאָר אין די נידעריקסטע אונ־טערשטקייטן, שלעפּט ער נאָך מיט זיך עפּעס פון דער נגינה, וואָס ציט זיך אויף דער לייטער, ווו ייִדן גייען אַרויף און אַראָפּ איבער דער וועלט.

טײַלמאָל האָט זיך זײַנוועלע אויסגעזוכט אַ תּירוץ. כּלומרשט גייט ער אַוועק הינטער דער שטאָט צו די גויִים. ער האָט געהערט, אַז מען קאָן דאָרט קויפֿן אָקסן בזול. אין דער אמתן איז די מעשׂה מיט די אָקסן געווען אַ לא היה ולא נברא. אים האָט זיך גאָר געוואָלט אַוועקשטעלן בסתר אונטער אַ בוים נישט ווײַט פֿון ר׳ גימפּלס הײַזעלע — און הערן שפּילן.

דאָרט פֿלעגט ער אָפּשטיין שעהן, דער טרעלבוך. ער האָט פֿאַרגעסן אָסטראָפּאָליער טאַקסע, פֿאַרגעסן נאַטשאַלסטווע און די וועקסלען, וואָס עס קומט אים ביי די גויעס. ער האָט פֿאַרגעסן זײַן שׂנאה צו אָרעמעלײַט. ער איז געשטאַנען אין גרויס שטילעניש און געהערט שפּילן. די פֿעטע חזירל־אויגן, וואָס ער האָט נאָך בירושה פֿון בלינדן איציק, זענען אים געוואָרן פֿייכט און זיי האָבן געגלאַנצט.

ער האָט געהאָרכט און געהאָרכט. צום סוף האָט ער זיך אַליין געגעבן אַ ביטערע קללה:

— אַ רוח אין דײַן טאַטן אַרײַן, פּופּיק! — האָט ער אָפּגעזיפֿצט — איך וואָלט די גאַנצע טאַקסע צוזאַמען מיט דער נאַטשאַלסטווע געוואָרפֿן צו אַלדי שוואַרצע יאָר ווען ער אויבן — דאָ האָט ער אַרויפֿגעקוקט צו די הימלען איבער זײַן קאָפּ — גיט מיר אַ פֿידעלע אין דער האַנט אַרײַן און לאָזט מיך אַ שפּיל־טון פּונקט ווי ר׳ גימפּל דער קלעזמער.

ר׳ גימפּל איז טאַקע געווען דער איינציקער ייִד אין אָסטראָפּאָליִע, וועמען זײַנוועלע פּופּיק האָט דער ערשטער געזאָגט גוט־מאָרגן.



# קאַפּיטל זיבן

די גרויסע אַסטראַפּאַליער אַסיפה אונטער אַ בוים.

אין אַסטראַפּאַליע איז עס טאַקע געווען דער סוד פֿאַר בראָד, אַז ר׳ גימפּל דער קלעזמער איז דער איינציקער ייִד אין שטעטל וואָס ווען ער וויל, נעמט ער דעם סמיטשיק און טוט מיט אים אַ ריר דאָס שטיינערנע האַרץ פֿון דעם בעל־טאַקסע.

שיינדעלע האָט זיך גוט איבערגעשלאָפֿן און זי האָט זיך איבערגעלייגט אַהין און אַהער: יאָ־שוחט? צי נישט־שוחט? לסוף איז זי אויפֿגעשטאַנען און זי האָט צו הערשעלען געזאָגט נישט מער ווי איין וואָרט:

— שוחט!

וויבאַלד שוחט, האָבן אַלע געוואָנדן זייערע אויגן צו ר׳ גימפּלען. מחמת ווער האָט די דעה מכוח שוחטים אין אַסטראַפּאַליע? פֿאַרשטייט זיך, אַז זיינוועלע פּופּיק. איז דאָך עפּעס ר׳ גימפּל דער קלעזמער דער קרוב־למלכות ביים קרוב־למלכות — על כן דערימאַך, וואָס איז דאָ פֿאַראַן אַ סך צו טראַכטן? ר׳ גימפּל דער קלעזמער וועט אַ גיי אַהין טון צו זיינוועלע פּופּיק, דעם מוכסן. און וועט מיט אים אַ רעד טון מכוח בוידעם און ציבעלע און טאַקע אין איינוועגס מכוח שחיטות. שאַ! עס וואָלט טאַקע גלייך געווען, אַז ר׳ גימפּל זאָל מיטנעמען דאָס פֿידעלע און דערמיט דערמאָנען פּופּיקן זכות־אבות. מילא — אפשר? עס וועלן זיך אַ שיט טון די פֿינף און זיבעציק טויזנט, פֿון שטיין וועט ווערן פּוטער — הערשעלע וועט ווערן שוחט און שיינדעלע וועט האָבן וואָס אַריינצוליייגן אין טעפּל.

דאָס האָט מען באַשלאָסן נאָך אַ גרויסער אסיפה אונטער דעם בוים, וואָס וואַקסט לעבן ר׳ גימפּלס שטיבעלע.

די בעלי־אסיפה זענען געווען: די אַסטראַפּאַליער קלעזמאָרים און פֿאַרשטייט זיך, אַז בראש מיט ר׳ גימפּלען. ר׳ יאָקל דער בדחן און שיינדעלע. שיינדעלע איז געגאַנגען אין דער נייער שלאָף־קופּקע.

ביי הערשעלען האָט מען נישט געפֿרעגט קיין דעה. עס איז געגנוג געווען וואָס אַלע אַנדערע האָבן מסכים געווען און געזאָגט: באָם.

## קאַפּיטל אַכט

אַ שמועס פון ר׳ גימפּל דעם קלעזמער מיט זיינוועלע פּופּיק
דער בעל־טאַקסע.

ישכּם — ר׳ גימפּל קלעזמער האָט זיך געפּעדערט כּלחוך השור, ווען אין מזרח־זייט פון אָסטראָפּאָליע איז די זון קוים וואָס געהאט אַרויס־געקראָכן פון איר פּוטער־פּעסל. ויקח — און ער האָט גענומען דאָס פּי־דעלע אונטערן אָרעם, וילך — און ער האָט זיך געלאָזט גיין צום בעל־טאַקסע זיינוועלע פּופּיק.

אויפן וועג האָט ר׳ גימפּל ביי זיך געטראַכט כּהאי לישנא: פּופּיק האָט זיך שוין מן־הסתם גוט אויסגעפּאָפּן און האָט אַריינגעכאַפּט — ווײַ איז מיר — דאָס ביסל דאַוונען. ווי אַזוי ער האָט צורעכט געמאַכט דעם סידור — האָט ר׳ גימפּל צו זיך געזאָגט — וויל איך בעסער נישט טראַכטן. דער־פאַר — האָט ר׳ גימפּל ווייטער געטראַכט — האָט ער זיך מן־הסתם גוט אַן עצה געגעבן מיטן אָנבייסן.

כּך הוה — ס׳איז געווען פּונקט אויף דער האָר ווי ר׳ גימפּל האָט געטראַכט.

דער בעל־טאַקסע האָט זיך אַזוי צעיאַכמערט ביים אָנבייסן, אַז ער האָט זיך דערנאָך אַזש געמוזט צעקנעפּלען די תּחתּונים. אויפן רויטן פּנים האָט ער געהאט נישט קיין קלענערע שריפה ווי אויף דער רויטער באָרד.

ער האָט זיך טאַקע געאיילט צו גיין אין טאַקסע. דערווייל אָבער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּריזבע פון זיין הויז און געכאַפּט אַ דרעמל נאָכן גוטן אָנבייסן. נאָכן דרעמל האָט ער מיטן פולן מויל געטון אַ גענעץ און געעפנט אַן אויג.

זעט ער ווי ר׳ גימפּל דער קלעזמער גייט עפּעס מיט זיין פידעלע.

— גאָט העלף, ר׳ גימפּל! — האָט זיינוועלע אַ געשריי געטון פון גוטן האַרצן — עפּעס אַזוי פרי גייט מען שוין אָפּשפּילן פאַר אַ כלה?

— שייך פרי? — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט מיט אַ שמייכעלע — צו שפּילן פאַר אַ כלה איז קיינמאָל נישט צו פרי.

— און ווו האָט איר דאָס עמך, כ׳מיין די קאַפּעליע, ר׳ גימפּל? — האָט זיינוועלע געפרעגט און האָט ביידע ידים אויסגעלייגט אויפן אַנגעפּרעסענעם טרעלבוך.

— ווייסט איר דאָך, ר׳ זיינוועלע — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט מיט אַ שמייכל — אַז איך האָב ליב צו דאַווענען השכמה. מיינע גרימפּלערס מוטשען זיך נאָך מיטן סידור. מן־הסתם וועלן זיי באלד אונטערקומען. דערווייל דריי איך מיך אַרום אַ ביסעלע אויפן אינדרויסן און טראַכט מיר וועגן אַ ניגון.

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, ר׳ גימפּל — האָט זיינוועלע פּופּיק אַהער געלאַכט פון דער פריזבע. זיין אַנגעפּרעסענער טרעלבוך האָט זיך אים דערביי אַזש געשאָקלט — אַ ניגון איז נישט קיין ווילדע ציג און ער וועט אייך נישט אַנטלויפן. אַ ניגון, ר׳ גימפּלשי, מוז זיך גוט אויסבאַקן. קומט אַהער צו מיר אויף דער פריזבע און איר וועט מאַכן א ברכה איבער אַ גלעזל וואַרעמס. דערווייל וועלן מיר כאַפּן אַ שמועסל מכוח לאָקש און בכוח ציבעלע.

אויף דעם האָט ר׳ גימפּל נאָר געוואַרט.

ער איז צוגעגאַנגען מיט זיין פידעלע צו זיינוועלעס פריזבע און זיך אַוועקגעזעצט לעבן אָסטראָפּאָליער בעל־טאַקסע.

— אַ גלעזל וואַרעמס פאַר ר׳ גימפּלען דעם קלעזמער! — האָט זיינוועלע געטון אַ ריטש אַריין אין דער אָפענער טיר פון זיין הויז.

אינעווייניק האָט אַלעמען געמוזט כאַפּן דער רוח, מחמת באותו הרגע איז אַריינגעקומען אַ שיקסע און געטראָגן אַ גלעזעלע טיי.

בינתים האָט זיינוועלע אָנגעהויבן אַ שמועס מיט ר׳ גימפּלען.

— עפּעס אַ סך חתונות אין אָסטראָפּאָליע? — האָט ער געפרעגט און געטון אַ הויכן געגעץ.

— נישט צו פאַרזינדיקן — האָט ר׳ גימפּל געענטפערט. — יידן האָבן נעבעך טאַקע קנאַפּ פּרנסה, די מסחרים זענען געהרגעט. דערימאַך איז גלייך אַז מען פאַרגעסט דאָס ביטערע גלות און מען מאַכט חתונה.

— עט — עך איז אַ רעטאך — האָט זיינוועלע ווידער געטון דעם

גרויסן געגעץ — שייך, יידן האָבן נישט קיין פּרנסה? פֿאַרוואָס האָב איך פּרנסה? און דווקא שיין פּרנסה! דאכט זיך, איך בין אויך עפּעס אַ שטיקל ייִד.

— עס איז אַ סוד פֿאַר אַלע מייז — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט מיט אַ שמייכעלע — אַז ביי אייך הינטערן פּריפּעטשיק ליגט דאָס מזל און שיינט פֿון דאָרט, קיין עין־הרע, אפשר ווי אַ גאָלדן רענדל.

— ס׳הייסט ייִדן האָבן נישט קיין פּרנסה? — האָט דער בעל־טאַקסע זיך צעשריגן — אָקערשט נעכטן איז געווען יאַריד. ייִדן האָבן געלייזט מיטן פֿולן שעפֿל. אַ גאַנצע נאַכט בין איך מיר טאַקע געלעגן אונטער דער פּערענע און געטראַכט מוסיף צו זיין אויפֿן פֿונטל פֿלייש. נישקשה. ר׳ יאַנ־קעניו מאַכט זיך טאַקע פֿאַר אַ נעבעכל — נאָר אַז מען קוועטשט אים אונ־טערן לעפֿעלע, קאָן ער, דאַנקען גאָט, משלם זיין. איר, ר׳ גימפּל, זענט טאַקע נישט מער ווי אַ קלעזמער, אָבער איך זאָג אייך: ייִדן זענען אַ טייער פֿאָלק, מען קען ביי זיי אַרויסקוועטשן פּרנסה בריוח.

— לייזעכץ־שמייזעכץ — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט און אויפֿגעהויבן זיין סמיטשיק — קוקט נישט אויפֿן שיינעם פּנימל, ר׳ זיינוועלע. אַ שיין פּנימל איז אַ גענאַרניק. נעמט למשל, מיין שכן, ר׳ יאָקל דעם בדחן. איר קענט אים דאָך. אַזוי אויפֿן קוק, איז ער אַ ייִד אַ הוליאַקע. גלייכווערטלעך און גראַמען שיטן זיך פֿון אים ווי באַב. וואָס עס טוט זיך אָבער ביי אים אויפֿן האַרצן — וויל איך עס נישט ווינטשן קיין צען גוייִם.

— ער האָט דאָך אָקערשט חתונה געמאַכט? — האָט זיינוועלע פּופּיק געזאָגט, אויפֿגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און אָנגעגלאָצט ר׳ גימפּלען.

— אָט אויף דעם וויינט טאַקע דער פּסוק — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט — אַ חתונה איז ווי אַ שיינער חלום. אַ חתונה פֿאַרגייט אין שפּיל און באַזינגעניש. דערנאָך שטייט מען אויף און מען קוקט זיך אַרום — די חתונה איז אַרויסגעפֿלויגן דורכן קוימען, און אין דער שטוב דרייען זיך אַרום אַ טאָכטער אין אַ שלאָף־קופּקע און אַן איידעם אָקערשט פֿון דער נאָדל אַוועק.

— נעמט מען און מען מאַכט אים פֿאַר אַ בדחן — האָט זיינוועלע געזאָגט מיט אַ שמייכעלע — גראַמען קאָסטן נישט קיין געלט. מען נעמט און מען רייסט זיי אַראָפּ פֿון דער צונג ווי ווילדע עפּעלעך פֿון אַ פֿעלד־בוים.

— עס רעדט זיך אַזוי, ר׳ זיינוועלע — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט — מען

מוז האָבן אַ שאַרפן קאָפּ אויף די פּלייצעס, כדי אויסצוטראַכטן אַ גוטן גראַם.

— איר זענט דאָך אַ שכן, ר׳ גימפּל — האָט זיינוועלע געטון אַ הויכן געגעץ — נעמט און מאַכט אים פאַר אַ קלעזמער. דאָס פידעלע, פאַרשטייט זיך, קאָן מען נישט געבן אין דער האַנט אַריין אַ ליאַדע כניאָק. אָבער קלאַפּן אויף דער פּויק? וואָס איז שייך דאָ צו קענען? מען נעמט און מען גיט אים צוויי וואַלגערהעלצער אין דער יד אַריין און מען הייסט אים זבענקען.

— עס רעדט זיך אַזוי, ר׳ זיינוועלע, פּויקן אין אַ קאַפּעליע — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט און געדרייט מיטן סמיטשיק — איר זענט טאקע אַ קלוגער ייִד און ווייסט ווי מוסיף צו זיין אויפן פּונטלביינער. אין קלעז־מערישער פּרנסה ווייסט איר פאַרט נישט. אַ קלעזמער, ר׳ זיינוולשי, איז אַ שווערע מלאכה. גראָד אויף אַ פּויק מוז מען קאָנען קלאַפּן. אויב מען קלאַפּט שלעכט אויף דער פּויק, פירט מען אוועק די גאַנצע קאַפּעליע קיין האָצעפּלאָץ און קיין גושן.

— אויב איר זאָגט, מן־הסתם ווייסט איר, ר׳ גימפּל, בעסער — האָט זיינוועלע געזאָגט זייער ערנסט. — ווען מיין טאטע — זאָל ער דאָרט האָבן דאָס ליכטיקע גן־עדן — וואָלט נישט געהאט דעם קאָפּ ליגן נייערט אין סוסים און אין בייטש, וואָלט ער מיך זיכער געמאַכט פאַר אַ קלעזמער.

זיינוועלע פּופּיק האָט ווידער אַ ווײַלע געשוויגן. שפּעטער האָט ער געזאָגט צו ר׳ גימפּלען:

— שטעטל זאָגט דאָך עפּעס, אַז אָט דער תכשיט, ר׳ יאָקלס גן־אידעמל, איז אַ גאַנצער חכם. אַ יאַ־טעביע־דאַם, זאָגן ייִדן. ער האָט אַ פּיסק — זאָגן ייִדן — פאַר פייער און פאַר וואַסער.

— בין איך דאָך אָבער אַ קלעזמער און האָב מיך אָנגעזען אַ וועלט מיט נאַראָנים — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט מיט אַ שמייכעלע —דער גרעס־טער נאַר, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען, איז אַ חכם אין צעריסענע תחתונים. דאָס איז שוין אַ פאַרפאַלענע קאַליקע.

— טאָ זאָל ער אים מאַכן פאַר אַ מלמד — האָט זיינוועלע געזאָגט סתם אין דער וועלט אַריין.

— איר האָט שוין אַמאָל געזען אַ מלמד אָן אַ בערדל? — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט און א פיר געטון מיט דעם סמיטשיק — עס קאָן דאָך גאָר־

אויסקומען דאָס אמתע פּורים־שפּיל. אַ תּלמיד וועט נעמען דעם קאַנטשיק אין דער האַנט אַריין און הייסן דעם רבין זאָגן: קמץ־אַלף — אָ.

— איז טאַקע נישט גוט וואָס נישט גוט הייסט — האָט זיינוועלע געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט פון דער באַנק — די זון, ר' גימפּלשי, איז שוין לאַנג אַרויסגעקראָכן פון פּוטער־פּעסל — האָט ער געזאָגט — און מיר מוזן זיך געזעגענען. אַ שאָד. איך וואָלט נאָך מיט אייך אַ שמועס געטון מכוח בוידעם און מכוח ציבעלע. נאָר איך מוז גיין אין דער טאַקסע און איר מוזט גיין שפּילן פאַר אַ כלה.

זיינוועלע האָט זיך געמאַכט אַוועקגיין. ר' גימפּל האָט זיך געקראַצט ביים בערדל און זיך פּלוצים אָנגערופן צום בעל־טאַקסע:

— איך וואָלט אייך טאַקע געוואָלט בעטן, ר' זיינוועלע, אַ טובה פאַר אַט דעם שלימזל.

זיינוועלע האָט ר' גימפּלען אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס און געזאָגט מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט:

— איר ווייסט דאָך, ר' גימפּל, אַז איך האָב פיינט צו טון אַ ייִדן אַ טובה.

— אַ שלימזל איז אויך מיר אַ ייִד — האָט ר' גימפּל געזאָגט מיט אַ געלעכטערל.

זיינוועלע פּופּיק האָט פאַרזשמורעט זיינע קליינע פעטע אייגעלעך. ער האָט זיי ווידער געעפנט און ווידער שאַרף אָפּגעמאָסטן ר' גימפּלען פון קאָפּ ביז פיס.

— איז וואָס־זשע ווילט איר פון מיר? — האָט ער אומהיימלעך געזאָגט.

— מאַכט אים פאַר אַ שוחט — האָט ר' גימפּל געזאָגט — קיין עין־הרע ביי אייער רחבות אין טאַקסע קאָנט איר אים ערגעץ אַריינשטופּן צווישן אַסטראָפּאָליער שוחטים.

— רבי, שעכט מיר די הינער — האָט זיינוועלע געזאָגט אומגעדולדיק — אַ ווערטעלע ביי אייך צו זאָגן שטופּן! אַ שוחט איז נישט קיין וואָגן וואָס מען קאָן אים שטופּן.

— אַ דאגה ביי אייך, ר' זיינוועלע, אַז מען וויל שטופּן, שטופּט זיך שוין.

זיינוועלע האָט נאָך אַ מאָל דעם קלעזמער שאַרף אָנגעקוקט.

— איר זענט דאָך עפּעס ר' גימפּל. — האָט ער געזאָגט — אַן אנדערן

וואָלט איך אָנגענומען פאַרן קאָלנער און צוגעגעבן מיטן פוס פון הינטן, אַז ער זאָל האָבן עס צו פאַרזאָגן אַ צענטן. טובות טו זיי, די אַסטראָפּאָליער כניאָקעס! וואָס זיי ווינטשן מיר — מעג עס גיין אויף אַלע וויסטע ביי־דעמער. נישט מער, איר ר׳ גימפּל, אַז איר טוט אַ פיר מיטן סמיטשיק, נעמט איר און כאַפּט מיך אָן פאַרן גרגרת. איז וואָס־זשע טוט מען מיט אייך? אַז איר זאָגט: שטופּן, איז דאָך נישט שייך. נאָר איין זאַך: דאָס דאָזיקע גן־איידעמל, זאָגט מען, האָט אַ פּיסק אַ פּייער און אַ קאָפּ אויף רעדער. ס׳האָט זיך מיר אַמאָל געחלומט אַ רעטעניש. איך האָב עס גע־פרעגט ביים פּריסטאַוו און, להבדיל, ביים כומר. זיי האָבן געוווּסט דאָס גוטע קדחת. איז אויב דער יונגערמאַנטשיקל וועט מיר טרעפן דאָס רע־טעניש, איז מיין נאָמען נישט זיינוועלע פּופּיק, אויב איך שטופּ אים נישט אַריין צווישן די שוחטים.

— וואָס שייך טרעפן רעטענישן, איז אדרבא ואדרבא! — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט אַ באַשמחהטער — צו דעם טויג ער זיך, דער יונגאַטש. ווי איר קוקט אים אָן, ר׳ זיינוולשי, האָט ער אַלע מעלות פון אַ חכם אַ רעטעניש־טרעפער. היינו: פּרנסה געבן אַ ווייב, קאָן ער טאַקע דאָס גוטע קדחת. אָבער ווען אויף דער וועלט זאָל זיך ווידער אמאָל טרעפן דאָס נס פון פּורים און מען זאָל קאָנען האָבן פּרנסה פון חקירה און רעטענישן — וואָלט ער געשווומען אין גאָלד.

— ווען מיר זען, האָט זיינוועלע פּופּיק געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט

— מען מוז גיין האָרעווען, אַז אַסטראָפּאָליע זאָל האָבן ביינער צו וועטשערע

— האָט ער געזאָגט מיט אַ געלעכטערל — און איר ר׳ גימפּל, גייט צו דער כלה און שפּילט איר אָפּ אַ ווייגענדיקס.



# קאַפּיטל ניין

## ווידער אַן אַסיפה אונטער אַ בוים.

יקח — ר׳ גימפּל האָט געגומען דאָס פּידעלע אונטערן אָרעם, וירץ — און מיט גיכע טריט האָט ער אַהיים געשפּאַנט, מבשר זיין ר׳ יאָקלען בדחן די בשורה, אַז זיינוועלע פּופּיק איז מוכן־ומזומן הערשעלען צו מאַכן פאַר אַסטראָפּאָליער שוחט, בתנאי, אַז קודם כל הקודמס זאָל ער אים טרעפן אַ רעטעניש.

אונטערן בוים פון ר׳ גימפּלס שטיבעלע זענען געזעסן און געוואַרט אַלע שכנים מיט זייערע ווייבער, דאָס הייסט, די אַסטראָפּאָליער קלעזמער, ר׳ יאָקל, און שיינדעלע אין איר נייער שלאָף־קופקע. הערשעלע איז גע־שטאַנען און האָט זיך געצופּט ביי דער גאָמבע — ער האָט דאָרט אפּנים געזוכט דאָס יונגערמאַנסקע בערדל.

— הערשל — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט — ווען דו וועסט ביים מוכסן טרעפן עפּעס דאָרט אַ רעטעניש, מעגסטו נעמען דעם חלף און גיין קוילן דעם שור־הבר.

— אויך מיר אַ קונץ אַ רעטעניש! — האָט הערשעלע געזאָגט — אַז מען איז אַ ייִד איז אַליין איין רעטעניש, און אַז מען האָט שיינדעלען פאַר אַ ווייב איז מען דאָס צווייטע רעטעניש.

— קוקט מיר אָן מיין פּותר־חלום! — האָט שיינדעלע געזאָגט און מיטביידע הענט געוויזן אויף איר מאַן — אויב דאָס האַרץ זאָגט מיר נישט קיין ליגן, וועט ער, מיין גאָלדשפּינער, אַריינטרעפן אין רעטעניש ווי אַ בלינד פערד אין גרוב.

אַלע האָבן געלאַכט פון שיינדעלען און איר געזאָגט, אַז אויב הערשעלע וועט נישט טרעפן פּופּיקס רעטענישן און נישט ווערן אַסטראָפּאָליער שוחט, איז פּשוט אויס וועלט. ר׳ גימפּל האָט הערשעלען געטון אַ קלאַפּ אויף דער פּלייצע מיטן סמיטשיק און געזאָגט: גרייט זיך, יונגאַטש! מחר הרת־עולם!

# קאַפּיטל צען

עס קרייען די הענער. — שיינדעלעס מענה־לשון.

וישכם — אַסטראַפּאַליער הענער האָבן אָפּגעקרייעט אויף כּאָור. שיינ־דעלע האָט זיך געפּעדערט און אויפאינדערגעשווינד אויפגעוועקט את בעלה, איר מאַן הערשעלען. זי האָט אים געוועקט מיט גראַמען און מיט דעם ניגון פון כלה־באַדעקנס.

— שטיי אויף פּעפּער! — האָט זי אים געצופּט ביי דער פאַרפּעדערטער יאַרמלקע. — ייִדן זאָגן, אַז ווען עס קרייען די הענער, האָט שוין דער מוכסן לאַנג אָפּגעקרייעט דאָס זינדיקע ביסל דאַוונען. ער האַלט שוין העט ווייט און רייבט שוין דאָס אָנבייסן. דער פעטער קרויט־באָרשט עפנט ביים פּופּיק די שערי־רחמים, און אין דעם שטיינערנעם הארץ זשיפּעט דעמאָלט אַ ייִדישער אָדער. שטיי אויף אַסטראַפּאַליער שוחט, און גיי טרעפן רעטענישן: מעסט דיר קודם אָן, זיי זשע מוחל, טלית און תּפילין און זע צי דו ביסט נישט אויסגעוואקסן איבער נאַכט. האָסט עס אַפילו נישט פאַרדינט — האָט שיינדעלע ווייטער געזאָגט מיט אַ ניגון — נאָר לאָז מיינס איבערגיין! נאָכן דאַוונען וועל איך דיר, אם ירצה השם, געבן אַ טעפּעלע קאַווע. אייל זיך צו און לויף אַהין צום בעל־טאַקסע און זיי אים דאָרט זיין פּותר חלום. אולי ירחם — אפשר וועט ער אויף אַן אמת משוגע ווערן און דיך טאַקע מאַכן פאַר אַ שוחט.

הערשעלע איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, זיך געוואַשן די נעגל און זיך באַלד געכאַפּט צום דאַוונען. שיינדעלע האָט געהאַלטן וואָרט און אים געגעבן דאָס וואַרעמע טעפּעלע קאַווע.

— אַצינד טו אַ קוש די מזוזה און גיי מיטן רעכטן פוס — האָט שיינ־דעלע געזאָגט און אים אַרויסבאַגלייט פון דער טיר — זאָלן דיר ביישטיין אַלע זכותים פון מיין עלטער־באָבע יענטל. זאָל זי דאָרט לויפן און בעטן, אַז דו זאָלסט טרעפן וואָס ביי אַ מוכסן קאָן זיך פאַרען אין פאַרשטאָפּטן קאָפּ. טאָמער אָבער, חלילה, ברענגסטו מיר נישט אַהיים דאָס שחיטות, איז הנה, זיי וויסן, אַז דו האָסט אַ ווייב שיינדעלע און ביסט מיט איר געשטאַ־נען אונטער דער חופּה ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

# קאַפּיטל עלף

הערשעלע אָסטראָפּאָליער גייט פּותר־חלום זיין דעם בעל־טאַקסע.

עפּעס שמועסן ייִדן, אַז איך בין נישט קיין נאַר — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט, ווען ער איז געגאַנגען אויפֿן וועג צום בעל־טאַקסע — לבי אומר לי, דאָס האַרץ זאָגט מיר אָבער, אַז איצט איז דווקא אַ גרויסער חסרון נישט צו זיין קיין נאַר. מען מוז זיין אַ וועלט־שוטה, כדי צו טרעפֿן וואָס אַזאַ גראָבער קאָפּ האָט אויף דער מחשבה!

און ער האָט צוגעאיילט זיינע טריט.

ווען ער איז צוגעקומען צום בעל־טאַקסעס הויז, איז זיינוועלע פּופּיק געזעסן אויף דער פּריזבע. אָקערשט האָט ער געהאַלטן נאָכן אָנבייסן און די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט.

הערשעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן פּלויט. דאָס האַרץ האָט אים גוט געטיאָכקעט. פֿון גרויס ציטערניש האָט ער פֿאַרגעסן אַלע זיי־געזונטן און האָט אַהין אַ געשריי געטון צו זיינוועלען:

— אַ גוטן מאָרגן אייך, ר׳ זיינוולשי! גאָט העלף אייך, ר׳ זיינוולשי!

דער בעל־טאַקסע האָט עס געמוזט דערהערן, מחמת ער האָט בגוואַלד אויפֿגעריסן די אויגן, אויסגעדרייט צום פּלויט דאָס רויטע אָנגעפּרעסענע פּנים און געזוכט מיט די בליקן, ווער עס זאָגט אים גוט־מאָרגן.

אונטער הערשעלען האָט געציטערט הענט און פֿיס — פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אָנגענומען מיט האַרץ און נאָך אַמאָל אַ געשריי געטון:

— אַ גוטער מאָרגן אייך, ר׳ זיינוולשי!

דער באַל־טאַקסע האָט זיך שאַרף אַרומגעקוקט. אפֿנים, האָט ער זיך עפּעס געמוזט דערמאָנען.

— וואָס קרייעסטו מיר אָפּ אַזוי פֿיל גוט־מאָרגנס הינטערן פּלויט? דו סמאַרק! — האָט ער געזאָגט האַלב אין כעס און האַלב אין קאַטאָוועס.

— איך בין ר׳ יאָקלס אידעמל — האָט הערשעלע אַריבערגעשריגן איבערן פּלויט.

— אַ גדולה אויף דער באָבען — האָט זיינוועלע געענטפערט — קום אַהער וועל איך דיר אָנקוקן דאָס טריפה פּרצוף.

— דער בעל־טאַקסע — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט און אָנגעהויבן צוצוגיין צו דער פּריזבע — איז היינט עפּעס, ווי איז מיר, אויפגעשטאַנען אויף דער לינקער זייט. שוין גאָר כּאָאור עסט ער מענטשן.

— ג־ג־גוט מאָרגן, ר׳ זיינוועלע — האָט הערשעלע געבעבעט, שוין שטייענדיק ביי דער פּריזבע.

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר — האָט זיינוועלע געזאָגט אומגעדולדיק און זיך הויך אויסגעגענעצט — ביסט שוין אַן אָפּגעדאַוונטער?

— יאָ, ר׳ זיינוולשי. איר זאָלט אזוי געזונט זיין, ווי איך בין שוין אַן אָפּגעקאָכטער.

— הער, יונגאַטש — האָט זיינוועלע געזאָגט — ר׳ גימפּל דער קלעז־מער האָט מיר געזאָגט, אַז דו קאָנסט מיר טרעפן אַ רעטעניש.

— ס׳הייסט טרעפן, ר׳ זיינוולשי? איך וועל אייך טרעפן ווי עס שטייט אין מדרש פראַלניק, בקרחתו ובגבחתו, מיט דעם פּאָדעם גלייך אין דער נאָדל אַריין.

— איז קום אַהער — האָט זיינוועלע געזאָגט געלאַסענער — איך האָב נישט קיין כּוח צו שרייען. האָרך זשע אויס מיט קאָפּ!

— ס׳הייסט קאָפּ, ר׳ זיינוולשי. איך וועל אייך אויסהערן מיט פינף קעפּ. און פאַרוואָס זאָל איך אייך טאַקע נישט אויסהאָרכן מיט אלע מיינע צען קעפּ?

— איז זאָג־זשע מיר, אויב דו ביסט יאָ אַזאַ חכם, — האָט זיינוועלע געצויגן די ווערטער — פאַרוואָס איז אין אָסטראָפּאָליע תּמיד אַ בלאָטע? אָפּילו ווען די זון באַקט אין תּמוז, האָרכן זי די אָסטראָפּאָליער בלאָטעס ווי המן דעם גראַגער. כאָטש גיב זיי אַ קרענק ווילן זיי נישט אויסטריקענען.

— ר׳ זיינוולשי! — האָט הערשעלע אַ געשריי געטון ווי ער וואָלט דעם בעל־טאַקסע אָנגעכאַפּט פאַר די הערנער — שטעטל זאָגט אפילו, אַז אין טאַקסע פאַרשטייט איר זיך בעסער ווי אין דעם, וואָס רש״י מאַכט. נאָר מה נאמר ומה נדבר — פּשוט איר האָט אַ געשריי געטון „וויאָ!” און זענט מיטן דישל אַריינגעפאָרן אין אַ בפירושן מדרש.

אויף אַזאַ קאָמפּלימענט האָט זיך זיינוועלע גאָרנישט געריכט. אַז ער

זאָל מיטן רעטעניש האָבן אַריינגעטראָפֿן אין אַ מדרש — דאָס האָט אים געוואַלדיק הנאה געטון. ער האָט זיך אַזש אויסגעשמייכלט און געזאָגט:

— איז זאָג־זשע מיר, תכשיטל, וואָס זאָגט מען דאָרט מכּוח אונדזערע אַסטראָפּאָליער בלאָטעס?

— עס רעדט זיך אַזוי, באַלד בעמען און זאָגן וואָס דער מדרש זאָגט — האָט הערשעלע געענטפֿערט — קודם־כּל הקודמס מוזן מיר מוחל זיין און אַ פּאָר צוריק טון אין גן־עדן אַריין. דאָרט וועלן מיר כאַפּן אַ שמועסל מיט אדם־הראשונען. ר׳ זיינוועלע, איר האָט שוין געהערט אַמאָל פֿון אַזאַ ייִד ווי אדם־הראשון?

— ער איז אַן אַסטראָפּאָליער? האָט זיינוועלע געפֿרעגט און זיך אומ־באהאָלפֿן געקראַצט איבערן קאָפּ.

— חלילה! ווי קומט אדם־הראשון קיין אַסטראָפּאָליע? ער איז אַ ייִד וואָס ווינט אין סאַמע מיטן חומש.

— איז־זשע וואָס טוט ער אין חומש? און פֿונוואַנען האָט ער דאָרט פּרנסה, דיין ווי הייסט ער דאָרט?

— אדם־הראשון, — האָט הערשעלע פֿאַרריכט.

— איז אַז אויב ער איז אין חומש און נישט אין אַסטראָפּאָליע, טאָ פֿונוואַנען־זשע ווייסט ער פֿון די היגע בלאָטעס? — האָט זיינוועלע געפֿרעגט.

— אָט וועל איך אייך טאַקע דערציילן — האָט הערשעלע געזאָגט — ווי אַפֿילו זיצנדיק מיט ביידע פֿיס אין חומש, ווייסט ער אויסגעקניפּט וואָס עס טוט זיך ביי אונדז אין שטעטל. איר מוזט וויסן, ר׳ זיינוועלע, אדם־הראשון איז בכלל דער ערשטער ייִד, וואָס האָט געכאַפּט אַ קוק אויף אונדזער וועלטל. די מעשה מיט אים האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף אַזאַ אופֿן: דער אויבערשטער האָט גענומען אַ שטיק ליים און פֿון אָט דעם ליים באַ־שאַפֿן דעם אדם־הראשון. מען האָט אים באַלד אַוועקגעזעצט אין גן־עדן אַריין. צי ער האָט דאָרט געהאַלטן די טאַקסע ווייס איך נישט. נישט מער, אַ ייִד איז דאָך פֿאָרט טשיקאַווע אַלץ צו וויסן. איז ווען מען האָט אָדם־הראשונען געגעבן די וועלט אין דער האַנט אַריין און מען האָט צו אים געזאָגט: נעם! — האָט זיך אדם־הראשון אָנגערופֿן: גאָטעניו, איך קויף נישט קיין קאַץ אין קיין זאַק. ווייז מיר אָקערשט צו ערשט די סחורה און דערנאָך וועלן מיר אַ שמועס־טון פֿון מקח.

— ער האָט שוין איינמאָל געהאַט אַ קעפּעלע אויף רעדער — האָט זיינוועלע געזאָגט מיט אַ געלעכטערל — דיין... ווי הייסט ער דאָרט?

— אדם־הראשון — האָט הערשעלע פאַרריכט — נאָר הערט־זשע אויס, ר׳ זיינוועלשי, וואָס עס איז געווען ווייטער.

— מיר וויסן — האָט הערשעלע ווייטער געזאָגט — אז אויב מען קוקט הויך פון הימל אַראָפּ אויף דער וועלט, קוקט זי אויס, די וועלט, נישט ווי אָסטראָפּאָליע והסביבה. מען קאָן זי אויפמישן, די וועלט, — און מען קאָן זי מישן בלאַט בבלאַט ווי אַ סידור ביים דאווענען. נעמט דער רבונו של עולם און טוט אַ מיש אויף פּאַר אדם־הראשונען דעם ספר העולם, דעם סידור, הייסט עס, וואָס רופט זיך וועלט. איטלעכעס בלאַט האָט פאַרנומען אַ דור. נישט בלויז סתם דאָס דור, נייערט אויך די רבנים, די מנהיגים, די שיינע ייִדן און די בעלי־טאַקסע פון דור. אַזוי האָט גאָטעניו געמישט און געמישט די בלעטער פון דער וועלט, ביז ער איז פּאמעלעכל צוגעקומען צום בלאַט וואָס הייסט אָסטראָפּאָליע.

— אַ שיינע מעשה און ס׳איז כדאי זי צו הערן — האָט זיינוועלע געזאָגט מיט אַ צופרידן שמייכעלע — ביסט שוין איינמאָל אַ יונגאַטש מיט אַ פּיסק. האַלטן מיר, הייסט עס, ביי אָסטראָפּאָליע. — לאָמירזשע הערן ווייטער.

— הייסט עס, מען האָט אין סידור פון דער וועלט שוין, דאנקען גאָט, געהאַלטן ביים בלאַט אָסטראָפּאָליע. נעמט גאָטעניו און ווייזט אדם־הראשונען אַלצדינג, וואָס ער פאַרמאָגט אין אָסטראָפּאָליע. אפילו ר׳ גימפּלען דעם קלעזמער און ר׳ יאָקלען דעם בדחן האָט אדם־הראשון אָנגעקוקט. אָסטראָפּאָליע איז אים וויל געפעלן געוואָרן און ער האָט שוין געוואָלט צוקלאַפּן די האַנט, מאכן דעם מקח און קויפן ביי גאָט די וועלט. איז דאָך אָדם־הראשון געווען אַ קלוגער ייִד. איילט ער זיך נישט צו געבן האַנט־געלט און צו קויפן ביי גאָט די וועלט. איך האָב צייט. די וועלט איז נישט קיין ציג — טראַכט ביי זיך אָדם־הראשון, — און איך בין דערווייל איין ייִד אויפן יאַריד. ווער וועט ביי מיר אויסכאַפּן די מציאה? לאָמיך בעסער נאָך אַמאָל אַ קוק טון אויף אָט דער אָסטראָפּאָליע.

— נו? — האָט זיינוועלע געזאָגט, ווי ער וואָלט געברענט אויף הייסע קוילן.

— טוט אדם־הראשון ווייטער אַ קוק אַריין אין דעם בלאַט אָסטראָפּאָליע, — האָט הערשעלע געזאָגט מיט גרויס האָפּערדיקייט — דערזעט ער דאָרט דעם אָסטראָפּאָליער בעל־טאַקסע. נעמט ער, אדם־הראשון, און טוט א גרויסן שפּיי אויפן שטעטל. פון יענעם שפּיי, ר׳ זיינוועלשי, נעמען זיך די היגע בלאָטעס, וואָס ווילן ניט אויסטריקענען, כאָטש גיב זיי אַ קרענק.

# קאַפּיטל צוועלף

זיינוועלע פּופּיק כאַפּט זיך וואָס רש״י מאַכט. — אַך און ווי
איז צו מיינע יאָר.

הגם זיינוועלע פּופּיק איז נעבעך געווען אַ געהרגעטער אויף אַ שייטל עברי — פונדעסטוועגן האָט ער זיך דאָ באַלד געכאַפּט, וואָס רש״י מאַכט און ווי אַזוי הערשעלע האָט אים — ווי איז מיר — צוגעטראָפן דאָס רעטעניש.

ער איז טאַקע געווען אָקערשט נאָכן אָנבייסן און איז געזעסן א צע־קנעפּלטער, מחמת דער טרעלבוך איז אים געווען אָנגעגאָסן ווי אַ שווע־רער זאַק, פּאָרט איז ער אויפגעשפּרונגען ווי עמיצער וואָלט אים אָפּגע־כליאַפּעט מיט אַ טאָפּ קאָכעדיק וואַסער. ער האָט אַזש געטון אַ ריטש.

ערשט איצט האָט זיך הערשעלע געכאַפּט, ווי עס האלט ביי אים מיט אַסטראָפּאָליער שחיטות, און אַז מיט דער שיינער מעשה וועגן אדם־הרא־שונען איז ער דעם בעל־טאַקסע פאַרפאָרן אין דער זיבעטער ריפּ. נישקשה— האָט הערשעלע נאָך באוויזן א טראכט צו טון — איך מעג נעמען די רגלים און מאַכן אַ „ויברח יעקב״ טאַקע דאָרט אַהין, קיין שדה־פּדן־אַרם, ווו עס וואַקסט דער שוואַרצער פעפער.

זיינוועלע פּופּיק האָט געריטשעט. דאָס פּנים האָט אים געפלאַמט ווי א שריפה. די קליינע פעטע אייגעלעך האָבן איצטער אויסגעקוקט ווי שטיקער בלוט און זענען פּופּיקן אַרויסגעקראָכן פון אונטערן שטערן. ער האָט גע־כאַפּט אַ גראָבן שטעקן און זיך געלאָזט נאָכן שיינעם פּותר־חלום.

הערשעלע האָט געזען, אַז אַ מינוט איז ווערט א רענדל. טאָמער בלייבט ער שטיין וועט אים דער רציחהדיקער בעל־טאַקסע אויפן אָרט, חלילה, מאכן פאר אָסטראָפּאָליער שוחט. ויקח — האָט ער גענומען די פיס אונטער די פּאָלעס, ויברח — און האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן.

ער איז געלאָפן. די פּאָלעס פון זיין קאַפּאָטע האָבן געווייעט ארום זיינע פיס ווי די פליגל פון אַ צעשריגענער הון. די אויערן זענען אים פול געווען מיט ווינט. הינטער זיך האָט ער געהערט ווי זיינוועלע פּופּיק ריטשעט ווי אַ שור־הבר און שרייט עפּעס וועגן נאַטשאַלסטווע, סאָלדאַטן און כאַפּערס.

## קאַפּיטל דרייצן

וױדער אַן אסיפה גדולה אונטער אַ בוים.

**א**ונטערן בוים פֿון ר׳ גימפּלס הייזעלע זענען געזעסן און געוואַרט אַלע שכנים צוזאַמען מיט ר׳ יאָקלען און שיינדעלען.

ר׳ יאָקל האָט דערװייל אויסגערעכנט שיינדעלען וואָס זי באַדאַרף קויפֿן צום נייעם שחיטהשן באַלעבאַטישקייט. דער עיקר, — האָט ער זי געלערנט ווי אַן אָסטראָפּאָליער שוחטקע דאַרף זיך אויפֿפֿירן. למען־השם — האָט ער געזאָגט — מוזטו זען נושא־חן צו זיין ביי ציפּע־שפּרינצע דער גבאיטע. דעמאָלט וועט דיר זיין מה־טובו און מיט דער צייט וועסטו אויך אויסוואַקסן פֿאַר אַ גבאיטע.

פּלוצים האָט זיך ר׳ גימפּל אָנגערופֿן:

— אָט לױפֿט דער נייער אָסטראָפּאָליער שוחט. ער איילט זיך מיט דער גוטער בשורה. מזל־טוב אייך, ר׳ יאָקל! אייער הערשל איז פֿאַרזיכערט מיט פּרנסה ביז משיח וועט קומען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און הערשעלע איז געקומען אָנצולויפֿן. וועדליק זיין מראה און וועדליק ווי אַלצדינג אונטער אים האָט זיך גע־טרייסלט, האָט ער עפּעס נישט אויסגעקוקט ווי ער וואָלט געטראָגן מיט זיך אין קעשענע די גוטע בשורה פֿאַר אָסטראָפּאָליער אָקסן.

— נו? האָבן אַלע געפֿרעגט.

— אַז אָך און ווײ איז צום „נו“, האָט הערשעלע געזאָגט און אָן אָטעם דערציילט די גאַנצע מעשה.

— אַ האַרץ איז נעבעך נישט קיין ליגנער — האָט שיינדעלע געזאָגט מיט פֿאַרבראָכענע הענט — אַז מען שיקט אַ נאַר אויפֿן מאַרק, פֿרייען זיך די קרעמער.

— הערשל! — האָט ר׳ גימפּל געזאָגט — וואָס טויג מיר די לאַנגע טענות? אויב דו ווילסט נישט, אַז מען זאָל דיך אַוועקשיקן אין פֿינצטערן גושן און דאָרט זאָלסטו אָפּדינען דעם ירום־הודו אַ קיימאָ־לן פֿון קיילעכיקע פֿינף און צוואַנציק יאָר, — איז טראַכט נישט לאַנג! מאָרגן בלי־נדר כאַאור נעם, און זיי עוקר פֿון אָסטראָפּאָליע!

# קאַפּיטל פערצן

דער מענטש איז אַ צל־עובר און די אויבערשטע מחשבה האָט צייט.

בידוע, ווי מיר ווייסן, איז „הכל עלה במחשבה”. אַלצדינג האָט זיין שורש אין דער אויבערשטער מחשבה. אויף דער וועלט טוט זיך גאָר נישט סתם אַזוי על פּי מקרה. אויב מיר שטייען אָפּט מאָל ווי די גולמס און ווייסן נישט צו פאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק — איז מה רעש? קיינער אויבן פרעגט ביי אונדז נישט קיין דעה. די מחשבה פון דער וועלט זיצט אויבן ביים רעדעלע און דרייט שוין אַזוי, אַז אַלצדינג זאָל קלאַפּן אָגיל ואשמח, און אַז אלע מעשים, וואָס טוען זיך דאָ אָפּ אויפן עולם־התחתון זאָלן גיין אין שפּאַן „כבקרת רועה עדרו”.

אין אונדזער סיפּור־המעשה זעט מען עס טאקע גאָר באשיינפּערלעך. ווי מיר געדענקען פון חלק־ראשון, איז דער רבי ר׳ ברוכל פון מעזשיבעזש אַמאָל אַריינגעפאַלן א קאַפּעטשקע אין עצבות. דער בעל־דבר — ימח שמו זאָל ער ווערן, האָט זיך דעריין אָנגעכאפּט ווי אין אַ געבראָטנס. ער — דער בעל־דבר, — האָט געמיינט, אַז די וועלט וועט שוין אייביק, חלילה, זיין פאַרזונקען אין חשכות. אלע וועגן צו איר וועלן ווערן פינצטער און דערימאך וועט משיח נישט טרעפן אַהין צו קומען און צו ברענגען די גאולה. אין גיהנום האָט זיך דער ימח־שמו אַרויפגעשטעלט אויפן העכסטן יאטקע־קלאָץ און דאָרט אויסגערופן: אַ בייזער און אַ פינצטערער פּורים אויף אייך, משחיתים! ביי די לאַפּיטוטן איז טאַקע געוואָרן שמחה וששון. די ימח־שמוניצע לילית, האָט זיך אָנגעטון איר חופּה־קלייד, וואָס איז געמאַכט בייערט פון שלאַנגען און עקדישן און האָט זיך שוין געגרייט צו דער שוואַרצער חתונה.

האָט מען דאָך געזען — ווי מיר האָבן דערציילט — אין דער פּמליה

של מעלה, אַז עס איז נישט גוט, און אַז דער ימח־שמו גרייט זיך. האָט מען נישט פאַרצויגן אין דער לאַנגער באַנק און אויף דער ערד אַראָפּ־געשיקט אליהו־הנביאן מיט אן אָרעמאַנסקע זעקל. אין זעקל, איז געלעגן הערשעלע אָסטראָפּאָליער. דער פּלאַן איז געווען אַז ער, דער פריילעכער ייִד, דער ליכטיקער קאַטאָוועס־טרייבער, זאָל אַהין פאָרן קיין מעזשיבעזש און דאָרט פריילעך מאכן דעם רבין ר׳ ברוכל. מען האָט אויבן געוואָלט ווייזן דעם בעל־דבר, אַז, לא אלמן ישראל — עס זענען ברוך־השם אויפן עולם־התחתון נאָך פאַראַנען ייִדן, וואָס זענען אי פריילעך און אי זיי קאָנען אַרייַנ־ברענגען פריילעכקייט אין די הערצער פון צדיקים.

אלאָ, וואָס דען? אין דער אויבערשטער מחשבה טוט זיך עס נישט אַזוי פשוט ווי אין די אונטערשטע מעשים. אויבן איז כסדר־דיק במסתרים. מען שפּילט זיך אין באהעלטענישן. מען גייט אין טונקלענישן און אויף זייטן־וועגן ביז מען קומט אַהין אַוווּ מען וויל.

מען נעמט נישט דאָרט סתם אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער און מען זעצט אים אַריין אין אַ בויד און היידאַ! מען שיקט אים נישט סתם און אַן קונצן, הענדום־פּענדום אַוועק צום רבין ר׳ ברוכל קיין מעזשיבעזש. אַזוי וואָלט געווען געטון אַ פּשוטער בשר־ודם וואָס ימיו כצל עובר — זיינע טעג זענען גייערט ווי דער שאָטן וואָס גייט פאַרביי אויף די דעכער און ווי דער ווינט וואָס ווייעט פאַרביי אויף די וואַסערן. די אויבערשטע מחשבה איז כולה אייביקייט און זי האָט צייט. ודי לחכימאָ ברמיזאָ.



## קאַפּיטל פופצן

חסידים פאָרן קיין מעזשיבעזש צום רבין ר׳ ברוכל. — שיינדעלע באַגלייט הערשעלען צו דער בויד.

אין דעם נעמלעכן כאַאור, ווען הערשעלע האָט זיך געמוזט פּעדערן עוקר צו זיין פון אָסטראָפּאָליע, האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז די מעזשיבעזשער חסידים אין אָסטראָפּאָליע האָבן געדונגען אַ בויד, כדי אַלע בייזאַמען צו פאָרן צום רבי ר׳ ברוכל. זיי האָבן געהאַט במחשבה צו פאַרבלייבן דאָרט שיינע עטלעכע וואָכן, און נהנה זיין מזיו השכינה און הערן פון רבינס מויל תורת־אמת.

ר׳ גימפּל דער קלעזמער איז דערפון געוווּיר געוואָרן נאָך אין דעם זעלביקן פינצטערן אויפדערנאַכט, ווען אַלע זענען געזעסן ביי אים אין שטיבעלע און געוואַרט מיט גרויס האַרץ־קלאַפּעניש אולי־ירחם — טאָמער באַווייזט זיך אויף דער שוועל זיינוועלע פּופּיק מיט זיין נאַטשאַלסטווע. מען וועט אַ נעם טון הערשעלען און אים באַלד אָנטון די רויטע הויזן — אָך און וויי איז צו זיין מאַמען!

באַהאַלטן אים איז נישט געווען ווו. פון ר׳ שמערעלעס בוידעם אין לעמעשקע האָבן שוין געוווּסט אַלע פייגל אויף די דעכער.

הקיצור — עס איז געבליבן אויף דער גרויסער אסיפה ביים קלעזמער אין שטיבעלע, אַז מען זאָל דעם בורח אריינפּאַקן צווישן די מעזשיבעזשער חסידים און משלח זיין ווייט אַוועק פון הינטער די אויגן פון זיינוועלע פּופּיק.

באַלד טאַקע כאַאור האָבן די אָסטראָפּאָליער העגער גענומען קרייען. הערשעלע האָט זיך אָנגעהויבן מכין צו זיין אַוועקצוגיין הינטער דער שטאָט. פון דאָרט האָט די בויד געזאָלט אַוועקפאָרן גלייך קיין מעזשיבעזש. שיינדעלע איז מיט אים מיטגעגאַנגען. זי האָט געטראָגן אין אַ פּאַטשיילע אַ ביסל צידה לדרך.

אויפֿן וועג האָט שיינדעלע געטראַכט הערשעלען צו געבן דאָס גוטע לעצט־געלט און אים אַריינצוזאָגן אין דער זיבעטער ריפּ. זי האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז אַ צונג איז נישט קיין קאָטשערע און מען קאָן מיט איר נישט אַרויסנעמען פֿון אַלע אויוונס. דיין פּיסקל — האָט זי אים געזאָלט זאָגן, און טאַקע גייענדיק אויפֿן וועג צו די מעזשיבעזשער חסידים, — וועט דיך נאָך אַוועקפֿירן אין שאול־ תחתיה.

האָט זי אָבער אָנגעקוקט דעם קאַטאָוועס־טרייבער, ווי ער גייט נעבעך מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ — ויכמרו רחמיה — האָט זי ביי זיך גע־טראַכט: וואָס וועל איך אַ געשלאָגענעם נאָך צולייגן מיט אַ שטעקן? ס׳איז דאָך אַ ביטער רחמנות אָנצוקוקן דעם אָסטראָפּאָליער שוחט!

האָט זיך שיינדעלעס צונג איבערגעדרייט אויף טרייסט־ווערטער און זי האָט צו אים גערעדט כהאי־לישנאָ:

— זאָרג זיך נישט לאַ־יוצלח! מן־הסתם וועסטו אין די מרחקים גע־פֿינען אַ מלמדות. אפשר וועסטו טאַקע גאָר ווערן א שטיקל בדחן. וועסט זיך דאָרט פֿאָרט דערשלאָגן צו אַ שטיקל פּרנסה און וועסט מיך נאָך אמאָל מפרנס זיין — אָך און וויי איז צו מיר — מיט א לעבאכץ פֿון עושר און כבוד.

הערשעלע האָט אויפֿגעהויבן די אויגן און זי אָנגעקוקט. אין דער נייער שלאָף־קופּקע האָט זי באמת אויסגעזען ווי אַ גאַנצע יפֿת־תואר — און דאָס האַרץ איז אים שיעור נישט צעגאַנגען אין בענקעניש.



# קאַפּיטל זעכצן

שמואליק דער בעל־עגלה וויל נעמען אַ גרושה.

זיי זענען צוגעקומען צום לעצטן הייזל הינטער אַסטראָפּאָליע. עס האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן די ווייטענישן פון די פעלדער. אין שטעטל האָבן נאָך אַלץ געקרייעט די הענער. עס איז דאָרט געשטאַנען אַ גרויסע בויד אַן איינגעשפּאַנטע אין פיר פערדלעך. די פערדלעך האָבן אויסגעקוקט ווי אייביקע איפּכאָ־מיסתבראַניקעס. עפּעס זענען זיי צווישן זיך נישט געווען שוה בשוה. נישט בלויז, וואָס יעדעס פערדל איז געווען אַ בריה בפני עצמה. עס האָט זיך אויך געהאַלטן פּונקט קאַפּויער און ווי להכעיס דעם אַנדערן פערדל. איין פערדל איז געווען גאָר אַ פּיצעלע פון אַ סוסל, דערפאַר איז עס געווען אַ דיקלעכס און מיט אַ שיין בייכל. דאָס צווייטע פערדל איז געווען אַ דאַרס ווי, להבדיל אַן אויסגעוואַקסענע בוגרת. עס האָט געהאַט אַרויסגעשטאַרצטע ריפּן און האָט אויסגעקוקט, ווי עס וואָלט כסדר געפאַסט תעניתים. עס איז געשטאַנען אין שטאַרקער מרה־שחורה. דאָס דריטע פערדל איז נישט, פאַר קיין שום פערד געדאַכט, געווען אַ סגי־נהור מיט צוויי בלאַסע בעלמעס אויף די אויגן. עס האָט געהאַלטן דעם קאָפּ טיף אַראָפּגעבויגן ביז צו דער ערד. דאָס פערטע פערדל איז סתם געווען אַ ניע־בע־ניע־מע און ניע־קוקעריקו.

דער עולם מעזשיבעזשער חסידים האָבן שוין געוואַרט. אַלע זענען געווען אָפּגעדאַוונטע און שטאַרק בגילופנדיק. מען האָט שוין געהאַט גענומען צו שיינע גלעזלעך י״ש. ס׳איז נישט קיין קליינינקייט — מען פאָרט דאָך עפּעס צום רבין קיין מעזשיבעזש!

אינמיטן צווישן עולם חסידים איז געשטאַנען ר׳ לייבוש דער אַסטראָפּאָליער מורה־הוראה. ער האָט נאָך געקאָנט דעם בעל־שם־טוב. איצט איז ער אַ שטאַרקער מעזשיבעזשער חסיד און פאָרט אויך צום רבין — נישט

געקוקט דערויף, וואָס ער איז שוין א זקן מופלג און קיין עין־הרע אָנגעפיקעוועט מיט יאָרן.

אין אָסטראָפּאָליע האָט מען אים געהאלטן אָט־אָט ביי דער מאה. זעט אויס, אַן אָסטראָפּאָליער בית־דין איז געבענטשט מיט אריכת־ימים. דער חילוק איז נאָר געווען, וואָס ר׳ הערש לעמעלעס, דער רב, איז געווען א מזג־טוב, אַ מלמד־זכות און אַ נח לבריות, ממש אַ ייד אָן אַ גאַל. דער מורה־הוראָה ר׳ לייבושל איז אָבער געווען א געוואלדיקער קפּדן. א נוקם־ונוטר פאַר יידישקייט. פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט האָט ער זיך אָנגעצונדן. טאָמער האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז עמיצער באגייט חלילה, דאָס מינדסטע קלות, איז נישט געקוקט אויף זיין זקנה האָט ער באלד געגעבן פּעטש און געשריגן: פּושע עוכר ישראל! פּראָסטע יונגען אין אָסטראָפּאָליע האָבן טאַקע פאַר אים געציטערט און געפלאַטערט.

מען איז געשטאַנען אַרום דער בויד. מען האָט געוואַרט, אַז דער בעל־עגלה שמואליק זאָל שוין, למזל, אַרויפקריכן אויפן באָק און הייסן אַלעמען זיך אַוועקזעצן. א סוף זאָל עס נעמען און זאָל מען שוין אמאָל פאָרן! דאָס בענקעניש פון מעזשיבעזשער חסידים צום רבין איז געווען אין לשער. די אינדרויסנס ווערן וואַרעמער און וואַרעמער. די זון האָט זיך שוין ביד־רחבה צעלויכטן איבער די ווייטענישן פון די פעלדער. שמואליק דער בעל־עגלה שטייט אלץ מיט דער בייטש און וואַרט. ער פאַרט נישט.

אַן אַנדערער בעל־עגלה וואָלט געווען געקריגן גוט אַריינגעזידלט. אַ יהדות פון אַ גראָבן יונגאַטש צו שטיין מיט דער בייטש און צו לאָזן וואַרטן מעזשיבעזשער חסידים! איז אָבער די מעשה — שמואליק איז טאַקע געווען נישט מער ווי אַ פּראָסטער שמייסער, — אָבער פאַרט איז ער געווען א כוהן. פארשטייט זיך, אַז פון דער כהונה איז אים נישט מער פארבליבן סיידן דער קפּדנישער כח־הדם. פאַר אַ ליאַדע־וואָס האָט ער דערלאַנגט מיט דער בייטש. ווען עס איז אים אָנגעקומען דער כוהן, איז מיט אים געווען חיות נישט זיכער און ער האָט דערביי נישט געשוינט קיין יונג און קיין אַלט.

איז באין ברירה האָט מען געוואַרט.

חסידים האָבן אָבער געזען, אַז אין קול ואין קשב, עס רירט זיך נישט פון אָרט. האָבן זיי סוף כל סוף געפרעגט ביי שמואליקן:

— ווען וועלן מיר שוין אמאָל פאָרן, שמואליק?

— איך מוז וואַרטן, איך וויל נאָך נעמען א גרושה — האָט שמואליק

געענטפערט מיט אַ קאַלטן־לונג־און־לעבער און זיך אויסגעדרייט צו די חסידים מיט דער בייטש.

דער מורה־צדק ר׳ לייבושל האָט פון גאַנצן שמועס מיט שמואליקן נישט מער געהערט נייערט, אַז שמואליק האָט בדעה צו נעמען אַ גרושה.

ר׳ לייבושל האָט זיך אָנגעצונדן אש ולהבה. אַ צעפלאַמטער איז ער צוגעלאָפן צום בעל־עגלה. ער האָט שוין געפּאָכעט אין דער לופט מיט די דריבנע, אויסגעדאַרטע זקנישע הענטלעך און שוין געוואָלט דערלאַנגען פּעטש.

— פּושע, עוכר ישראל! — האָט ר׳ לייבושל געוואַלדעוועט — ווו איז עס געהערט געוואָרן אַז אַ כּוהן זאָל נעמען אַ גרושה? איך וועל דיך אויפן אָרט דורס זיין! איך וועל פון דיר מאַכן, דו לאָבוז, אַ תל־עולם.

— איך וועל נעמען אָט די גרושה — האָט שמואליק געזאָגט און גע־וויזן מיט דער בייטש אויף אַן אַלטע ייִדענע, וואָס איז אָנגעקומען מיט אַ שווערן קאָשיק.

ר׳ לייבושל האָט געפּאָכעט מיט די הענטלעך און געליאַרעמט:

— פּושע עוכר ישראל! וואָס הייסט דו וועסט נעמען אָט די גרושה? ביסט דאָך אַ כּוהן, דו יונגאַטש איינער.

— רבי, — האָט שמואליק געפרעגט, — ווען אַ כּוהן איז אַ בעל־עגלה, טאָר ער נישט נעמען קיין גרושה פאַר אַ פּאַרשוין אין דער בויד אַריין?

ערשט פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל האָט ר׳ לייבושל צעקייעט, אַז שמואליק מיינט נישט, חלילה, חתונה צו האָבן מיט דער אַלטער ייִדענע, דער גרושה. ער וויל זי פּשוט אויפנעמען פאַר אַ פּאַרשוין. די גרושה האָט באַדאַרפט צו פאָרן אין אַ דערנעבנדיקן שטעטל.

פונדעסטוועגן האָט עס לאַנג געדויערט ביז ר׳ לייבושל האָט געקענט אינגאַנצן איינשטילן דעם כּעס. ער האָט נאָך כסדר געפּאָכעט די דריבנע הענטלעך אין דער לופטן.

נאָכדעם ווי די גרושה מיטן קאָשיק איז שוין למזל אָנגעקומען, האָט שמואליק געטון אַ שאַרפן קנאַל מיט דער בייטש און הויך אויסגערופן:

— אַצינד, חסידימלעך טייערינקע, אַרויף אויף דער בויד! ווועלן מיר, הייסט עס, פאָרן!

די פיר סוסים האָבן טאַקע נישט אַרויסגעוויזן דאָס מינדסטע איי־לעניש. עס האָט גאָר נישט אויסגעקוקט, אַז זיי האָבן בדעה צו הייבן די פיס און אַוועקצופאָרן מיט דער בויד. אָבער, נאָכדעם ווי שמואליק האָט

געטון אַ קנאַל מיט דער בײטש, איז דאָס געאײלעניש פון די פּאַסאַזשירן געװען אין לשער. מען האָט זיך ממש געװאָרפן אויף דער בויד און הענ־דום־פּענדום אָנגעהויבן אַרײנצוקריכן אין אירע אינעװײניקײטן. שמואליק האָט געלאַכט און גערופן: צײט, צײט, ייִדעלעך! דורסט זיך נישט אײנער דעם אַנדערן, חסידימלעך טײערינקע! איך װעל װאַרטן ביזן סוף פון פּסוק און ביז דער לעצטער פּאַרשױנדל װעט מיר אַרײנקריכן אין בויד. די גרושה װעל איך מיר נעמען און זי אַרויפזעצן לעבן זיך אויפן באָק. שמואליק האָט טאַקע גערופן — עס האָט גאָר נישט געפּועלט. מען האָט זיך געיאָגט, געקראָכן אײנער איבערן אַנדערן. עס האָט נישט געפּועלט קײן געשרײען פון געליטענע נעבעך. זײ האָבן געיאָמערט אַז מען צוקװעטשט זײ די פּיס.

הערשעלע האָט בײ שײנדעלען גענומען די פּאַטשײלע מיט צידה־לדרך. נאָך אַמאָל האָט ער זי אָנגעקוקט און געזען װיפל װײבערישן חן זי האָט, קײן עין־הרע, אין דער נײער שלאָף־קופּקע. ער האָט זיך מיט איר גאָר באַהאַרצט געזעגנט און איז אַרויפגעקראָכן אויף דער בויד. דאָרט האָט ער זיך קוים אַרײנגעשטופּט ערגעץ אין אַ װינקל. די אַלטע ייִדענע, די גרושה, איז אויך קוים מיט צרות אַרויפגעקראָכן אויף דער בויד. שמואליק איז אַרויפגעקראָכן דער לעצטער.

ער האָט גענומען די צעריסענע לײצעס אין דער האַנט אַרײן, געטון אַ קנאַל מיט דער בײטש און געשריגן: „װיאָ!“

די פיר איפּכא־מיסתבראָניקעס האָט געטון אַ ציִ די בויד — און מען איז געפאָרן.

# קאַפּיטל זיבעצן

מען פאָרט. — הערשעלע שמועסט מיט אליהו־הנביא.

די בויד פול אָנגעפּאַקט מיט פאַרשוינען האָט זיך שווער געשלעפּט איבערן זאַמדיקן פּוילישן וועג. זי האָט געאָכצט און זיך געטרייסלט ווי אַ שיף אויף אַ שטורעם־ווינט, הגם אין די אינדרויסנס זענען איצט לגמרי נישט געווען קיין ווינטן. די פעלדער זענען געלעגן אין אַ מחיהדיקער וואַרעמקייט. שמואליק אויפן באָק האָט געוואלדעוועט צו די פיר סוסים און פון זיי געשונדן די הויט מיט זיין בייטש. די סוסימלעך זענען, זעט זיך אויס, געווינט געווען סיי צו שמואליקס געוואלדן און סיי צו זיין בייטש. זיי זענען פּאמעלעכל געקראָכן גלייך ווי מען מיינט עס גאָר נישט זיי.

מעזשיבעזשער חסידים האָבן פונדאָסניי גענומען צו גלעזלעך י״ש און אָנגעהויבן צו זינגען אַ פריילעך זמרל. דאָס טרייסלען פון דער בויד האָט אָבער אלעמען מיד געמאכט. פּאמעלעכל זענען אלע אנטשלאָפן געוואָרן. אויך הערשעלע איז אנטשלאָפן געוואָרן.

פלוצים דערפילט ער ווי מען שטאָרכעט אים לייכט ביי דער זייט.

ער טוט אַ מאך אויף די אויגן און וויל זען ווער עס שטאָרכעט אים. לעבן אים איז געזעסן אַן אלטער ייִד, אַן אָרעמאַן, אַ מדינה־גייער. דער ייִד האָט געטראָגן אַ וואלד־שטעקן אין דער האַנט און אַן אָרעמאַנסקע זעקל אויף די פּלייצעס. עס האָט נישט לאנג געדויערט און הערשעלע האָט באלד דערקאָנט אליהו־הנביאן.

— וווּהין, פאָרסטו? האָט אים אליהו הנביא געפרעגט.

— צום רבין ר׳ ברוכל קיין מעזשיבעזש — האָט הערשעלע געענטפערט.

— שוין, שייגעץ איינער? האלסט שוין ביים רבין ר׳ ברוכל? — האָט אים אליהו־הנביאָ געמוסרט — די וועלט איז געגליכן צו אַ הויכן, גאָר אַ

הויכן בארג. מען מוז זיך גוט אָנקלעטערן, ביז מען קומט אַרויף צום שפּיץ. מוזט זיך נאָך, ברודערקע, לאנג ארומשלעפּן אויפן עולם־הדמיון און טרייבן דאָרט אַלערליי קאַטאָוועסן. מוזט, ברודערקע, פריער פריילעך מאכן פּשוטע ייִדן איידער דו וועסט ברענגען שמחה צום צדיק. אַלצדינג, ברודערקע, מוז זיך לייטערן און אַלצדינג, ברודערקע, מוז זיך האָרעפּאַשנע שלעפּן באַרג־אַרויף. קוקט׳ם מיר אָן דעם סמאַרקאַטש! ער לויפט מיר שוין צום גרעסטן צדיק! קאַטאָוועס, ברודערקע, מיט דער וועלט און מיט פּראָסטע ייִדן! און קודם־כל טו מיר אָפּ דאָס אמתע שפּיצל, און טאַקע נישט קיין אַנדערע, נאָר די מעזשיבעזשער חסידים.

— שמעתי. איך האָב געהערט, ר׳ אליהו־הנביאָ! אז איר זאָגט, מן־הסתם ווייסט איר עס בעסער.

אליהו־הנביא איז תוך־כדי־דיבור נעלם געוואָרן.

# קאַפּיטל אכצן

עס פּלאַצט אַן אַקס און שמואליק שעלט אַסטראָפּאָליע. — ווי ווייט איז צו אַ קרעטשמע?

פּלוצים — טראַך! די בויד האָט זיך געטון אַ שטאַרקן טרייסל. אָט גייט זי און צעשיט זיך מיט אַלע אירע פאַרשווינען. דער רוב פון די פאָרערס האָט שוין געהאַט גוט איינגעדרימלט. מען האָט אין שרעק אויפגעריסן די אויגן.

אויפן באָק האָט זיך אין דעם בעל־עגלה שמואליק צעשפּילט דער גאַנצער כוהן. ער האָט געשריגן, געפלוכט און זיך געלאָזט ווילגיין מיט דער בייטש אויף די רוקנס פון אלע פיר איפּכאָ־מיסתבראָניקעס. וואָס האָבן די סוסימלעך נעבעך געקאָנט טון מיט אַן איינגעבויגענער בויד? זיי האָבן געפרייכט מיט די זייטן און געצויגן מיטן לעצטן חיות. די פיס האָבן זיך אונטער זיי ממש צוזאַמענגעבראָכן פונעם שטאַרקן ציעניש. ציהיינט, צי מאָרגן! אין קול ואין קשב! די בויד רירט זיך נישט פון אָרט. פאַרקערט, זי האָט זיך נאָך מער פאַרבויגן אויף אַ זייט.

אַ צעקאָכטער איז שמואליק אַראָפּגעקראָכן פון באָק און טאַקע מיט דער בייטש אין האַנט. ער האָט זיך מיטן קאָפּ אונטערגעבויגן אונטער די רעדער. פון אונטער די רעדער אַפער האָט מען געהערט זיינע קולות און זיינע קללות.

קודם־כל האָט ער געשאָלטן זיך אַליין. ניחיי וואָלט ער גענומען און בעסער אויסגערונען אין דער מאַמעס בויך איידער עס איז אים געקומען אויף דער מחשבה צו ווערן אַ בעל־עגלה און צו פאָרן מיט מעזשיבעזשער חסידים. שפּעטער האָט ער געשאָלטן די שטאָט אָסטראָפּאָליע. וועמען האָט ער, דער בעל־עגלהשער כוהן, נישט געשאָלטן? מען האָט מורא געהאַט אים עפּעס צו פרעגן. גיי און שפּיל זיך מיט שמואליקן ווען עס זידט אין

אים דער כוח־חדם! — סיי די מעזשיבעזשער חסידים אינעווייניק אין דער בויד און סיי די אַלטע ייִדענע, די גרושה אויפן באַק, האָבן געשוויגן ווי די וואנט און אַראָפּגעקוקט אונטן. זיי האָבן צוגעקוקט, ווי שמואליק ליגט מיטן קאָפּ אונטער די רעדער און בריקעט מיט די פיס.

פּאמעלעכל איז שטילער געוואָרן אונטער די רעדער און שמואליק האָט אָפּערגעצויגן דעם קאָפּ. דער כעס איז אים פּלוצים ווי פאַרגאַנגען און מען האָט זיך ענדלעך געטרויט צו פרעגן — וואָס עס איז געשען?

שמואליק האָט זיך געקראַצט מיט ביידע הענט אין קאָפּ:

— עס האָט אונדז, ברוך־השם, געלאָפּניעט אַן אַקסעלע — האָט ער מיט אַמאָל געזאָגט מיט אַ קול פון אַ לעמעלע — מיר מוזן מוחל זיין און שוין אַ ביסעלע אַראָפּקריכן פון דער בויד. הייבט־זשע די פיסעלעך, ייִדע־לעך טייערינקע און וויזט אז איר קאָנט זיין יורדים! — האָט זיך שמואליק צעזונגען מיט א ניגון פון שמחת־תורה.

— און ווען וועלן מיר פאָרן ווייטער? — האָט די גאנצע בויד געפרעגט בפה אחד.

— אין די גרויסע היצן פאר שבת־נחמו, און אפשר אין די גרויסע שנייען פאר שבת־הגדול, — האָט שמואליק געענטפערט און נאָך אמאָל באַקוקט די רעדער ווי א מבין.

הקיצור — ס'איז געווען בלית־ברירה. פּאַמעלעכל האָט מען זיך אַראָפּ־געשיט פון דער בויד. אינמיטן פעלד האָט עס פּלוצים אויסגעקוקט ווי, קיין עין־הרע, א שטעטל מיט ייִדן. שמואליק האָט זיך גענומען פּאָרען ביים צעבראָכענעם אקס.

דערווייל האָבן מעזשיבעזשער חסידים אָנגעהויבן צווישן זיך צו שמועסן.

— עוד היום גדול — האָבן זיי צווישן זיך גערעדט, — גיי ווייס ווען דער שמייסער־יונג וועט, למזל, פאַרריכטן דעם אקס און מיר וועלן פאָרן ווייטער?

— ווי ווייט איז צו א קרעטשמע, שמואליק? — האָט איינער א מע־זשיבעזשער חסיד מיט א שיינער שווארצער באָרד געפרעגט ביים בעל־עגלה.

— אַז מען נעמט די רגלים אין די הענט אַריין און מען גייט און מען גייט און מען גייט אַזוי גרויס ווי אַ קנאַפּע שעה צייט, קומט מען למזל אהין צו ר' זיידלען אין דער קרעטשמע. אַ ייִדענע האָט ער, ר' זיידל הייסט

עס, איז זי אַמאָל געווען אַ קעכנע ביי ר׳ פּינטען דעם גביר אין אָסטראָ־פּאָליע. קאָכן קאָכט זי אַקוראַט ווי אין גן־עדן — שמואליק האָט זיך אזש אַ קוש געטון אין די מיט דזשעגעכץ באַשמירטע פינגער — אז מען עסט אירע אַ וועטשערע אין אַ פּראָסטן מאָנטיק מיינט מען, אַז ר׳ פּינטע מאַכט חתונה און עס האלט שוין ביים מצווה־טענצל.

— ווייסט איר וואָס, ייִדן? — האָט זיך אָנגערופן דער מעזשיבעזשער חסיד מיט דער שיינער שווארצער באָרד — לאָז ר׳ יאָקל דעם בדחנס איידעמל לויפן צופוסנס אין דער קרעטשמע אַריין. זאָל ער פּאַר אונדז באַשטעלן אַ וואַרעמעס. נישקשה — אַ יונגער שנעק קאָן לויפן צופוסנס א קנאפּע שעה צייט, כדי משמח צו זיין חסידים, וואָס פּאָרן צום רבין קיין מעזשיבעזש.

— שמעתי — האָט הערשעלע אָנגערופן א בשמחהטער — אָט נעם איך מיינע רגלימלעך אין דער האַנט אַריין און אָט לויף איך צופוסנס אין דער קרעטשמע. וואָס קאָן טאַקע זיין א גרעסערע מצווה, ווי אַ וועטשערע פּאַר חסידים, וואָס פּאָרן צום רבין קיין מעזשיבעזש?



# קאַפּיטל ניינצן

ר׳ זיידל דער קרעטשמער און פראַדל־לאה די קרעטשמערקע.

ירץ — הערשעלע האָט פאַרשפּרייט די פּאָלעס און גענומען לויפן צו־פוסנס אויפן זאַמדיקן פוילישן וועג, ווהין שמואליק דער בעל־עגלה האָט אים געוויזן מיט דער בייטש.

— גריס דאָרט גאָר פריינטלעך ר׳ זיידלען און פראַדל־לאהן, — האָט שמואליק אים נאָכגעשריגן.

הערשעלע איז געלאָפן. באַלד האָט ער פארלוירן פון די אויגן די צעבראָכענע בויד און דאָס הייפל חסידים אויפן פעלד. ער איז געלאָפן אַליין. ער איז געלאָפן ווי איינער פון שלמה המלכס אינדן אין שיר־השירים. אין דער נאָז האָבן אים אַריינגעשמעקט די ריחות פון די פעלדער און די אויערן זענען אים פול געווען מיט ווארעמען זומערדיקן ווינט.

באַלד האָט ער געזען פונדערווייטנס עפּעס א מפולת מיט א שטרויי־ענעם דאַך.

— מן־הסתם איז עס ר׳ זיידלס קרעטשמע, — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט און אָנגעהויבן נאָך האָפּערדיקער צו לויפן.

כך־הוה. פאַר דער קרעטשמע איז געווען א ברונעם. אַרום דעם ברו־נעם זענען געשטאַנען עטלעכע אויסגעשפּאַנטע פויערישע פורלעך. די פערד־לעך האָבן געשטשיפּעט היי און מיט די ווידלען זיך אָפּגעיאָגט פון פליגן. הינער האָבן זיך ארומגעדרייט ווי עובר־בטלניצעס און געקוואָקעט אין דער וועלט אַריין.

ביים קראָם־טיש איז ר׳ זיידל דער קרעטשמער געשטאַנען אין שפּאַנ־צער און הויזן און געגאָסן בראָנפן פאַר עטלעכע גויים. ר׳ זיידל איז געווען אַ ייִד מיט אַ שיינעם בויך, מיט פעטע שוואַרץ־באַהאָרטע הענט און מיט א ברייט שווארץ בערדל אויפן פנים.

— פראדל־לאה איז דאָ? — האָט הערשעלע געפרעגט מיט גרויס ירגזון און זיך אַרומגעקוקט. עס האָט עפּעס ווי אויסגעזען גלייך ער באמערקט גאָר נישט דעם סאמע קרעטשמער, ר׳ זיידלען הייסט עס.

— מה רעש? וואָס איז דאָס געפילדער, סמארקאטש? — האָט ר׳ זיידל געפרעגט און זיך מיט צוויי פינגער אָפּגעווישט די נאָז. אין דער אַנדערער האנט האָט ער געהאלטן אַן אָקערשט אָנגעגאָסן גלעזל בראָנפן — צו וואָס טויג דיר פראדל־לאה?

— פראדל־לאה! מען זוכט דיך!

אויף דער שוועל האָט זיך באוויזן א קורצע קיילעכדיקע ייִדענע, אַ ייִדענע מיט קליינע פארלאָפּענע אייגעלעך. אַ רויטע שלאָף־קופּקע איז איר געווען אַרויפגערוקט איבערן שמאָלן אַרויסגעזעצטן שטערן. זי האָט גע־האלטן א קאָכלעפל אין דער האנט.

— מה רעש? וואָס איז דאָס געפילדער, סמארקאטש? האָט זי אַ הייזע־ריקע געפרעגט מיט די אייגענע ווערטער וואָס איר מאן ר׳ זיידל.

— פראַדל־לאהשי, — האָט הערשעלע געזאָגט מיט גרויס האָפערדי־קייט — שמואליק דער בעל־עגלה פאָרט דאָ אהער מיט א בויד פארשוי־נען. איינס ביי איינס זענען עס ייִדן גבירים־אדירים, אָנגעשטאָפּט מיט געלט ווי די זעק, און זיי פאָרן, למזל, אויף א חתונה. זיי ווילן ביי אייך עסן וואַרעמעס. ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן, בין איך ביי זיי אַ משרתל און זיי האָבן מיך אַהער געשיקט הענדום־פּענדום צופוסנס. איז זשע, פראַדל־לאהשי, באלאמוטשעט נישט און גרייט צו ביד רחבה מיטן גרויסן קנאַק, פיש און פלייש און געבראָטנס און ברבורים־אבוסים, אַ חוץ דאָס זיסע צימעס און די פעטע לאָקשן, און טאַקע אויך דאָס ריכטיקע גלעזעלע משקה. מיינע ייִדן האָבן האָלט די אכילה און ווען עס קומט צו דער שיסל פרעגן זיי נישט וואָס עס קאָסט, א סך צי א ביסל. דער בייטל איז ביי זיי נישט קיין עיקר און ער פרעגט נישט מה יקר? געלט ביי מיינע ייִדן איז ווי די בלאָטע ביי אייך אין קרעטשמע. — וואָס וועל איך דאָ מיט אייך טענהן, פראדל־לאה? גייט מיטן רעכטן פוס און נעמט זיך שוין צו דער חתונה.

דער קרעטשמער ר׳ זיידל האָט אויפגעהערט צו גיסן בראָנפן. מאן און ווייב האָבן ביידע געקוקט אויף הערשעלען מיט גרויס דרך־ארץ. פראדל־לאה האָט געשמייכלט און זיך געקראַצט מיטן קאָכלעפל איבער דער רויטער שלאָף־קופּקע.

— א בעלנות פון גבירים־אדירים — האָט פראַדל־לאה געשמייכלט — אָט פאָרט מען אויף א חתונה און אָט וויל מען שוין פאר דער חתונה האָבן די חתונה.

— מען פאָרט טאַקע אויף א חתונה, — האָט הערשעלע געזאָגט — נאָר אויף דעם וועג צו דער חתונה האָבן זיי אויך געהאט א שיינע חתונה. איר ווייסט דאָך, אז די אינדרויסנס זענען מלא נסים. מאָלט אייך אויס, עט־לעכע תחום נאָך אָסטראָפּאָליע, — שמואליקס בויד פליט ווי א וויכער און די גבירישע מחותנים זיצן אינעווייניק און האלטן ביים כאפן א דרעמל. פלוצים — סטאָפּ! א מחנה מיט גזלנים זענען באפאלן די בויד. אפשר הונ־דערט גזלנים. איך האָב זיי אקוראַט נישט געקאָנט איבערציילן. זיי האָבן אלע געהאלטן אין די הענט שארפע שוחטישע חלפים און קצבישע העק און געשריגן צו די גבירים: קודם־כל גיט אהער אייער פּויטיקע און נאָכדעם וועלן מיר אייך, בלי־נדר, אויסקוילעלענען ביז איינעם. צעקה הנערה — די גבירים האָבן געמאכט דאָס גרויסע געוואלד — נאָר גיי און שריי אינמיטן פוסטע פעלדער! דאָס נס איז געווען, וואָס שמואליק דער בעל־עגלה איז אַראָפּגעקראָכן פון באָק און די גזלנים פארטריבן מיט דער בייטש. שבת, בלי־נדר, וועט די גאנצע בויד מיט גבירים בענטשן גומל. נו, לכבוד דעם גרויסן נס, וואָס מיט דער הילף פון שמואליקס בייטש איז מען ניצול גע־וואָרן פון הונדערט רוצחים, מעג מען מאכן א סעודה? דאָס איז ראשית חכמה. שנית: איר, פראדל־לאהשי, זיצט דאָ אין א פוסטע קרעטשמע אויפן מיטן פון א פוילישן וועג און ווייסט גאָר נישט, אז אלע תפוצות ישראל קלינגען מיט אייך.

— וואָס איז? — האָט ר׳ זיידל אהער געפרעגט פון קראָם־טיש — מיין פראדל־לאה איז א חגאָ, וואָס עס קלינגט מיט איר די וועלט?

— איר רעדט, זאָלט איר מיר מוחל זיין, ר׳ זיידלשי, ווי א פּראָסטער דאָרפס־אַרענדאר — האָט אים הערשעלע געמוסרט — וואָס טייטשט — אַ יידענע איז א חגאָ? אויב מען קלינגט מיט פראדל־לאהן איז עס דערפאר, מחמת זי ווייסט, ווי מען קאָכט פאר גבירים־אַדירים. ווייניק האָט זי זיך אָנגעקאָכט ביי ר׳ פּינטען אין אָסטראָפּאָליע? זי האָט אין ר׳ פּינטעס טעפּל גוט ארייגעטאָן דאָס קעפּל.

פראדל־לאה האָט צופרידן געשמייכלט. זי האָט הערשעלען געדראָעט מיטן קאָכלעפל:

— ביסט שוין איינמאָל א קאטאָוועסניק. אז גבירים האָבן זייער אייגנס

אזא משרתל, האָבן זיי טאַקע וואָס זיך איינצורעדן און זיי מעגן פּונדאָסניי מאכן די גרויסע סעודה ביי מיר אין קרעטשמע. נו, אומר־ועושה — מיר וועלן זיך שטעלן קאָכן.

—אָבער אקוראט אזוי ווי איר האָט געקאָכט ביי ר׳ פינטען אין אָסטראָ־פּאָליע, האָט הערשעלע איר נאָכגעשריגן.

— ביסט שוין איינמאָל א קאטאָוועסניק! האָט פראדל־לאה געלאכט און זיך געקראצט מיטן קאָכלעפל אין איר רויטער שלאָף־קופּקע.



## קאַפּיטל צוואַנציק

ביי ר׳ זיידלען אין קרעטשמע ווערט אַ רעש און עס זעצט אַ רויך פון קוימען.

ביי ר׳ זיידלען אין קרעטשמע איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ רעש ווי עס וואָלט געווען געברענט. עפּעס ווי אין דער מינוט האָט פראדל־לאה באַוויזן, אַז אַ קעכנע ביי ר׳ פּינטען אין אָסטראָפּאָליע האָט טאקע גילדענע הענט. עס האָבן זיך שוין געקאָכט טעפּ מיט פיש און מיט פלייש מיט יויך און מיט צימעס. הערשעלע האָט אונטערגעיאָגט און אַליין צוגעהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. ער איז געווען זיכער ווי דער טאָג, אַז די מעשה מיט דער צעבראָכענער בויד איז אליהו־הנביאס אַ שטיקל. מן־הסתם וועט ער, אליהו הנביא, אויפהאלטן די מעזשיבעזשער חסידים אויפן פעלד אַזוי לאַנג ביז אין דער קרעטשמע וועט פאַרטיק ווערן די גרויסע סעודה. אָבער פונדעסטוועגן — איילן מוז מען זיך. פראַדל־לאה האָט גע־שוויצט ווי אַ ביבער. דער קוימען איבער דעם שטרויענעם דאַך פון דער קרעטשמע האָט אָנגעהויבן צו זעצן מיט רויך, אַז מען האָט עס געזען אַ תחום־שבת פון דערווייטנס.

און איר ר׳ זיידל — האָט הערשעלע געקאָמאנדעוועט — וואָס וועט איר שטיין הינטערן קראָם־טיש און שמועסן מיט ערלים? איר זעט דאָך, אַז עס ברענט. באַלאַמוטשעט נישט, ר׳ זיידל, און לאָמיר צוזאַמענרוקן די טישן. נעמט אַרויס, זייט מוחל, אלע פסחדיקע ווייסע טישטעכער. אַזעל־כע גבירים־אדירים, ווי עס קומען צו פאָרן צו אייך אין דער קרעטשמע, האָט איר נאָך נישט געזען אפילו אין חלום. איר וועט קריגן אַ שם אין אלע תפוצות ישראל. פון אומעטום וועלן יידן קומען צו אייך אָפּעסן און זען, וואָסערע מטעמים אייער פראדל־לאה האָט זיך אויסגעלערנט קאָכן ביי ר׳ פּינטען אין אָסטראָפּאָליע. אין איין וועגס נעמט טאקע אַרויס אלע

אייערע שבת־לייכטער און צינדט אָן ליכט כיד־המלך. ווען גבירים־אַדירים עסן, ווילן זיי, אַז עס זאָל זיין ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך.

האָט ר׳ זיידל געזען, אַז הערשעלע איז טאַקע גערעכט און אַז ער קאָן זיך טאַקע קויפן אַ שם־טוב צווישן ייִדן אין די תפוצות — האָט ער איבערגעלאָזט די ערלים ביים זשלאָקען בראָנפן און ער האָט זיך מיט דער גאנצער פּאַרע גענומען צוזאַמענרוקן די טישן. אומר ועושה — האָט עס ביי ר׳ זיידלען אין קרעטשמע אויסגעקוקט ווי אויף אַ גבירישער חתונה. די טישן זענען געווען אויסגעלייגט מיט אַלע טישטעכער, וואָס ר׳ זיידל האָט פאַרמאָגט. ווו עס איז נאָר געווען אַ שבת־לייכטערל, האָט מען דערין אַריינגעשטעקט אַ ליכטל און עס אָנגעצונדן. ר׳ זיידלס קרעטשמע האָט טאַקע אויסגעקוקט ווי אַ קרעטשמע אין די צייטן פון שלמה המלך עליו השלום.

און אַצינד וועל איך אָקעגנלויפן מיינע גבירים־אַדירים — האָט הערשעלע געזאָגט — דאָס מזל האָט ביי אייך אָנגעצונדן אַ קנויטל. בייט אייך אַ בייטל, ר׳ זיידל! וואָס איז שייך ביי זיי געלט? בלאָטע! און נאָך דערצו, ווען זיי זענען ניצול געוואָרן פון הונדערט גזלנים ווי די בערן, און האַלטן ביי גומל־בענטשן.

הערשעלע איז אַרויסגעלאָפן פון דער קרעטשמע. ער איז זיכער געווען: איצט האָט שוין אליהו־הנביא געמאַכט אַזוי, אַז שמואליק זאָל וואָס גיכער פאַרריכטן דעם צעבראָכענעם אַקס, און מעזשיבעזשער חסידים פאָרן אַהער נעבעך שטאַרק אויסגעהונגערטע.

# קאַפּיטל איין און צוואַנציק

הונדערט גזלנים באַפֿאַלן ר׳ זיידלס קרעטשמע און ער מאַכט
אַ סעודת־הודאה.

**ווען** הערשעלע איז נאָר געהאַט אַ ביסעלע אָפּגעלאָפֿן אויפֿן זאַמדיקן פּוי־לישן וועג, האָט ער שוין געזען פֿונדערווייטנס ווי עס קריכן שמואליקס פֿיר איפּכא־מיסתבראַניקעס און שלעפּן די בויד מיט מעזשיבעזשער חסי־דים. ער איז אַקעגנגעלאָפֿן און געמאַכט מיט די הענט. באַלד האָט ער דערזען, אַז שמואליק דער בעל־עגלה זיצט אויפֿן באָק, געוואַלדעוועט „וויאָ״! און לאָזט זיך וווילגיין מיט דער בייטש איבער די רוקנס פֿון זיינע סוסימלעך.

שמואליק האָט אָנגעצויגן די לייצעס, אָפּגעשטעלט די בויד און גע־וויזן מיט דער בייטש אין דער ווייטעניש.

— נו, קונדאַס? — האָט ער אַ פֿריילעכער אַראָפּגעשריגן צו הערשע־לען — וואָס מאַכט דאָרט אין קרעטשמע ר׳ זיידל און פֿראַדל־לאה?

— פֿון דער בויד האָבן זיך אַרויסגעשטעקט די קעפּ פֿון די מעזשיבע־זשער חסידים.

— נו, — האָבן אַלע געפֿרעגט בפּה אחד. משמעות, זיי זענען געווען גוט הונגעריק — האָסט באַשטעלט וואַרעמס אין דער קרעטשמע?

הערשעלע איז דערווייל נישט אַרויפֿגעקראָכן אויף דער בויד. ער האָט אַרויפֿגעשריגן צו די חסידים:

— איר האָט שוין איין מאָל הצלחה — האָט ער געשריגן — פּונקט נעכטן, חצות־הלילה, זענען הונדערט גזלנים באַפֿאַלן די קרעטשמע. זיי האָבן אַלע געהאַט אין די הענט חלפֿים און קצבישע העק. ר׳ זיידל האָט אָקערשט געהאַט אָפּגעזאָגט „המפּיל״. הערט ער ווי מען קלאַפּט אין די פֿענצטער און מען שרייט: עפֿנט, עפֿנט, ר׳ זיידל סערדצע! עס קלאַפּן קיי־

לעכיקע הונדערט גזלנים און זיי ווילן, אז איר, ר׳ זיידלשי, זאָלט, למען השם, מוחל זיין און אונדז אַרויסברענגען דאָס היינטיקע לייזעכץ. נאָך דעם ווען מיר אַריינקומען אין קרעטשמע און אַוועקקוילענען אייך, צוזאַמען מיט אייער פראַדל־לאה שתחיה. זאָגט שוין באַצייטנס ווידוי. אָבער באַלאַמוטשעט נישט, מחמת עס ברענען אויף אונדז די האָר און יעדע רגע איז ביי אונדז טייער.

אינמיטן דעם „המפיל״ האָט ר׳ זיידל גענומען אַ גרויסע בייטש און איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן אין דער פינצטערער נאַכט אַריין און האָט אָנגעהויבן צו שמייסן איבער די קעפּ. די גזלנים האָבן געמאַכט אַ ביטער געוואַלט און זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. דערפאַר אַ גאַנצן טאָג צוּמאָרגנס מאַכן ר׳ זיידל מיט זיין ווייב אַ סעודת־הודאה. די קרעטשמע איז אָנגעשטעלט מיט טישן פון כל־טוב. כל דיכפין ייתי וייכל! ר׳ זיידל טיילט מעדנים — און אַלצדינג בחינם, און אָן אַ פּרוטה געלט. ווער עס קומט נאָר היינט אַריין אין קרעטשמע עסט און טרינקט און לאָזט זיך וווילגיין ווי שלמה המלך בשעתו.

— אויב אַזוי — האָט די גאַנצע בויד מיט הונגעריקע חסידים בשמחה רבה און בפה אחד געשריגן צו שמואליקן דעם בעל־עגלה — איז טרייבזשע אונטער דיינע סוסימלעך!

שמואליק האָט פונדאַסניי געוואַלדעוועט „וויאָ״! און געפּאָכעט מיט דער בייטש איבער די רוקנס פון זיינע פיר פערדלעך.

צי האָבן זיך די פיר איפּכאָ־מיסתבראניקעס טאַקע אַזוי הענדום־פּענדום צוגעאיילט צו ר׳ זיידלס סעודת־הודאה? דאָס האָב איך נישט גע־קענט אויסגעפינען אין קיין שום מעשה־ביכל.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

מען עסט און מען טרינקט און מען לאָזט זיך ווילגיין. — דאָס פייגעלע פליט אַרויס פון קוימען און חסידים מוז נעבעך איבער־לאָזן משכנות.

באַלד ווי די בויד איז נאָר צוגעפאָרן צו ר׳ זיידלס קרעטשמע האָבן אַלע מעזשיבעזשער חסידים געזען, אַז דברי הערשעלע זענען אמת ויציב. פּונקט אויף דער האָר. פאַר דער טיר האָבן זיי אָפּגעוואַרט דער סאַמע קרעטשמער ר׳ זיידל און זיין ווייב פראַדל־לאה. ר׳ זיידל איז גע־גאַנגען אָנגעטון אין אַ שבתדיקע זשופּיצע און אין א הויכער סאמעטענער יארמלקע. פראדל־לאה — אין איר רויטער שלאָף־קופּקע איז געשטאַנען און געהאלטן אַ קאָכלעפל אין דער האַנט.

ר׳ זיידל האָט געשמייכלט ווי אַן אמתער מחותן. ער האָט אַ געשריי געטון צו דער גאַנצער בויד מיט חסידים:

— שלום עליכם, ייִדן! דאָס הייסט שוין איינמאָל טייערע געסט!

די בויד מיט מעזשיבעזשער חסידים איז געווען גאָר אינגאַנצן פּריטש־מעליעט פון אַזאַ שיינעם ברוך־הבא און מחמת דערימאַך האָבן זיי בלויז צוריק געבעבעט „עליכם שלום" און „מהיכי תיתי". אויב אַזוי — זענען ר׳ זיידל עם זוגתו פראַדל־לאה געווען זיכער ווי דער טאָג, אַז צו זיי אין קרעטשמע זענען עפּעס אָנגעפאָרן אַדירים, סאַמע קרחס. עס איז דאָך אַ דבר ידוע: גרויסע גבירים ענטפערן קאָלט אויף אַ שלום־עליכם פון אַ פּראָסטן קרעטשמער.

ר׳ זיידל מיט פראַדל־לאהן האָבן זיך איבערגעוווּנקען, ווי זיי וואָלטן צו זיך געזאָגט: ביי אָט די ייִדן איז טאַקע געלט בלאָטע. עס שטייט זיי גאָרנישט אָן צו רעדן מיט אַ ליאַדע קרעטשמער. נאָר נישקשה. מירן שוין איינמאָל צושטעלן אַ געזאלצענעם חשבון און שוין איינמאָל אָפּלעקן אַביינדל.

בינו־לבינו זענען די מעזשיבעזשער חסידים אַראָפּגעקראָכן פון דער בויד. ר׳ זיידל מיט פראַדל־לאהן האָבן זיך געבוקט אין דרייען ווי פּאַר גרויסע פּריצים און מיט די הענט געוויזן אויף דער טיר.

די חסידים זענען אַריינגעקומען אינעווייניק אין קרעטשמע. עס איז זיי ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן. ווי אויף אַ גבירישער חתונה זענען דאָ געשטאַנען ווייס־באַדעקטע טישן, פול מיט כל־טוב. אין שבתדיקע לייכטער האָבן ליכט געפלאַקערט מיט גרויס האָפערדיקייט.

אַ ידישע קישקע איז גאָרנישט אָפּצושאַצן — האָבן די מעזשיבע־זשער חסידים ביי זיך געטראַכט — אַפילו ווען אַ פראָסטן קרעטשמער טרעפט אַ נס און ער ווערט ניצול פון גזלנים, ווייסט ער אויך ווי אַזוי צו מאכן אַ סעודת־הודאה און ווי אַזוי — און טאקע חינם אין כסף — אָן אַ פּרוטה געלט מכבד צו זיין פרעמדע הונגעריקע יידן!

— וואָשט זיך, וואשט זיך, האָט ר׳ זיידל צוגעאיילט און אַרומגעטראָגן אַ קופּערנע שעפ, אַ שיסל און אַן עמער וואָסער.

הונגעריק זענען די מעזשיבעזשער חסידים נעבעך געווען, האָבן זיי טאקע זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן, זיך געוואַשן און אַוועקגעזעצט עסן.

ר׳ זיידל דער בעל הקרעטשמע, אין דער שבתדיקער זשופּיצע און אין דער הויכער סאַמעטענער יאַרמלקע, האָט געהאַלטן אַ האַנטעך אין דער האַנט און נישט געוווּסט וואָס צו טון פון גרויס הכנעה. ער איז געלאָפן פון איין מעזשיבעזשער חסיד צום אנדערן און געבעטן, אז מען זאָל אים טון די גרויסע טובה און עסן. די חסידים האָבן טאקע, קיין עין־הרע, גע־געסן מיט אַ סך אַפּעטיט. פראַדל־לאה איז אַלע מאָל געקומען אַריינצו־לויפן פון דער קיך און מיט אַן אונטערטעניק געלעכטערל געפרעגט: צי דאָס עסן שמעקט און צי מען וויל נאָך? זי האָט זיך כסדר איבערגעווונ־קען מיט ר׳ זיידלען, ווי איינער זאָגט: מען מעג זיך, נישקשה, גייען אַ בייטל. זעט אויס, אַז די גבירים־אדירים קוועלן אָן פון אירע מאכלים. ר׳ זיידל האָט באַלד געפרעגט: וואָס ווילט איר טרינקען, טייערע געסט? איך האָב אַ גוטן פּוילישן מעד, אַ שופרא שבשופרא, ער איז אַ זקן מופלג און טראָגט אויף זיך אַ שייך פּעקל מיט יאָרן. ער איז אַ משותלח צווישן די מעדן. אפשר ווילט איר גאָר אַ גוט גלעזעלע אונגער־וויין? ער איז אויך אַ ישן־נושן און איז כשר למהדרין מן המהדרין. איך האָב אים שטיין אין קעלער אונטער דער קרעטשמע.

— מילא. באין ברירא זאָל זיין אי מעד אי וויין — האָבן די בגילופנ־דיקע חסידים געפּסקנט בפה אחד.

נאָך דעם האָט מען געזונגען דעם קנאַקנדיקן „שיר־המעלות" און געבענטשט מיט מנין און אויף אַ כוס.

נאָכן בענטשן איז שמואליק דער בעל־עגלה אַריינגעקומען מיט דער בייטש. ער האָט אָנגעקוקט די פריילעכע חסידים און אַ געשריי געטון:

— נו! הייסט עס, מיר וועלן פאָרן ווייטער.

מחמת דער גרויסער שמחה האָט קיינער נישט באַמערקט ווי בעת שמואליק האָט א זאָג געטון „פאָרן!" האָט זיך הערשעלע דערווייל פאַמע־לעכל אַרויסגעשאַרט פון דער קרעטשמע־שטוב.

זאַטע און פריילעכע האָבן זיך די מעזשיבעזשער חסידים אויפגע־שטעלט פון טיש. עס איז געקומען די צייט זיך צו געזעגענען מיט די ברייטהאַרציקע מכניסי־אורח. מען האָט ר' זיידלען מיט זיין וויב פראַדל־לאהן געווינטשעוועט, אַז פון היינט אָן זאָלן זיי באַהיט און באשירעמט ווערן פון גזלנים און אַנדערע שלעק און אז זיי זאָלן האָבן נחת און פרייד און פרנסה בריוח.

ר' זיידל האָט זיך איבערגעקוקט מיט פראַדל־לאהן. זיי האָבן עפּעס נישט געקאָנט ריכטיק צעקייען, וואָס די הונדערט גזלנים, וועלכע זענען באַפאַלן די גבירישע בויד, האָבן צו טון מיט דער קרעטשמע? ר' זיידל האָט שוין געהאלטן דערביי צו ווייזן פראַדל־לאהן מיט אַ פינגער אויפן שטערן, היינו: די גבירים האָבן אַ פּנים איבערגעכאַפּט די כוסה און מחמת־דערימאַך פלאָנטערן זיי זיך אין די יוצרות. זיי האָבן אָבער געוואַרט, אַז די אַדירים זאָלן אַרויסנעמען די פולע בייטלען און אָנהייבן צו שיטן קערבלעך. אין קול ואין עונה. די גבירישע קעשענעס שווייגן און די גרויסע געסט האלטן שוין ביים אַרויסגיין פון דער טיר.

באין ברירה האָט פראַדל־לאה געוויזן ר' זיידלען מיט די פינגער, דאָס הייסט, זי האָט אים געזאָגט אויף שטום־לשון, אַז מחמת דערימאַך, וואָס די גבירישע יידן האָבן איבערגעכאַפּט די כוסה זענען זיי אַ קאַ־פּעטשקע נישט ביי דער קלעפּקע. אפשר דוכט זיך זיי אויס, אַז זיי האָבן שוין באַצאָלט דעם חשבון?

ר' זיידל האָט זיך צום סוף פאָרט געמאַכט האַרץ. מיט גרויס הכנעה איז ער צוגעגאַנגען צו די פרעמדע אַדירים:

— איר וועט מוחל זיין — האָט ער געבעבעט — מן־הסתם האָט איר

פֿאַרגעסן דעם חשבון. עס ליגן אייך נישט אין קאָפּ, מישטיינס געזאָגט, אַזעלכע גראָשנס. סך־הכל נישט מער ווי בידנע פּופּציק שמאַראָוואַנצעס, קערבלעך, הייסט עס.

עס האָט אָפּנים אויסגעקוקט, אַז פֿון די קעפּ פֿון די מעזשיבעזשער חסידים זענען באותו הרגע אַרויסגעפֿלויגן די גלעזלעך ישן־נושן. זיי האָבן ר׳ זיידלען אָנגעקוקט ווי אַ פּאָלנעם משוגענעם.

— וואָס בעבעט איר, ר׳ ייִד? — האָבן זיי אַלע געזאָגט בפּה־אחד — מען ווערט ניצול פֿון גזלנים און מען מאַכט אַ סעודת־הודאה פֿאַר אור־חים, — איז זשע ווי קומען אַהער פּופּציק קערבלעך? מן־הסתם ווילט איר זיך פּרעגן, ווען איר באַדאַרפֿט בענטשן גומל?

ר׳ זיידלען האָט עס געגעבן ווי אַ קלאַפּ אין קאָפּ אַריין.

— וואָסערע גזלנים? — האָט ער זיך געפֿרעגט — די גזלנים זענען דאָך גאָר אייך באַפֿאַלן, געוואָלט ביי אייך צונעמען די געלטער, און דער־נאָך, פֿאַר קיין שום ייִד געדאַכט, אויסקוילענען ווי די הינער!

פֿראַדל־לאה איז די ערשטע געפֿאַלן דערויף, אַז דאָ איז דער פּסוק עפּעס נישט מיט אַלעמען. אפשר איז עס לא דובים ולא יער און די ייִדן זענען גאָר נישט קיין אדירים? מיט אַמאָל איז זי ביי זיך געוואָרן שאַרף און אויפֿגעהויבן צו די פֿרעמדע אורחים דעם קאָכלעפֿל.

— מיר זענען נאָר פּראָסטע אַרענדאַרן — האָט זי געזאָגט מיט אַ בייז הייזעריק קולכל — און מיר קענען זיך נישט אויף קיין שטאָטישע קונצן. גיט אַהער די פּופּציק קערבלעך און פֿאָרט זיך לחיים ושלום און האָט מיר אַ גוטן שליטוועגס, מיט גזלנים צי אָן גזלנים.

האָבן געבעך די מעזשיבעזשער חסידים געזען, אַז מען האָט זיי אַריינ־גענאַרט אין אַ פּעטן זאַק אַריין און איצט הייסט מען זיי באַצאָלן אַ מטמון — האָבן זיי אַלע בפּה אחד אַ געשריי געטון:

— הערשל!

שריי „הערשל“ פֿון היינט ביז מאָרגן — דאָס פֿייגעלע איז אַרויסגע־פֿלויגן דורכן קוימען.

דערווייל איז ר׳ זיידל אויך געוואָרן גראָבלעך.

— אויב איר האָט זיך געוואָלט פֿריילעך מאַכן איבער אַ קרעטשמער — האָט ער געזאָגט — איז אדרבא ואדרבא. אָבער היינטיקע אַרענדאַרן זענען נישט די אייגענע וואָס פֿאַרצייטנס. מעגן זיי טאַקע וווינען אין די אינדרויסנס צווישן גויִים, פֿאָרט ווייסן זיי אויך וואָס רש״י מאַכט.

י. י. טרונק

די מעזשיבעזשער חסידים האָבן געשריגן: הערשל!

— וואָס טויג אונדז הערשל? — האָבן בפה אחד געזאָגט ר׳ זיידל און פראַדל־לאה — מיר באַדאַרפן נישט אייערע ציגעלעך און אייערע הער־שעלעך. באַצאָלט וואָס עס קומט און פאָרט לחיים טובים ולשלום און האָט זיך אַ גוטן יאַר־מאַרק.

שמואליק דער בעל־עגלה האָט געוויזן מיט דער בייטש אויף דער טיר און האָט געזאָגט:

— מיר פאָרן צי נישט? אָט טו איך אַ שמייס מיינע פערדלעך און פאָר מיר גאָר אַליין צוריק קיין אָסטראָפּאָליע.

בקיצור — וואָס וועלן מיר מאריך זיין? קיין גרויסע גבירים זענען דאָך די מעזשיבעזשער חסידים נישט געווען — האָבן זיי זיך נעבעך אַלע בפה אחד אָנגעהויבן אַרומצוזוכן אין די קעשענעס. דאָס לעצטע ביסל הוצאות, וואָס זיי האָבן במשך אַ סך חדשים צונויפגעקליבן, כדי צו קאָנען זיין עטלעכע וואָכן ביים רבין אין מעזשיבעזש, — האָבן זיי געמוזט ארויס־לייגן אויפן טיש. עס האָט נישט געקלעקט. אַ גאַנצע בויד מיט חסידים האָבן צוזאַמען נישט פאַרמאָגט דעם מטמון פון די פופציק קערבלעך, וואָס מען דאַרף צו באַצאָלן דעם קרעטשמער. מען האָט נאָכאַמאָל איבערגעדרייט די קעשענעס מיטן פיטום אַרויף — אולי ירחם — אפשר האָט זיך דאָרט ערגעץ באַהאַלטן א גראָשן? אין קול ואין עונה!

ר׳ זיידל און פראַדל־לאה האָבן דערזען, וואָסערע אַדירים, מישטיינס געזאָגט, זיי האָבן געגעבן צו עסן און פאָר וועמען — ווידער מישטיינס געזאָגט — זי, פראדל־לאה, האָט געוויזן ווי אַזוי מען עסט אויף חתונות ביי ר׳ פינטען דעם גביר. דאָס פאָרפאָלק איז שוין געוואָרן גאָר גראָב.

— ווען מען איז פשוטע שנאָרערס — האָבן זיי געשריגן צוזאַמען — האָט מען נישט קיין איידעלע קישקעלעך. באַצאָלט ביז אַ גראָשן!

— בקיצור, מען האָט אָנגעהויבן אַרויסצונעמען זייגערלעך און גע־געבן משכנות. קוים, קוים וואָס ר׳ זיידל האָט געלאָזט פאָרן ווייטער.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

מיט דער שמחה פון לעתיד־לבוא פאָרט די בויד מיט חסידים אַריין קיין מעזשיבעזש.

אַ גאַנצן וועג קיין מעזשיבעזש זענען די חסידים געפאָרן הונגעריקע און אָן אַ פּרוטה געלט. ר׳ לייבושל, דער מאה־שנימדיקער מורה־הוראה, האָט דערציילט מעשיות פון בעל־שם־טוב כדי אויפצוהייטערן דעם עולם און אַוועקצויאָגן די שאָטנס פון עצבות. בשעת ר׳ לייבושל האָט דערציילט פון בעל־שם־טוב און פון זיין שמייסער אַלעקסיי, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען איז צוריק בשמחה. דאָס עצבות האָט זיך אָפּגעטון פון די פּנימער.

אָבער דער וועג איז געווען אַ לאַנגער. די בויד האָט זיך געשלעפּט פּאַמעלעכל און מען איז כסדר געווען הונגעריק.

פון דערווייטנס האָבן זיך ענדלעך אָנגעהויבן צו באַווייזן די שטיבע־לעך פון מעזשיבעזש. ר׳ לייבושל האָט געזען, אַז די בויד איז ווידער פול מיט עצבות — איז ער, ר׳ לייבושל, אַ שפּרונג־אויף געגעבן ווי אַ יונגערמאַנטשיקל און אַ געשריי געטון אינמיטן דער בויד:

— ס׳הייסט מען פאָרט אַריין צום רבין מיט אַראָפּגעלאָזטע בעזער?

תוך כדי דיבור האָט זיך די גאַנצע בויד פאַרוואַנדלט אין איין גרויסן פריילעכן חסידישן זמר. די ייִדן האָבן געוואָלט אָנהויבן צו טאַנצן. אַ פריילעכע און אַ צעזינגענע איז די בויד מיט הונגעריקע חסידים פאַר־פאָרן פאַרן בית־המדרשל פון רבין ר׳ ברוכל.

אַלטע חסידים האָבן שפּעטער דערציילט: אַזאַ חסידישע שמחה האָט מען נאָך קיינמאָל נישט געהאַט געזען, נישט פריִער און נישט שפּעטער. זיי האָבן צוגעגעבן: יענע שמחה האָט געשמעקט מיט דער ייִדישער פריי־לעכקייט פון משיחן לעתיד לבוא.

# קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

ר׳ הערשקע דער אַרענדאַר וווינט אין אַ פּוסטער קרעטשמע
און בענקט נאָך ייִדן.

ר׳ הערשקע דער אַרענדאַר איז נאָך געווען אַן איבערבלייבעניש פון די פּאַרצייטישע ישובניקעס. ער האָט געוווינט העט ווייט אָפּגערוקט פון אַ ייִדיש שטעטל. עס זענען פאַרגאַנגען חדשים און ער האָט נישט אָנגע־קוקט קיין ייִד. ר׳ הערשקע איז געווען אַ ייִד איינער אַליין צווישן ימים מיט גויִים און ער איז געזעסן אין זיין קרעטשמע אויף די ראַנדן פון גרויסע פינצטערע וועלדער פאַרצייטישע אַרזי־לבנונ׳ס.

אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר האָבן זיינע אויערן פאַרנומען רק דאָס גוישע לשון. פויערים זענען געקומען צו אים אין קרעטשמע און דאָרט געטרונקען בראָנפן. זונטיק האָבן זיי געשפּילט אויף הארמאָשקעס און דערנאָך געלעגן שכור אונטער די וועגענער. ווען מען האָט נישט געטרונקען קיין בראָנפן, און אין דער קרעטשמע איז געווען שטיל פון גויִים, האָט מען געהערט ווי עס רוישן די וועלדער. ווינטער איז געווען — אין יוצא ואין בא. עס האָבן געפּיפן די שנייען און די זאווערוכעס. די וועלדער האָבן געברומט גאָר און גאָר אימהדיק. ביינאַכט האָט מען געהערט ווי עס וואָיען סטאַדעס וועלף. בייטאָג זענען שווער־באַפּעלצטע פויערים אַרויס־געקומען פון די טיפע שנייען און זיך געהייסן געבן בראָנפן.

אַ ייִד, נעבעך אַ שטויבעלע אויף די ווינטן, האָט אַ גאַנץ יאָר נישט געוווּסט פון קיין מנין און פון קיין שול.

פאַר ימים־נוראים, ווען די פיש אין וואַסער ציטערן מאימת יום־הדין, האָט ר׳ הערשקע פאַרשלאָסן די קרעטשמע אויף זיבן שלעסער. ער האָט איינגעשפּאַנט א גרויסן וואָגן און אין וואָגן אַריינגעלייגט מטוב הארץ. ער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ייִדיש שטעטל, כדי צו זיין צווישן

ייִדן. ווען אין די הימלען קוקט מען איבער די חשבונות פון דער וועלט און מען משפּט ייִדן, האָט ר׳ הערשקע אויך געוואָלט זיין צווישן די גע־משפּטע ייִדן.

צומאָרגנס נאָכן הייליקן טאָג פון יום־כּפּור האָט ר׳ הערשקע איינגע־שפּאַנט דעם וואָגן און צוריקגעפאָרן אין זיין קרעטשמע, וואָס שטייט העט אין די גוישע מרחקים.

ווידער איז געלאָפן דאָס קיילעכדיקע יאָר צווישן גויים און וועלדער. ר׳ הערשקע האָט כמעט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד צווישן ייִדן. ער האָט נייערט געלעבט מיט די עטלעכע טעג ימים־נוראים, ווען ער איז געווען אין שטעטל און געדאַוונט צוזאַמען מיט ייִדן. ער האָט כסדר געשמועסט מיט זיין ווייב שרה־רבקה פון די עטלעכע ייִדישע טעג אין זיין יאָר.

טויזנט מאָל האָט ער איבערגעחזרט די פּאָר בראָקן דאַווענען, וואָס זענען אים געבליבן אויף דער צונג. אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט, ווען די ווינטן אין דרויסן האָבן געברומט, די שנייען האָבן געשיט און עס האָבן געוואָיעט די סטאַדעס וועלף, איז ר׳ הערשקע געלעגן אונטער דער וואַרעמער פּערענע און זיך געחזרט אויף אויסנווייניק אַ שטיקל פון ימים־נוראימדיקער שמונה־עשרה.

אַביסל עברי האָט ער פּאָרט געקאָנט, האָט ער אָפּט אַריינגעקוקט אין לוח. ער האָט דאָרט אַרומגעזוכט טאָמער דאַרף אָנקומען עפּעס אַ יום־טוב. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אין דעם דאָזיקן יום־טוב וועט ער נישט זיין צוזאַמען מיט ייִדן. ער וועט זיצן אין דער איינזאַמער קרעטשמע. פונדעסטוועגן האָט ער באַטראַכט דעם יום־טוב ווי אַ טייערן גאַסט, וואָס דאַרף קומען. באַצייטנס האָט ער זיך שוין מיט אים געפרייט און אָנגעזאָגט שרה־רבקהן די גוטע בשורה פון לוח.

— שרה־רבקהשי — האָט ר׳ הערשקע געזאָגט — גרייט זיך! עס גייט אויף אונדז דער און דער יום־טוב. עס איז אַ יום־טוב, ווען ייִדן זענען פריילעך.

און ער האָט איר, דער ייִדענע שרה־רבקהן, פּאָדראָבנע דערציילט, ווי אַזוי ייִדן אין שטעטל זענען זיך נוהג אין דעם יום־טוב, וואָס קומט און וואָסערע מאכלים זיי עסן אין אים.

# קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

ר׳ הערשקע קוקט אַריין אין לוח און דערציילט זיין ווייב שרה־רבקהן, אַז אַט דאַרף קומען דער שבת־נחמו.

אײנמאָל — שבת נאָכמיטאָג פרי אין זומער. שבת איז געווען רו און מנוחה אין ר׳ הערשקעס קרעטשמע. אין דרויסן איז טאַקע נישט געווען קיין סימן פון שבת. די גויים זענען געווען די אייגענע ווי אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר. די וועלדער האָבן געברומט ווי אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר. אינעווייניק אָבער, אין דער קרעטשמע, האָט זיך ר׳ הערשקען אויסגעדוכט, אַז ער איז אין אַ שטעטל מיט ייִדן און ס׳איז דאָרט שבת. עס איז געווען שטיל. אויפן טיש איז געלעגן אַ ווייס טישטעך. עס זענען געשטאַנען מעשענע שבת־לייכטערלעך. די פליגן אויף די שויבן האָבן אויך געזשומעט שבתדיק.

זיצט זיך אַזוי ר׳ הערשקע, ווי מיר האָבן דערציילט, אויף דער פּריזבע ביי דער קרעטשמע. אָקערשט איז ער אויפגעשטאַנען פון נאָכמיטאָגדיקן שבת־שלאָף. שרה־רבקה האָט אים אַרויסגעברענגט שבת־אויפס ווי אויך אַן ערדענע קרוג מיט פלוימען־יויך. פלוימען־יויך איז פאַר ר׳ הערשקען אַן עונג־שבת. קיין גרויסער יודע־ספר איז ער נישט און ער קאָן זיך נעבעך נישט אויס אין חומש און אין מדרש. זיצט ער און קוקט נאָך אין זיין לוח. ער זוכט און זוכט, וואָסערע ימים־טובים עס גייען מירצעשעם אויף ייִדן און ווי לאַנג עס איז נאָך צו, מען זאָל עס דערלעבן, ראש־השנה.

פלוצים גיט ער אַ געשריי מיט גרויס שמחה, ווי ער וואָלט דאָרט אין לוח געפונען אַ געוואַלדיקן אוצר.

— שרה־רבקה, שרה־רבקה! — שרייט ער אַריין דורך דער טיר — באַלד וועלן מיר האָבן אַ טייערן גאַסט. עס קומט צו אונדז דער שבת־נחמו! ווייסן מיר דאָך, אַז אַ ייִדענע האָט אַ קורצן זכרון און זי געדענקט

נישט פון פאַראַיאָרן. שרה־רבקה האָט פאַרגעסן, אַז שוין פון כמה וכמה שנים אין פריִען זומער, ווען ר׳ הערשקע קוקט אַריין אין לוח, זאָגט ער איר אָן די בשורה פון שבת־נחמו. מילא, האָט זי פאַרגעסן! דערפאַר איז יעדע ייִדישע נייעס, וואָס ר׳ הערשקע האָט אַרויסגעכאַפּט פון לוח פאַר שרה־רבקהן געווען אַ פריש־געבאַקענע בשורה. זי האָט זיך דערמיט זייער דערפרייט.

— מילא! — האָט זי אויסגעשריגן פון דער קרעטשמע־טיר צו ר׳ הערשקען — ווען דער שבת־נחמו וועט מירצעשעם קומען, וועט ער ביי אונדז זיין אַן אָנגעלייגטער ייִד.



# קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

עס קומט דער שבת־נחמו און דערציילט שרה־רבקהן ביטערע
נייעסן פון יענער וועלט.

איך ווייס נישט אַקוראַט, פאַרוואָס דער לעצטער שבת־נחמו, פון וועלכן ר׳ הערשקע האָט אַזוי האָפערדיק דערציילט, איז עפּעס שרה־רבקהן נישט אַרויס פון זינען. עס האָט זיך איר כסדר געפּלאָנטערט אין די מחשבות, אַז גאָר מירצעהאַשעם בקרוב דאַרף צו איר אין קרעטשמע אַריינקומען דער שבת־נחמו.

דערווייל האָט זיך געמאכט, אַז ר׳ הערשקע האָט מכח עפּעס א מסחר באדארפט אַוועקפאָרן ערגעץ אין אַ ווייט דאָרף.

שטייט שרה־רבקה אליין ביים פריפּעטשיק און עס פּלאָנטערט זיך איר אין די מחשבות דער שבת־נחמו, וואָס אָט־אָט איז ער דאָ, כפי ווי ר׳ הערשקע האָט איר אַרויסגעלייענט פון לוח.

פּלוצים עפנט זיך די טיר. אויף דער שוועל שטייט אַ יונגערמאנטשיקל אין זייער אַ וויסטן הולך. ער טוט א קוש די מזוזה.

דער מחבר און זיינע הויכגעשעצטע לעזער און לעזערינס ווייסן ווויל, אז דאָס איז געווען נישט קיין אנדערער ווי הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ער איז נעבעך געווען א בורח פון ר׳ זיידלס קרעטשמע. די אַרענדארקע שרה־רבקה איז נישט געווען אַזוי ווויל געלערנט ווי מיר און זי האָט נישט געלייענט מיינע חיבורים. האָט זי געמיינט, אז דאָס יונגערמאנטשיקל איז אַ פּשוטער ארחי־פּרחי.

ווען עס באַווייזט זיך אַזוי זעלטן אַ ייִד אַן אָרעמאַן אין יענע מרחקים, איז ער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מען מוז אים געבן עסן און טרינקען. אויב אן ארחי־פּרחי קומט שוין אהער אין אַזאַ פּוסטער קרעטשמע, מוז אים שוין נעבעך זיין גוט ביטער און פינצטער. שרה־רבקהן האָט זיך אָבער נישט אויפגעהערט צו פּלאָנטערן אין די מחשבות דער שבת־נחמו.

קודם־כל האָט זיביים ארחי־פּרחי געוואָלט פרעגן טאַקע מכּח שבת־נחמו. דאָס יונגערמאַנטשיקל קומט דאָך עפּעס פון צווישן ייִדן, ווייסט ער, מן־הסתם, אלצדינג קלאָר און באַשיידן פון דעם, וואָס ר׳ הערשקעס לוח שרייבט.

— איך בעט אייך, ר׳ קרוב — האָט שרה־רבקה געפרעגט ביי הער־שעלע אַסטראָפּאָליער איידער זי האָט אים נאָך דערלאַנגט די שיסל באָרשט מיט קאַרטאָפל, — מען זאָגט, אז דער שבת־נחמו דאַרף באַלד קומען. ביי אייך אין שטעטל איז ער שוין געווען?

הערשעלען האָט מען נישט באַדאַרפט אריינשטעקן קיין פינגער אין מויל, כדי זיך באַלד צו כאַפּן וואָסער מין ייִדענע דאָס איז.

— וואָס רעדט איר? — האָט ער געזאָגט מיט גרויס האָפערדיקייט און נאָך אמאָל א קוש געטון דער מזוזה — איר זעט דען נישט בחוש, אז איך בין דאָס דער לייבלעכער שבת־נחמו און אַז איך בין געקומען צו גאַסט צו אייך אין קרעטשמע?

די ייִדענע איז שיעור נישט אוועקגעפאַלן פון גרויס איבערראַשונג. זי האָט זיך טאַקע שטאַרק דערפרייט, וואָס דער שבת־נחמו האָט זיך דער־מאָנט אָן איר פּוסטער קרעטשמע. פאָרט האָט זי מורא געהאַט אליין צו זיין מיטן שבת־נחמו. עס איז דאָך דער שבת־נחמו, נישט עפּעס דאָרט א פּשו־טער ייִד פון א גאַנץ יאָר! ער איז דאָך אַ ייִד פון לוח און פון יענער וועלט! אַ שאָד, וואָס איר ר׳ הערשקע איז אַקוראַט אַוועקגעפאָרן. וואָס קאָן, מ׳שטיינס געזאָגט, א נארישע ייִדענע שמועסן מיט אזא ייִד ווי דער שבת־נחמו?

שרה־רבקה האָט מיט גרויס פּאראד הערשעלען אָנגעהויבן צו דער־לאַנגען פון כל־טוב. אינצווישן זענען — בלע המות לנצח — איר איינ־געפאַלן אירע טאַטע־מאַמע, וואָס ליגן שוין פון כּמה שנים צווישן ייִדן אויפן בית־עולם. יאָר ביי יאָר צינדט זי נאָך זיי אָן יאָרצייט־ליכט. קיין קדיש זאָגן קאָן זי נישט — איינמאָל איז זי אַ ייִדענע, און צווייטנס, איז נישטאָ קיין מנין. האָט זי ביי זיך געטראַכט: אויב דער שבת־נחמו קומט פון יענער וועלט, שייך ער קאָן נישט דאָרט מיין טאַטע־מאַמע? איז דאָך א גרויסער יושר אָפּצונעמען פון זיי אַ גרוס און געוויר צו ווערן ווי עס גייט זיי דאָרט, די אלטע לייט, אויף יענער וועלט?

— ר׳ שבת־נחמו! — האָט שרה־רבקה געזאָגט צו הערשעלען מיט

גרויס הכנעה — איר קומט דאָך אָקערשט פון יענער וועלט. אפשר קאָנט איר דאָרט מיין טאַטע־מאַמע, עליו־השלום?

— א שאלה! — האָט הערשעלע געזאָגט מיט גרויס ברייטקייט און געגעסן פון כל־טוב. — ס׳הייסט, צי איך קאָן זיי! איידער איך האָב מיך אַרויפגעזעצט אויף דער בויד אויפן מאַרק פון יענער וועלט, האָב איך מיך מיט זיי גאָר פריינטלעך געזעגנט. זיי לאָזן אייך גריסן. מיט אייער טאַטע־מאַמע עליו־השלום זענען מיר די אמתע גוטע פריינטלעך. מיט אייער טאַטע, ער זאָל לויפן און בעטן, דאַוון איך דאָרט אַפילו אין איין בית־המדרש.

— ווי גייט זיי דאָרט אויף יענער וועלט מיט פרנסה? — האָט שרה־רבקה געפרעגט מיט דער באַהאַרצטקייט פון א פאַרזאָרגטער טאָכטער.

— עס וואָלט זיי געמעגט גיין בעסער — האָט הערשעלע געענטפערט מיט א זיפץ — זיי מוטשען זיך נעבעך מיט פרנסה. עס פידלט זיי עפּעס נישט דער הלוך־ילך. אייך מעג מען דאָך זאָגן. איר זענט דאָך אַ טאָכטער, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. עס גייט זיי דאָרט אויף יענער וועלט נע־בעך גאָר שטאַרק מיט דער פוטער אַראָפּ. די פרנסה איז געשלאָגן. זיי האָבן נעבעך דאָרט קיינמאָל נישט אויף שבת.

שרה־רבקה האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

— א מלבוש אויפן לייב האָבן זיי כאָטש? — האָט שרה־רבקה אריינ־געכליפּעט אין איר פאַרטעך אריין — ווען זיי זענען אוועק אויף יענער־וועלט האָב איך זיי דאָך געמאַכט אזעלכע שיינע תכריכים.

— פרעגט מיך בעסער נישט — האָט הערשעלע געזאָגט מיט אַ זיפץ — זיי גייען נעבעך ארום באָרוועס און נאַקעט ווי די ערגסטע ארחי־פרחי. הלמאי זאָל איך עס פאַרלייקענען? איר זענט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, א טאָכטער און איר דאַרפט עס וויסן. אייער טאַטע־מאַמע עליו־השלום גייען נעבעך אויף יענער־וועלט אַרום איבער די הייזער. זיי נעכטיקן אין הקדש. שבת עסן זיי ווי אָרעמע מדינה־גייער ביי די נגידים אין דער קיך.

שרה־רבקה איז אַרויס מיטן גרויסן געוויין.

— צו וואָס איך האָב דערלעבט! — האָט זי אריינגעכליפּעט אין איר פאַרטעך — איך זיץ מיר דאָ אין קרעטשמע און האָב מיר פון פייגל־מילך. זיי, נעבעך, האָבן נישט וואָס צו נעמען אין מויל אַריין און מוזן גיין איבער די הייזער.

— אזוי איז עס — האָט הערשעלע געזיפצט — עס איז א ביטערע

וועלט. ס׳איז ביטער סיי אויף די־וועלט סיי אויף יענער־וועלט. דאָס רעדעלע דרייט זיך אומעטום, ווי עס שטייט אין לוח, עולים ויורדים.

— ר׳ שבת־נחמו! — האָט זיך שרה־רבקה פּלוצים געוואָנדן צו הערשעלע אָסטראָפּאָליער — אפשר וועט איר מיטנעמען א פּעקל מלבושים און אַ ביסל מזומנים אויף יענער־וועלט אהין? איר וועט עס אַוועקגעבן מיין טאַטע־מאמע. לאָזן זיי זיך אויסקליידן. דער טאַטע וועט אפשר מיט די עטלעכע גילדן האנדלען דאָרט אויפן מארק. איר וועט זיך דערמיט קויפן עולם־הבאָ, ר׳ שבת־נחמושי.

אָך מיטן שענסטן כבוד! — האָט הערשעלע געזאָגט — בלי־נדר שבת פאָר איך טאַקע צוריק אויף יענער־וועלט. איר קאָנט מיר מיטגעבן וואָס אייער הארץ גלוסט נאָר.

שרה־רבקה איז געווען אויפן זיבעטן הימל. זי האָט הערשעלען געדאנקט און פונדאָסניי אים אָנגעשטעלט א טיש מיט כל־טוב.



## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

הערשעלע איילט זיך, מחמת די בויד גייט אַוועק אויף יענער
וועלט. — שרה־רבקה גיט אים מיט אַ שיין פּעקל פּאַר טאַטע־
מאַמע זאָלן לויפן און בעטן.

הערשעלע האָט גוט געוווסט: יעדע מינוט איז טייער. דאָס שפּיל מיט יענער־וועלט קאָן מען נישט פּאַרציען אין דער לאַנגער באַנק. אַ ליאַדע רגע קומט ר׳ הערשקע צוריק פון זיין נסיעה. ווער ווייסט, צי דער אַרענדאר איז אויך אַזאַ תם ווי די ייִדענע שרה־רבקה? עס קאָן דאָ אַלצדינג אויס־פּאַלן באָקום, און ר׳ הערשקע וועט אים, הערשעלען, בכבוד גדול אויסצאָלן מיט דער בייטש די רעשט וואָס עס קומט אים נאָך פון זיינוועלע פּופּיק.

שרה־רבקה האָט זיך נישט געאיילט. זי וואָלט גערן געוואָלט, אַז איר ר׳ הערשקע זאָל וואָס גיכער אהיים קומען און אויך אָנקוקן דעם טייערן גאסט ר׳ שבת־נחמו, וועלכן ער האָט אַרויסגעלייענט פון לוח. האָט זי טאַקע אין איר גרויס תמימות געזאָגט צו הערשעלע אָסטראָפּאָליער:

— פּאַמעלעכל וועל איך צוזאַמענקלייבן אַ שיין פּעקל און אַרויסנעמען עטלעכע גילדן פון קניפּל. מן־הסתם קומט אַ ליאַדע רגע מיין מאַן ר׳ הערשקע. ביי אים וועט עס גאָר זיין שמחת־תורה ווען ער וועט אייך דאָ טרעפן.

הערשעלע האָט א קוק געטאָן אויף דער טיר. ביי יעדן שאָרך פון אינ־דרויסן האָט ער געמיינט: אָט קומט אַריין ר׳ הערשקע און עס איז אויס מיט דער קאַפּאָטע! האָט ער אָנגעהויבן צוצואיילן שרה־רבקהן.

— זעט איר שרה־רבקהשי — האָט הערשעלע געזאָגט מיט א חנדעלע און דאָס הארץ האָט אים געציטערט — די בויד, וואָס פּאָרט אַוועק אויף יענער־וועלט, וואַרט שוין מיט אירע פאַרשוינען ערגעץ־ווו אין פינצטערן וואַלד. איך קאָן אייך נישט זאָגן ווו, מחמת עס איז אַ סוד פּאַר אַלע לע־

בעדיקע. טאָמער, חלילה, וועל איך פאַרשפּעטיקן די בויד, מוז איך וואַרטן נאָך אַ קיילעכיק יאָר אויף אַ צווייטע בויד. אייער טאַטע־מאַמע זאָלן לויפן און בעטן, קאָנען דערוויל נעבעך דאָרט אויסגיין פון הונגער, צי געפּרוּירן ווערן אין די יענע־וועלט קעלטן. די ווינטערס זענען דאָרט שווערע און מען מוז דאָרט גיין וואַרעם אָנגעטון.

האָט שרה־רבקה געזען, אַז דאָס יונגערמאַנטשיקל ר׳ שבת־נחמו איז ממש אַ דימענט פון אַ ייִד. אויב איר טאַטע־מאַמע עליו־השלום פאַרמאָגן אויף יענער וועלט זייער אייגנס אַזאַ ידידל, מעג זי דאָ אין קרעטשמע שלאָפן רויִק און מעג זיכער זיין, אַז עס וועט שוין אַלצדינג זיין אָגיל ואשמח. וויפל זי וואָלט געוועזן געוואָלט דעם טייערן גאַסט נאָך אַ ביסעלע האָבן אונטער איר דאַך און אים וויזן ר׳ הערשקען — פאָרט האָט זי זיך דער־מאָנט, אַז די יענע־וועלט בויד וואַרט ערגעץ אין פינצטערן וואַלד און זי קאָן חלילה, אַ פאַר־אַוועק געבן. עס גייען די שווערע ווינטערס און טאַטע־מאַמע גייען דערוויל נאַקעט און באָרוועס אַרום איבער די הייזער.

האָט זי גענומען און העמדום־פּענדום איינגעפּאַקט אַ פּעקל פון שענסטן און בעסטן. זי האָט דאָרט אַריינגעלייגט ר׳ הערשקעס אַ וואַרעם שעפּסן־פּעלצל פאַרן טאַטן עליו־השלום, און פאַר דער מאַמען, זאָל לויפן און בעטן, האָט זי אַריינגעלייגט אַ דיקן וואַטאָוון שפּאַנצער. זי האָט הערשעלען געגעבן אין דער האַנט אַריין אַ שיין קניפּל מזומנים און זיך מיט אים גאָר האַרציק געזעגנט. —

— פאָרט געזונטערהייט, ר׳ שבת־נחמו! — האָט שרה־רבקה געזאָגט און פון גרויס גערירטקייט, אַריינגעכליפּעט אין איר פאַרטעך — גריסט זיי דאָרט, זיי זאָלן לויפן און בעטן. זאָגט דעם טאַטן, אַז קעלבלעך זענען היינט אין גרויסן און מען קאָן ביי זיי פאַרדינען אַ שיינעם גראָשן.

— זייט מיר געזונט, שרה־רבקהשי — האָט הערשעלע געזאָגט ביי דער טיר — עס וועט אַלצדינג זיין טוב ומטיב. מירצעשעם איבער אַ יאָר וועל איך קומען מיט בעסערע בשורות.

ער האָט אַ קוש געטון די מזוזה און איז פאַרשוווּנדן אין די אינדרויסנס.

שרה־רבקה איז לאַנג געשטאַנען ביי דער קרעטשמע־טיר און אַריינ־געוויינט אין איר פאַרטעך.

# קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

וואָס טוט אַ קלוגער ייִד אין אַזאַ שיין וועלטעניו?

ויהי — וויבאלד הערשעלע איז נאָר ארויסגעקומען אינדרויסן מיטן ווארעמען פּעקל מלבושים און מזומנים, האָט ער צוגעאיילט זיינע טריט. ער האָט געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון דער קרעטשמע. נאָכן גוטן עסן און מיטן מטמון אין די הענט, האָבן די פעלדער געשמעקט אין זיינע נאָז־לעכער ווי לולבים, הדסים און אתרוגים. נישט ווייט פון פּוילישן וועג איז געשטאַנען א גרויסער וואַלד. דער וואלד האָט זיך געוויגט אין ווינט און האָט געשמעקט מחיה־נפשות.

— ווי איך בין אַ ייִד, עס איז גאָר א שיין וועלטעניו — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט —און דאָס שיינע וועלטעניו באקומט טויזנט חנען, ווען מען טראָגט א פּעקל מיט א ווארעם שעפּסן־פּעלצל, א וואטאָוון שפּאַנצער און אַ קניפּל מזומנים. נאָר שאַ! שמעתי — וועדליק איך האָב געהערט שמועסן, זאָגט די וועלט אויף מיר, אז איך בין נישט קיין נאַר. צום סוף פיר איך מיך אויף ווי דער אמתער לעקיש. ס׳הייסט, איך גיי מיר דאָ אויפן פּוילישן וועג ווי אַן אָפענע איין און דרייסיק? ר׳ הערשקע קאָן דאָך אַ ליאדע רגע צוריק אהיים קומען אין קרעטשמע. שרה־רבקה וועט אים דערציילן פונעם שבת־נחמו. דער אַרענדאר וועט דען שווייגן? ער וועט דאָך נעמען די בייטש און מיך אָניאָגן. ער וועט מיר צונעמען דאָס פּעקל און דערצו גוט אָנברעכן די ביינער.

— אלאָ וואָס דען טוט א קלוגער ייִד? האָט הערשעלע מיט זיך גע־שמועסט.

— א קלוגער ייִד — האָט ער זיך אליין געענטפערט — נעמט און פארקירעוועט זיך, זייט מיר מוחל, דאָרט אין וואלד אַריין. אַ קלוגער ייִד באהאלט זיך הינטער א בוים און ווארט אָפּ עד יעבור זעם — ביז ר׳ הערשקע וועט זען אז ס׳איז א נעכטיקער טאָג.

— אָט אַזוי, אָט אזוי טוט א קלוגער ייִד — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט און זיך פארקירעוועט אין וואלד אריין און טיפער דאָרט אריינגעגאנגען צווישן די רווישנדיקע אַרזי־לבנון.

אין וואַלד האָט הערשעלע געהערט ווי עס זינגען די פייגעלעך אויף די ביימער. עס האָבן געבלאָזן וואַרעמע ווינטלעך. דאָס שיינע וועלטעניו איז פאַרגאנגען אין ריחות פון בלעטער און קרייטעכצער. זאַט איז ער געווען פון שרה־רבקהס כל־טוב — האָט הערשעלע ביי זיך געטראכט אזוי צו טראַכטן:

— וואָס טוט א קלוגער ייִד, ווען ער איז אין וואלד אַליין? אַ קלוגער ייִד טוט זיך אויס די קאפּאָטע און וויקלט אין איר איין די מתנות און דאָס קניפּל, וואָס שרה־רבקה האָט געשיקט פאַר יענער־וועלט. אַ קלוגער ייִד לייגט זיך דערווייל אַ ביסעלע אַוועק אונטער א בוים פון די אַרזי־לבנון און כאפּט א דרימל. די אויגן קלעפּן מיר זיך טאַקע פון די שיינע געזאנגען פון די פייגעלעך און פון די באַטעמטע ריחות פון וואַלד. וועל איך זיך אַ קאַפּעטשקע אויסשלאָפן נאָך אזא שווערן טאָג אַרבעט. איך האָב מיך היינט געגנוג אָנגעהאָרעוועט מיט די ביידע אַרענדאַרן און מיט די מעזשיבעזשער חסידים. ר׳ הערשקע וועט דערווייל אַרומלויפן מיט דער בייטש אויפן פּוילישן וועג און זוכן דעם שבת־נחמו. זאָל ער געזונטערהייט זוכן דעם פאַראַיאָריקן פּורים!

— שפּעטער — האָט הערשעלע ווייטער צו זיך געזאָגט — וועט דער אַרענדאר זען, אז עס זענען כּלו כּל הקצין. וועט ער אַראָפּלאָזן די נאָז און צוריקגיין אין קרעטשמע. פּאַמעלעכל וועל איך מיך אויפהייבן און וועל אַוועקגיין מיטן מטמון העט אין די מרחקים.

וכך הוה.



## קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

הערשעלע האָט אַ שיינעם חלום. — עס קומט דער בעל־דבר מיט אַ בייטש. — ברוך־הבא, הערשעלע אַסטראָפּאַליער!

הערשעלע איז טאַקע אנטשלאָפן געוואָרן אונטער דעם בוים פון די אַרזי־לבנון און אים האָט זיך געחלומט זייער א שיינער חלום.

אים האָט זיך געחלומט: אָט שרייבט ער אַהיים אַ בריוועלע צו שיינ־דעלען קיין אָסטראָפּאָליע, און ער שרייבט איר כהאי לישנא:

— זוגתי היקרה! — שרייבט ער איר — אבי דו זאָגסט אַז איך בין א לא־יוצלח. אויפן וועג אין אַ קרעטשמע האָבן מיך געטראָפן די פינף און זיבעציק טויזנט. איך בין נתעשר געוואָרן מיט אַ היפש קניפּל מזומנים, אחוץ א שעפּסנפּעלצל פאר מיר אויף ווינטער. פאר דיר, זוגתי היקרה, האָב איך אַ וואַרעמען וואטאָוון שפּאנצער. פאַר דעם קניפּל רעכן איך בלי־נדר מיר אויפצועפּענען א קרעמל פון צעלניק און שאַר־ירקות. איך וועל דיך אַראָפּברענגען צו מיר אין קרעמל אַריין, זוגתי היקרה, און דו וועסט מיר דאַרט העלפן אין מסחר. וועסט, אם ירצה השם, ביי מיר האָבן פרנסה בריווח גדול.

דער חלום האָט געטון א מיש איבער עטלעכע בלעטלעך. הערשעלע האָט זיך געזען שטיין אין קרעמל. ער גייט אָנגעטון אין א נייער טוכענער קאפּאָטע און שמועסט מיט ערלים און להבדיל מיט ווייבער. אָט קומט אַריין שיינדעלע אין איר שלאָף־קופּקע. זי האָט אַלע חנען פון אַ יונג ווייבל און זי טראָגט אין דער האנט א קאָכעדיק שיסעלע מיט קאַרטאָפל־גריץ.

הערשעלע האָט ווייטער געוואָלט אזוי ליגן אונטערן בוים און חלומען. הויך איבער זיין קאָפּ זינגען די פייגעלעך צווישן די צווייגן.

פּלוצים הערט ער, פון ווייטן וואַלד אַרויס שרייט מען: ר׳ שבת־נחמו! ר׳ שבת־נחמו!

אַ דערשראָקענער האָט הערשעלע אויפגעריסן די אויגן. מען שרייט ווייטער און מען שרייט העכער: ר׳ שבת־נחמו! ער האָט מיך געפּאַקט דער פּראָסטאַק — טראַכט הערשעלע — אַן איינפֿאַל פֿון אַן אַרענדאר מיך צו זוכן צווישן די אַרזי־לבנון!

ער ליגט און קוקט זיך צו. מען שרייט כסדר: ר׳ שבת־נחמו! דאָס קול קומט צו נענטער. פֿון צווישן די וואַלד־ביימער קומט אַרויס אַ הויכער דאַ־רער ייִד, מיט אַ לאַנגער בייטש. אַזאַ הויכעניש און אַזאַ דאַרעניש פֿון אַ ייִד האָט הערשעלע נאָך קיינמאָל נישט געזען. אויך דאָס פּנים ביים ייִד איז געווען לאַנג, אויסגעדאַרט און געל ווי אַ פּאַראַיאָריקער אתרוג. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע, וואָס האָט זיך אים געפּלאָנטערט צווישן די פֿיס.

דער פרעמדער ייִד איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ביימער מיט א בייטש אין דער האַנט און האָט געשריגן: ר׳ שבת־נחמו!

האָט הערשעלע ביי זיך אַזוי געטראַכט:

— דאָס פּעקל וועט דער לעקיש נישט דערקענען, מחמת איך האָב עס איינגעוויקלט אין מיין אייגענער קאַפּאָטע. נישט מער — ער וועט מיך אָנהויבן אויספרעגן. וועל איך מיך אויף אינדערגעשווינד אוועקשטעלן אונ־טערן בוים און מיך שטאַרק צעשאָקלען. זאָל ער מיינען, דער פּראָסטאַק, אז איך דאַוון שמונה־עשרה.

אומר ועושה — אין שפּאַנצער און הויזן האָט זיך הערשעלע אוועקגע־שטעלט אונטערן בוים און זיך אָנגעהויבן צו שאָקלען.

כלומרשט האָט ער געהאַלטן די אויגן צוגעמאַכט. אָבער ער האָט גוט געקוקט און געזען, ווי דער הויכער דאַרער ייִד מיט דער בייטש דערנעע־טערט זיך צום בוים.

— ברוך הבאָ, הערשעלע אָסטראָפּאָליער! — האָט דער פרעמדער ייִד געזאָגט און זיך צעלאַכט. הערשעלען איז קאַלט געוואָרן אין אלע ביינער. — אַ גוטן פּורים דיר, ר׳ שבת נחמו!

הערשעלע האָט זיך געטרייסלט פֿון שרעק. כלומרשט האָט עס גע־הייסן, אז ער דאַוונט שמונה־עשרה.

— גייסט גאָר אָפּנאַרן דעם בעל־דבר, דו שמענדריק? — האָט דער פרעמדער ייִד זיך אימהדיק צעלאַכט און האָט אַ פּאָך געטון מיט דער בייטש — דו קענסט מיך נישט, יאָקיש בן פלעקל? דאַוון, דאַוון! איך וועל מיר דערווייל צונעמען דאָס שיינע פּעקל.

דער פרעמדער ייִד מיט דער בייטש (איצט ווייסן מיר, אז דאָס איז געווען דער פארשטעלטער בעל־דבר) האָט אויפגעהויבן הערשעלעס קאַפּאָטע מיט שרה־רבקהס פּעקל און געוואָלט דערמיט אַוועקגיין.

— איך פאָר אויך אויף יענער־וועלט און איך וועל שוין דאָס פּעקל דאָרט אָפּגעבן אויף דער ריכטיקער אַדרעס. א וואַטאָוון שפּאנצער פאר א בר־מיננטקע און א שעפּסן־פעלצל פאַר א מת — האָט זיך דער בעל־דבר צעלאכט און אויפגעעפנט א מויל מיט ציינער, וואָס זענען געווען גרויס און שאַרף און האָבן געבליצט ווי שוחטישע חלפים.

האָט הערשעלע געזען, אז ווען ער וועט ווייטער אזוי שטיין אונטערן בוים און זיך מאכן דאַווענען שמונה־עשרה, וועט אים דער בעל־דבר צו־נעמען נישט בלויז שרה־רבקהס פּעקל, נאָר ער וועט אויך בלייבן אין שפּאנצער און הויזן און אָן דער קאַפּאָטע — איז ער באותו הרגע א שפּרונג צו געטון צום בעל־דבר און אָנגעכאפּט פאר א קנעפּל פון דער קאַפּאָטע, אין וועלכער שרה־רבקהס פּעקל איז געווען איינגעוויקלט.

— אזוי גאָר? — האָט זיך דער בעל־דבר צעלאכט, אז עס האָט אזש אָפּגעהילכט אין גאנצן וואלד. אפילו די פייגעלעך אויף די ביימער זענען דערשראָקן געוואָרן און אויפגעהערט צו זינגען — קוקסט מיר אָן דעם חוזק און דעם מארשאליק! גייסט גאָר מיטן בעל־דבר זיך נעמען אויפס כוח?

תוך כדי דיבור איז פון בעל־דברס בייטש געוואָרן א גרויסער בעזים. דער ימח־שמו האָט זיך אויף דעם בעזים אַרויפגעזעצט רייטנדיק ווי אויף אַ פערדל. ער האָט זיך א הויב געטון אין דער לופטן און טאַקע מיט שרה־רבקהס פּעקל און מיט הערשעלע אָסטראָפּאַליערס קאַפּאָטע.

אַ דערשראָקענער האָט הערשעלע ארויפגעריסן דעם קאָפּ. ער האָט געזען: אויבן איבער די ביימער־שפּיצן האָט דער ימח־שמו פונאנדערגע־שפּרייט אַ פּאָר גרויסע שווארצע פליגלען ווי א פּאָר שווארצע טליתים. ער האָט מיט זיי געפּאָכעט אין דער לופטן און געקראָקעט: קרע־קרע! און ער איז אַוועקגעפלויגן איבער די ארזי־לבנון.



# קאַפּיטל דרייסיק

הערשעלע שמועסט מיט זיך אַליין און גייט זוכן אַ קאַפּאָטע פֿאַרן קנעפּל.

יעמוד — הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אונטער אַ בוים, ויאמר — און ער האָט זיך געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— כל היום — אַ גאַנצן טאָג האָב איך נישט מער געטון ווי אָפּגעטון ייִדן שפּיצלעך און אָפּגענאַרט אַ וועלט. איך האָב אָפּגענאַרט טאַקע למעלה עד למטה, סיי מעזשיבעזשער חסידים, וואָס זענען געפֿאָרן צום רבין ר׳ ברוכל און סיי אַ פּראָסטע ייִדענע, וואָס ווייסט נישט מער סיידן איר פּוסטע קרעטשמע. איך בין זיכער געווען ווי דער טאָג, אַז איך ווער, בלי־נדר, נתעשר און שיינדעלע וועט ביי מיר האָבן עושר און כבוד. האָט זיך, ברוך־השם, פֿון אַלצדינג אויסגעלאָזט אַ טייך און איך בין נאָך אַ גרעסערער דלפֿן ווי פֿריער. מכל עמלי — פֿון מיין איינציקער קאַפּאָטע איז מיר נישט מער פֿאַרבליבן ווי אַ קנעפּל.

איז אַזוי — האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער צו זיך געזאָגט און זיך אַרומגעקוקט אויף די הויכע ביימער, די ארזי־לבנון, הייסט עס. — וואָלט איך געווען אינגאַנצן נקי און גאָר נישט געהאַט אין דער יד, וואָלט עס גע־הייסן: כלו כל הקצים! אָבער טאַקע לגמרי אויס מיט דער קאַפּאָטע! וואָלט איך מיך אַוועקגעזעצט אָט דאָ אונטערן בוים, מיר אויסגעטון די שיך און אָפּגעריכט „חצות“ נאָך דער וועלט. האָב איך דאָך אָבער אין דער יד אַ קנעפּל. הייסט עס: איך האָב אַן אָנהייב, אַ התחלה. אַ בראשית. איך האָב אין דער האַנט דעם שלום־עליכם פֿון בטחון. איז זע, הערשעלע אָסטראָ־פּאָליער סערדצע, וואָס דאַרף אַ ייִד אַ בעל־בטחון טון? אויב אַ ייִד אַ בעל־בטחון פֿאַרמאָגט נאָך אַ קנעפּל דאַרף ער גיין און זוכן די קאַפּאָטע פֿאַרן קנעפּל. און אַזוי וועל איך טאַקע טון בלי־נדר ובלי מסקנה.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט אָנגעהויבן צו זינגען אַ שמחת־תּורהדיק זמרל און אין שפּאַנצער און הויזן האָט ער גענומען אַרויסגיין פֿון וואַלד מיטן קנעפּל אין דער האַנט.

# קאַפּיטל איין און דרייסיק

הערשעלע זוכט דאָס קלוגע שניידערל. — מיט אַ נאָדל און
אָן אַ נאָדל.

מיט דעם „חלקי מכל עמלי״, מיט דעם איינציקן קנעפּל, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיין אַמאָליקער קאַפּאָטע, איז הערשעלע געגאַנגען וואַלד אויס, וואַלד איין. ער האָט געהאַפּט צו געפינען אַ יידיש שטעטל. אין יענעם שטעטל מוז דאָס זיין דאָס קלוגע שניידערל, וואָס ווייסט, אַז לא הקאַפּאָטע העיקר, אלא הקנעפּל. אַזאַ קלוג שניידערל, אבי מען גיט אים נאָר אַ קנעפּל אין דער האַנט אַריין, איז עס שוין פאַר אים אַ קלייניקייט צו־פּאַסן דערצו אַ קאַפּאָטע.

יידישע שניידערלעך האָבן אַ שם פאַר פריילעכע חכמים. זיי טוען דאָך נישט מער נאָר מעסטן אויס יידן, איז וואָס דאָס חידוש, וואָס זיי נעמען זיך אָן מיט יידישער חכמה און זענען באמת קלוג?

דערווייל זעט מען נישט קיין סימן פון קיין יידיש שטעטעלע. ביימער און וועלדער. עס איז דאָך אויס וועלט אין אַזאַ אין־יוצא־ואין־באָ — האָט הערשעלע צו זיך געזאָגט.

איז דאָך אָבער הערשעלע אַסטראָפּאָליער דער גרויסער בעל־בטחון, ווייסט ער, אַז ס׳איז נישט אויס וועלט און ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין אַ וועלט וואָס איז כולה וואַלד. עס מוז זיך אין דער וועלט פאָרט געפינען אַ שטעטעלע מיט יידן, וואָס לערנען און דאַוונען און מאַכן יאַרידן.

וכך הוה. די פינצטערע וועלדער זענען געוואָרן שיטערער און שי־טערער, און די אינדרויסנס זענען געוואָרן ליכטיקער. הערשעלען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז גאָר פונדערווייטנס זעט ער עפּעס אַזוינס גלייך ווי שטעט־לעך. ער האָט אָנגעהויבן געשווינדער אַהין צו גיין. פּאַמעלעך זענען פאַר זיינע אויגן די שטעטלעך אויסגעוואַקסן צו קליינע יידישע שטיבעלעך. עס זענען

געווען ווי מפולתלעך אויף ברייטע גרינע פעלדער. די מפולתלעך זענען געווען באדעקט מיט דעכעלעך. פון די דעכעלעך האָבן אַרויסגעשטעקט קוימענדלעך און זיי האָבן געדויכערט ווי די ליולקע־ציביקעס פון מעזשי־בעזשער חסידים.

עס איז געווען א פיצעלע יידישע שטעטעלע און כנראה האָט מען איצט דאָרט געהאלטן ביים קאָכן וועטשערע.

גייט ער, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, ווי עפּעס א פּראָסטאַק אין שפּאַנ־צער און הויזן און מיטן קאפּאָטע־קנעפּל אין דער האַנט. ער קומט צו צו דעם ערשטן שטיבעלע פּונעם מחוץ לעיר. עס רעדט זיך אזוי: מחוץ לעיר. דאָס גאנצע שטעטעלע איז נישט גרעסער ווי א געניעץ.

דאָס שטיבעלע פון מחוץ־לעיר האָט נעבעך אויסגעקוקט ווי אַן איינ־געפאַלן שטעלעכל. אַ צעבראָכענער שינדל־דאַך איז דערויף געלעגן ווי אַ יאַרמלקע.

דאָס שטעלעכל האָט געהאט א פענצטערל, וואָס איז געווען פארקלעפּט מיט פּאַפּיר און האָט דערגרייכט גאָר גאָר ביז צו דער ערד.

פון פענצטערל אַרויס האָט הערשעלע געהערט א באקאנט שניידעריש זמרל:

> מיט אַ נאָדל און אָן אַ נאָדל,
> ניי איך מיר בכבוד גדול.

טראַכט ביי זיך הערשעלע: אָט האָבן מיר אַ פאלגע, אַ יידיש שניידערל, וואָס האָט זיך אַוועקגעזעצט מחוץ־לעיר און שטשאָבעט. זעט זיך אויס: עס איז דאָס קלוגע שניידערל, וואָס איך זוך: זינגט ער דאָך, אז ער נייט מיט אַ נאָדל און אָן אַ נאָדל. ווייסט ער מן־הסתם, אז דער עיקר פון יעדער קאפּאָטע איז דאָס קנעפּל. ער וועט מיר שוין צוטשעפּען עפּעס דאָרט א קאפּאָטע צו מיין חלקי מכל עמלי, און עס וועט מיר ווידער זיין ווויל און טייער אויף דער וועלט.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

דער למד־וואָווניק און דער קאַטאָוועס־טרייבער. — אליהו־הנביאָ ברענגט לייפּציגער טוך. — הערשעלע שרייט אַרויף צום בעל־דבר דורכן קוימען.

הערשעלע טוט אָן עפן דאָס פענצטערל, וואָס איז פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר. כנראה, איז עס נישט געווען בלויז בבחינת פענצטערל, נייערט אויך בבחינת טיר. מחמת הערשעלע האָט זיך צופריער גוט אַרומגעקוקט און נישט געזען קיין סימן פון קיין טיר. הייסט עס: מען גייט צום קלוגן שניידערל אַריין דורכן פענצטער.

ווען דאָס פענצטערל האָט זיך געעפנט האָט הערשעלע געזען ווי אינע־ווייניק אין שטיבעלע, אויף א טיש, איז געזעסן אַן אלט און דאַר יידעלע. ער איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ צעריסענע יארמלקע און אין אַ לאַנגן אַרבע־כנפות. אויפן האַלדז איז אים געהאַנגען א שניידערישע מאָס און ער האָט געקוקט דורך אַ פּאָר האלב־צעבראָכענע שפּאקולן. ער האָט גע־האַלטן אויף דער קני אַ פּאָר אַלטע תחתונים, אין זיי שטאַרק מעין געווען און געזונגען אַ לידעלע.

— גוטן אָוונט, ר' שניידערל! — האָט הערשעלע אריינגעשריגן דורכן פענצטערל.

דאָס שניידערל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דורכן די שפּאקולן האָט ער אָנגעקוקט דעם, וואָס שטייט ביים פענצטערל און זאָגט אים „גוטן אָוונט".

— שלום־עליכם אַ ייִד — האָט דאָס שניידערל געזאָגט — קומט זשע, זייט מוחל אַריין. איר האָט שוין געגעסן וועטשערע?

— וועטשערע יאָק וועטשערע — האָט הערשעלע געזאָגט און אַריינ־געקראָכן דורכן פענצטער — וועדליק ווי איר זענט מעין אין די תחתונים מוזט איר האָבן גאָלדענע הענט. איז־זשע גאָט אייך א קנעפּל און נייט מיר צום קנעפּל צו אַ קאַפּאָטע!

דאָס שניידערל האָט אַ שמייכל געטון. נאָך אַמאָל האָט ער שאַרף אָנגע־קוקט הערשעלע אָסטראָפּאָליער. ער האָט אַ קורצע צייט געשוויגן. שפּעטער האָט ער געזאָגט:

— די למד־וואָוו מוזן זיך אַפילו האַלטן אין גרויסער טונקלעניש. זיי מוזן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר מענטשנס אויגן און נישט אויסזאָגן ווער זיי זענען — מחמת מענטשן וואָלטן נישט געגלויבט, אַז זיי לעבן נאָר אין זכות פון זעקס און דרייסיק אָרעמע בעלי־מלאכות. פון דיין פאַרלאַנג זע איך אָבער, אַז דו ביסט פון אונדזערע לייט. איז דאָך נישט שייך זיך פאַר דיר צו באַהאַלטן. איז הנה זיי וויסן: פּונקט אַזאַ קשיא האָט מיך אַמאָל געפרעגט אליהו־הנביא. ער איז מיט מיר געזעסן אונטער אָט יענעם אויוון. עס האָט דאָרט געברענט אַ גראָשנדיק ליכטל און אליהו־הנביא האָט מיט מיר געלערנט סתרי־תורה. פּלוצים האָט ער מיך אַ פרעג געטון:

— הער נאָר, דו שניידערל, וואָס איז דער עיקר — דאָס קנעפּל צי די קאַפּאָטע.

— איך בין געבליבן זיצן און האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— איי למד־וואָוניק, למד־וואָוניק! האָט אליהו־הנביא געלאַכט — וואָס ביסטו אויף דער וועלט? אַ פּראָסטער אָרעמאַן, אַ שניידערל. הייסט עס — דו ביסט נישט מער ווי אַ קנעפּל צו אַ קאַפּאָטע. אין זכות פון אָט דעם קנעפּל האַלט זיך די גאַנצע קאַפּאָטע, וואָס הייסט וועלט.

— אַזוי האָט אליהו־הנביא צו מיר געזאָגט. תוך־כדי־דיבור האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס גראָשנדיקע ליכטל. בין איך געבליבן אַליין אונטערן אויוון. ער, זכותו יגן עלינו, איז נעלם געוואָרן.

— פון דעמאָלט אָן — האָט דאָס שניידערל געזאָגט — זענען שוין פאַרלאָפן היפּשע עטלעכע וואָכן. אויפדערנאַכט קריך איך אַרונטער אונטערן אויוון און וואַרט אים אָפּ. ער קומט נישט. איך צינד דאָרט אָן דאָס גראָשנדיקע ליכטל. וויל עס נישט ברענען. ביסטו מיר, יונגערמאַנטשיקל, אַריינגעקומען דורכן פענצטער ווי אליהו־הנביאס לייבלעכע קשיא. ביסט געקומען אָן אַ קאַפּאָטע און מיט אַ קנעפּל אין דער האַנט. דו זאָגסט מיר, אַז דו האָסט דעם עיקר, דאָס קנעפּל הייסט עס, און איך זאָל דיר דערצו צונייען אַ קאַפּאָטע. זע איך דאָך, אַז עס איז נישט פּשוט, — איז־זשע וואָס וועל איך מיט דיר מאַכן קונצן? איז נאָך אַמאָל הנה זיי וויסן: איך בין איינער פון די זעקס און דרייסיק. דו ביסט אויך איינער פון זיי? עס איז מיר אַ גרויס חידוש וואָס כ׳האָב דיך נישט געזען אויף דער אַסיפה, וואָס די למד־

וואו מאַכן יאָר ביי יאָר אין שעברעשינער וואַלד. מה שמך ברודערקע! זאָג מיר ווי דו הייסט.

— איך הייס הערשעלע אָסטראָפּאָליער — האָט הערשעלע געזאָגט — און איך בין ר׳ יאָקל דעם בדחנס אַן איידעמל.

— הערשעלע אָסטראָפּאָליער? — האָט דאָס שניידערל געזאָגט און נאָך אַמאָל דעם גאַסט שאַרף אָנגעקוקט דורך די שפּאַקולן — אַ קענטלעכער נאָמען. איך קאָן מיך אַקוראַט נישט דערמאָנען, צי אליהו־הנביא האָט מיר וועגן דיר דערציילט, צי איך האָב עס געלייענט אין א מעשה־ביכל. דו קענסט אליהו־הנביאן?

— ער האָט מיך אַהער געבערענגט אויף דער וועלט אין אַן אָרעמאַנסקן זעקל — האָט הערשעלע געענטפערט.

הערשעלע האָט דעם שניידערל פּאָדראָבנע דערציילט ווי אַזוי אליהו־הנביאָ האָט אים געבערענגט צוטראָגן אין אָסטראָפּאָליער הקדש. ער האָט אים דערציילט פון אַלצדינג וואָס איז מיט אים געשען עד היום הזה און אַז צום סוף פון אלע שפּיצלעך מוז ער גיין קיין מעזשיבעזש און דאָרט פריילעך מאכן דעם רבין ר׳ ברוכל. אָבער ווי קאָן ער אַהין גיין אין בלויזן שפּאַנצער און הויזן? מען קאָן דאָך נישט אריינקומען צום רבין אָן אַ קאַפּאָטע! דאָס קנעפּל — האָט הערשעלע געזאָגט — האָב איך טאַקע, נאָר איר, ר׳ למד־וואָווניק, נייט מיר דערצו אַ קאַפּאָטע.

— ביסט באמת גערעכט — האָט דער שניידערל געזאָגט, — גיב־זשע אַהער דאָס קנעפּל און מיר וועלן זיך נעמען נייען.

דאָס שניידערל האָט באַקוקט דאָס קנעפּל פון אלע זייטן און פונדאָסניי אָנגעהויבן צו זינגען זיין זמרל:

> מיט אַ נאָדל און אָן אַ נאָדל,
> ניי איך מיר בכבוד גדול.

פון הינטערן אויוון האָט עפּעס אויפגעלויכטן.

— עס האָט זיך אָנגעצונדן דאָס גראָשנדיקע ליכטל! ער קומט! — האָט דאָס שניידערל געזאָגט א באשמחהטער און האָט אַהין געקוקט דורך זיינע שפּאַקולן.

איידער דאָס שניידערל האָט נאָך באוויזן אַראָפּצוקריכן פון טיש איז פון הינטערן אויוון אפער געקומען אַ ייד אַן אָרעמאַן, א מדינה־גייער. ער האָט געהאַט א לאַנגע באָרד און גראָע געדיכטע ברעמען. ער האָט געטראָגן

אַן אָרעמאַנסקע זעקל אויף די פּלייצעס און געהאַלטן אַ גרויסן וואַלד־שטעקן אין דער האַנט.

— ברוך־הבא, ר' אליהו־הנביא האָט הערשעלע אויסגעשריגן און געוואָלט צו אים צולויפן.

דער אָרעמאַן, דער מדינה־גייער איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום טיש. ער האָט דאָרט אַוועקגעלייגט דאָס זעקל און געזאָגט צום שניידערל:

— איך האָב מיט דיר געלערנט אַלע סתרי־תורה. לסוף, ווען איך האָב דיך געפרעגט וועגן קנעפּל, איז מיר דער גאַנצער למד־וואָווניק געבליבן זיצן ווי אַ חדר־ייִנגל. האָב איך ערשט צו דיר געמוזט שיקן אַ פריילעך יונגערמאַנטשיקל, אַ וויצלינג און אַ קאַטאָוועס־טרייבער, כדי דו זאָלסט וויסן אין וואָסער שייכות עס שטייט דאָס קנעפּל צו דער קאַפּאָטע. וואָס הייסט סתרי־תורה? סתרי־תורה הייסן: די שייכותן פון קלענסטן צום גרעסטן און פון דעם גאָר־אונטן צו דעם גאָר־אויבן. סתרי־תורה הייסט: אחד. אין אחד שטייט אַלצדינג אויף דער מדריגה פון דער שייכות צווישן משל צום נמשל. אַן דעם אונטן, ר' למד־וואָווניקל, קומט מען קיינמאָל נישט אַרויף אויבן, און אָן דעם קנעפּל הויבט זיך גאָר נישט אָן מיט דער גאַנצער קאַ־פּאָטע.

און אליהו־הנביא האָט ווייטער געזאָגט:

— עס האָבן זיך איצט אין איין שטיבעלע צונויפגעטראָפן דער למד־וואָווניק און דער פרייליכער ייִד. אין איינעמס זכות האַלט זיך די וועלט. דער צווייטער — טרייסלט מיט דער וועלט ווי מיט אַ לולב און טרייבט מיט איר קאַטאָוועס. איז־זשע, שניידערל סערדצע, גיב בראָנפן און נעם זיך ניי'ען די רעכטע קאַפּאָטע. אין דער דאָזיקער קאַפּאָטע דאַרף הערשעלע אָסטראָפּאָליער גיין און פריילעך מאַכן דעם רבין ר' ברוכל.

אליהו־הנביא האָט אַרויסגענומען פון זיין זעקל אַ שיינעם לייפּציקער טוך און עס דערלאַנגט דעם שניידערל.

— ניי, שניידערל, ניי — האָט ער געזאָגט — ניי מיט אַ נאָדל צי אָן אַ נאָדל נאָר ניי מיר בכבוד גדול!

— און צום בראָנפן קומט אַ שטיקל שטרודל — האָט הערשעלע צוגע־לייגט אַ גראַם צו אליהו־הנביאס גראַמען.

איבער דעם דאַך פון למד־וואָווניקס שטיבעלע האָט מען פּלוצים גע־הערט הייזעריק שרייען:

— קרע!!! קרע!!!

— עס איז דער בעל־דבר! — האָבן הערשעלע אָסטראָפּאָליער און דאָס שניידערל אַרויסגערעדט אין איין קול. אליהו־הנביאָ האָט צוגעקלאפּט מיט זיין אָרעמאַנסקן שטעקן, ווי איינער זאָגט: ווי איך בין אַ ייִד — איר האָט געטראָפן.

דורכן קוימען איז אַריינגעפאלן שרה־רבקהס פּעקל פאר יענער־וועלט, דאָס פּעקל, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין הערשעלעס אלטער קאַפּאָטע.

— כ׳לעבן, דו ביסט א גרויסער שמענדריק, בעל־דבר סערדצע — האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַרויפגעשריגן דורכן קוימען — דער פריי־לעכסטער ייִד פון דער וועלט וועט דיר אַמאָל אָפּטון דאָס רעכטע שפּיצל. ער וועט דיך אויסשטעלן פאר א לעקיש און דו וועסט זיך מוזן שעמען פאַר אלע דיינע לאַפּיטוטן.



## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

דער מחבר געזעגנט זיך מיט זיינע לייענער און שמועסט זיך מיט זיי דורך וועגן לאָקש און וועגן ציבעלע.

ביים סוף פון אַ חיבור, וואָס דער מחבר באטראכט נייערט ווי א מירצע־שעם, דאָס הייסט, ווי אַן התחלה פון אַן אנדער חיבור, — פירט זיך ביי לייטן, אַז איידער אַ מחבר שטעלט אוועק דעם טינטער, געמט ער און שמועסט זיך אַדורך מיט זיינע הויכגעשעצטע לייענער און נאָך מער גע־שעצטע לייענערינס, — און רעדט זיך מיט זיי פונאנדער וועגן לאָקש, וועגן ציבעלע און שאָר־ירקות.

אַזוי איז דער דרך־העולם ביי שרייבער.

אין תוך גענומען איז יעדער מחבר אַ שטיקל הערשעלע אָסטראָפּאָ־ליער. זעלטן איז עמעצער טאַקע אַזאַ גרויסער הערשעלע, אַז אליהו־הנביאן זאָל זיך לוינען אים אראָפּצוברענגען אין אַ זעקל אהער אויפן עולם־התחתון. אונדזער חיבור האָט נאָר דערציילט, אזוי צו זאָגן, פון די לערן־יאָר פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער. דערווייל איז ערשט די וועלט געגאנגען ביי אים אין חדר אַריין און ער איז ערשט געגאנגען אין חדר אַריין ביי דער וועלט. עס איז טאַקע נישט קיין קאטאָוועס צו קומען קיין מעזשיבעזש און דאָרט משמח צו זיין דעם העכסטן צדיק! צו אַזאַ מדרגה מוז זיך אַ קאטאָוועס־טרייבער גוט אונטערגארטלען. ער מוז זיך גרייטן און דורכגיין קאַלטס און וואַרעמס.

אויב אַ מחבר איז נישט קיין נאַר, פאַרשטייט ער, אַז אלצדינג וואָס ער שרייבט און אַלצדינג וואָס ער איז מפרסם בדפוס איז נישט מער ווי א לערן־וועג און אַ צוגרייטונג צו אַ מדרגה. אַ מחבר מוז נעבעך כסדר קריכן אויף אַ לייטער און דערמיט איז ער אויך געגליכן צו אַ קוימענקערער. דער רוב מחברים דערגייען נישט אין ערגעץ. אַ טייל פון זיי פאַלן אַראָפּ פון דער

לייטער און ברעכן דאָס געניק. איך מיין, חלילה, נישט קיינעם פּוגע־בכבוד צו זיין און איך זאָג עס בלויז בדרך משל.

אויב א מחבר ווייס נישט, אז זיינע שרייבענישן זענען נישט מער ווי משלים צו תוך־זאַכן — וועט ער שוין בלייבן אַן אייביקע קאַליקע.

על־כן טייערע און הויכגעשעצטע לעזער און לעזערינס, נעמט אָן אונדזער חיבור נייערט ווי א הקדמה צום אמתן הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

ווען וועט קומען דאָס אמתע חיבור? מן־הסתם ווארט עס נאָך ערגעץ פון דער ווייטן. און מיר דארפן זיך גרייטן. דערווייל לאָמיר זיך פירן ווי ביי לייטן און לאָמיר זיך געזעגענען מתוך שחוק, איידער מיר הענגען אויף אונדזער פעדער אויף א טשוואָק. זענט איר דאָך אַ היפּשע צייט געווען די פאַרשווינען אויף מיין בויד און איך — דער שמייסער אויפן באָק.



## צווישן „דער וועלט" און „יענער וועלט"

(אַ כמו־עפּילאָג צו די מעשיות פון הערשעלע אָסטראָפּאָליער)

אַנומעלטן האָב איך אַ קוק געטון אויף מיינע וואָלקענעס די בלויע
און דאָרט געזוכט דעם נעכטיקן טאָג.
איך האָב געהאַט הנאה
פון דעם, וואָס איך פאַרמאָג.
יעדער חכם איז אַ האַלבער נאַר.
יעדער למדן איז צוגלייך אַ פּראָסטער אַרענדאַר.
יעדע פריידן איז אַ האַלבע קלאָג.
יעדעס געזאַנג איז האַלב געוואַיע.
זאָל איך זיין אַ גוטער צי אַ בייזער?
זאָל איך אָנטון לאַפּטשעס און גיין איבער די הייזער?
זאָל איך דזשענטעלמעניש מיך געבן אַ סטראַיע
און שפּילן אַ ליבעניש?
מיט וועמען?
מיט אַ יידישקע צי מיט אַ גויע?

---

שווער צו זיין אַ ייִד אויפן עולם־התוהו.

## קאַפּיטל איינס

דער גביר ר׳ משה־לייב האָט נעבעך נישט קיין שליטה אויף זיין אייגן האָב און גוטס. — אין איין שפּאַרונקעלע קאָן פאָרט דער דער יצר־טוב נישט אַריינשטעקן אַ פינגער.

אין שעברעשין האָט געוווינט אַ ייִד האָט ער געהייסן ר׳ משה־לייב. ער איז געווען אַ גרויסער גביר. ייִדן האָבן געזאָגט, אַז זיינע זעק מיט דור־קאַטן זענען גאָרנישט צו דערשאַצן.

דער יצר־הרע האָט דאָך אָבער פאַר יעדן מענטשן אַן אַנדער שפּיצל, האָט ער גענומען און אָט דעם ר׳ משה־לייבן געמאַכט רייכער פון טאָג צו טאָג. אלא וואָס דען? ער האָט אים צוגענומען די שליטה איבער דעם גרויסן עשירות.

מילא פון צדקה איז אָפּגערעדט. ווען ר׳ משה־לייב האָט פון דערווייטנס געזען אַן אָרעמאַן האָט ער זיך באַהאַלטן בחדרי־חדרים. דער אָרעמאַן קען נאָך חלילה בעטן אַ נדבה. אין דער פושקע פון ר׳ מאיר־בעל־הנס וואָס האָט געהאָנגען ביי דער טיר פון ר׳ משה־לייבן איז געלעגן פון קדמור־נים איין און איינציק צעבראָכן קנעפּל. מער האָט ער זיך נישט פאַרגינען אַריינצולייגן. די פּושקע האָט געהאט אַ שם אין שטעטל און די גבאים זענען מער נישט געקומען אין איר צו זוכן דעם אולי־ירחם.

איז דאָס נישט בלויז פאַר פרעמדע ייִדן. זיך אַליין האָט אָט דער ר׳ משה־לייב נישט פאַרגינען דעם לעפל וואַסער וואָס ער נעמט אין מויל אַריין. מיט קאַלטע ציטערדיקע הענט האָט ער געציילט יעדע קאַרטאָפליע וואָס זוגתו גיטל האָט געלייגט אין טאָפּ אַריין. כסדר האָט ער געשריגן, אַז מען שטעלט אים בדלות מחמת אין פריפּעטשיק איז דאָס פייער צו גרויס און מען פאַרברענט דאָרט צופיל האָלץ, ווען מען קאָכט די נעבעכדיקע וועטשערע. ווער דאָך דער לייענער מיינען, אַז מי־יודע וואָסער יקרות אויף האָלץ עס איז געווען אין שטעטל? אין שעברעשין איז געהילץ גע־ווען בחצי־חינם מחמת די גרויסע וועלדער, וואָס האָבן דאָרט אַרום דעם

שטעטל געוואקסן מיילנווייז. קיינער האָט נישט געוווּסט זייער עק, מען האָט נאָר געזאָגט, אַז די שעברעשינער וועלדער ציִען זיך ביז ארץ־ישראל

אין ווינטער האָט ר׳ משה־לייב נישט געוואָלט הייצן די הרובע. ער האָט בעסער געוואָלט זיצן אין דער קעלט איידער צו נעמען האָלץ און מאַכן דערפון אַש.

וואָס איז דאָ אַ סך מאריך צו זיין? דער בעל־דבר האָט דעם גביר ר׳ משה־לייבן גוט געהאַלטן אין די לאַפּעס.

ווייסן מיר דאָך אָבער, אַז אין אַ יעדער קליפּה איז פאַראַן אַ ניצוץ פון קדושה. עס איז גאָרנישט בנמצא אַ ייִד אויף דער וועלט — מעג ער זיין משוקע אין די סאַמע מים־טית — וואָס אין אים זאָל נישט ברענען וואָסער־עס־איז לעכצעניש צו אַ מצווה. אויך ביי ר׳ משה־לייבן האָט פונ־דעסטוועגן דער יצר־טוב געהאַט אַ שטיקל שפּאַרונקעלע וווהין ער האָט געקאָנט אַריינשטעקן אַ פינגער.

פון אַלע מצוות וואָס קאָסטן געלט איז טאַקע ר׳ משה־לייב אַנטלאָפן ווי דער פעפער וואַקסט. אַפילו אויף צו בענטשן אתרוג האָט ער זיך נישט פאַרגינען צו קויפן די אַרבע מינים. ער האָט זיי זיך אויסגעבאָרגט ביי אַ שכן.

איין מצווה האָט פאָרט ר׳ משה־לייב געהאַלטן ממש ביז מסירת נפש. לאָמיר הערן וואָסער מצווה.

אָט דער ייִד ר׳ משה־לייב איז געווען אַ מוהל איינער אין דער וועלט. אַ מומחה איז ער געווען אויף חידושים. זיך לאָזן מל זיין ביי ר׳ משה־לייבן איז געווען פּשוט אַ חיות. אַ האַלב שטעטל שעברעשין זענען געווען זיינע געמלטע, און יידן זענען טאַקע דאָרט געווען געזונט און פריש ווי די בערן. מען האָט געשמועסט, אַז ר׳ משה־לייב האָט גאָלדענע הענט. זיינע מוהל־מעסערלעך האָבן געבליצט ווי ווייס פייער און האָבן געהאַט אַ שם־טוב אין דער גאַנצער סביבה.

האָט מען גערופן ר׳ משה־לייבן צו ברית־מילה — אבי דער בעל־ברית איז נאָר נישט געווען קיין אָרעמאַן — און ר׳ משה־לייב האָט נישט באַדאַרפט מורא האָבן טאָמער וועט אים חלילה עפּעס קאָסטן — דעמאָלט האָט דער ייִד נישט געקוקט אויף קיין שניי און קיין רעגן, ער האָט אויך נישט געפרעגט ווי ווייט עס איז צו פאָרן — ער האָט גענומען זיין מוהל־מעסערל און געגאַנגען צי געפאָרן מל־זיין אַ רך־הגימול.

פאָרט אַ ייִדישע קישקע, און מען קאָן זי נישט דערשאַצן.

## קאַפּיטל צוויי

עפּנט, ר׳ משה־לייב, סערדצע! — מן־הסתם וועל איך דאָרט
גוט אָפּעסן, טראַכט ביי זיך ר׳ משה־לייב.

אמאָל אין אַ מיטוואָך, גאָר באַגינען, הערט ר׳ משה־לייב ווי פאַר זיין פענצטער פאַרפאָרט אַ שאַרפע בריטשקע.

ער טוט אַ קוק אַרויס און זעט אַ בריטשקע מיט אַ פּאָר סוסים וואָס עין לא ראתה. אויפן באָק זיצט אַ שמייסער־יונג מיט אַ לאַנגער בייטש, שרייט פּררר! און ציט קוים איין די צעברענטע סוסים.

מיט גרויס ברייטקייט קריכט פון דער בריטשקע אַראָפּ אַ ייִד אָנגעטון אין אַ טייערע וועג־בורקע. ער טראָגט אַ הויכן סאַמעטענעם קאַשקעט אויפן קאָפּ ווי אַ גבירישער בעל־שמחה. אַ באָרד האָט דער ייִד אַ ברייטע און אַ צעקאַמטע און זי גרייכט אים ביז צום בויך. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? קיין עין־הרע אַ ייִד מיט אַ הדרת־פּנים פון הדרת־פּנים־לאַנד.

דער ייִד גייט צו צו ר׳ משה־לייבס טיר, קלאַפּט אָן מיט גרויס האָפערדיקייט און רופט בקול רם:

— עפּנט, ר׳ משה־לייב סערדצע!

ווייסט דאָך ר׳ משה־לייב, אַז דאָס קלאַפּט נישט קיין אָרעמאַן, וואָס וועט חלילה בעטן אַ נדבה צי אַ שטיקל ברויט — גייט ער עפענען.

— גאָט העלף, ר׳ משה־לייב! — האָט דער גביר געזאָגט און זיך אַ גלעט געטון פאַר דער שיינער באָרד — מיין ווייב איז למזל געלעגן געוואָרן מיט אַ ייִנגעלע און עס איז מאָרגן דער ברית. מחמת מיינע מאַיאָנטקעס און מיינע קרעטשמעס זענען אַ ביסל וויטלעך פון שעברעשין, בין איך געקומען, אַז איר זאָלט מיט מיר מיטפאָרן און מל־זיין דעם רך־הנימול.

— אָך, מיטן גרעסטן כבוד! — האָט ר׳ משה־לייב געזאָגט, גענומען דאָס מוהל־מעסערל און זיך אַריינגעזעצט מיטן גביר אין דער בריטשקע.

ווען דער שמייסער־יונג האָט געטון אַ קנאַל מיט דער בייטש און די סוסים האָבן געטון אַ צי ווי די רוחות — האָט ר׳ משה־לייב ביי זיך געטראַכט:

— מן־הסתם וועל איך דאָרט גוט אָפּעסן און ס׳וועט מיך נישט קאָסטן קיין פּרוטה. אַ ווערטעלע צו זאָגן, ביי אַזאַ אדיר אויף אַ ברית!



# קאַפּיטל דריי

מען פאָרט און מען פאָרט אין די טונקלענישן פון די שעברעשינער וועלדער.

זיי זענען אַריינגעפאָרן אין די פייכטע טונקלענישן פון די אַלטע שעברעשינער וועלדער.

וווּהין די בריטשקע פאָרט מיט אים, האָט ר׳ משה־לייב נישט געוווּסט. נאָר ער האָט זיך נישט געדאגהט. קיין שום בן־אדם קען זיך נישט אויס אין די שעברעשינער וועלדער. מען ווייסט נאָר, ראשית: אַז זיי ציִען זיך ביז ארץ־ישׂראל; שנית: מכּל קצוי־ארץ קומען זיך די למד־וואָוו אין די דאָזיקע וועלדער צונויף אויף זייערע אסיפות. ווען עס האַלט ביטער מיט דער וועלט, קומען די זעקס און דרייסיק דאָ אַהער זיך צו באַטראַכטן ווי אַזוי מען קען די וועלט ראַטעווען.

די פערד זענען געלאָפן אין די וואַלדיקע טונקלענישן. דער שמייסער אויפן באָק האָט געקנאַקט מיט דער בייטש. דאָס ווידערקול אין וואַלד האָט אָפּגעענטפערט ווי הונדערטער בייטשן וואָלטן געקנאַלט פון אַלע זייטן. דער גביר האָט געשוויגן און זיך כּסדר געגלעט פאַר דער שיינער באָרד — און ר׳ משה־לייב האָט געטראַכט ווי אַזוי ער וועט זיך דאָרט אָנעסן מיט גבירישע מעדנים און עס וועט אים נישט קאָסטן קיין פּרוטה געלט. ער האָט זיך אַזש באַלעקט פון גרויס תענוג.

דערווייל פאָרט מען וואַלד אויס וואַלד איין. די שעברעשינער וועלדער ווערן פינצטערער. די ביימער גרייכן עד לב השמים און זיי פאַרשטעלן דעם טאָג. מען פאָרט ווי אין אַן אייביקן בין־השמשות.

## קאַפּיטל פיר

עפּעס גאָר גוואַלדיקע מאַיאָנטקעס! — שוין איינמאָל אַ קבלת־פּנים.

פּלוצעם זעט מען פונדערוווייטנס אַ גרויסן פריצישן „הויף". אַרום דעם „הויף" שטייען אַ סך שיינע הייזער מיט רויטע דעכער. עס דערגרייכן פון דאָרט אַ סך קולות, געלעכטערס און פריידיקע אויסרופן. מען הערט אפילו ווי עס שפּילן קלעזמאָרים.

— עס מוז זיין אַ גוואַלדיקער אדיר! — טראַכט ביי זיך ר' משה־לייב — איך שטעל מיר פאָר די מעדנים פון דער ברית־סעודה.

דערווייל דערנענטערט זיך די ברישקע צום גאַניק פונעם פּאַלאַץ. עס שטייען דאָרט אַ סך מענטשן, מאַנסבילן און ווייבער. אַלע זענען זיי אָנגעטון ווי גבירים און גבירטעס. די מאַנסבילן האָבן שיינע גרויסע בערד, און די ווייבער גייען אָנגעטון אין סאַמעט און אין זיידנס און מיט טייערע קופּקעס אויף די קעפּ. עס שפּילט שאַרף אַ קאַפּעליע. מען זעט אפילו ווי אַ בדחן נעמט זיך צו זאָגן גראַמען. אַלע מאַכן באַשמחהדיק מיט די הענט און זענען מקבל־פּנים דעם גרויסן גביר מיטן געברענגטן מוהל.

— עס איז שוין איינמאָל אַ שפּע! — טראַכט ביי זיך ר' משה־לייב.

— אַ פּשוטן ברית־מילה זאָל מען פּראַווען אַזוי ווי אַ חתונה, און אפילו מיט קלעזמאָרים און אַ בדחן!

דערווייל קומט אַרויס פון די אינעווייניקסטן פון פּאַלאַץ אַ ייִדענע. אַזאַ שטעל פון אַ ייִדענע האָט נאָך ר' משה־לייב קיינמאָל נישט געהאַט געזען. זי איז געווען פעט און אויסגעפּאַשעט און מיט אַ פינף־גאָרנדיקן גוידער. די ייִדענע האָט אויסגעקוקט אי ווי אַ רביצין און אי ווי אַ גרויסע גבירטע. אויף אירע שוואַרצע סאַמעטענע מאַנטילקעס האָבן גע־שעמערירט גאָלדענע קייטן און שנירן פּערל. אין די לעפּלעך פון אירע

גרויסע אויערן האָבן זיך געבאַמבלט ברילִיאַנטענע אוירינגלעך גרויס ווי די וועלעשענע ניס און ליכטיק ווי דער טאָג. אויפֿן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ גרויסע טיפֿע קופּקע מיט שפּיצן און בענדער. די ציטערנאָדלען אויף אָט דער קופּקע האָבן זיך געשאָקלט ווי אַ גאָלדענער וואַלד.

ר׳ משה־לייב האָט געזען ווי אַלע מאַכן מיט גרויס כבוד אַ וואַרע פֿאַר אָט דער חשובער ווײַבערישער אָסאָבע. זי איז פּאַמעלעכל אַראָפּגע־גאַנגען אויף די טרעפּ. אַלע ציטער־נאָדלען אויף איר קופּקע האָבן זיך געטרייסלט. זי איז צוגעגאַנגען צו דער בריטשקע און מיט אַ גראָב מאַנסביליש קול געזאָגט צו ר׳ משה־לייבן:

— ברוך־הבא, מוהל!

— וואָס מאַכט פֿריידעלע, מאַמע? — האָט דער אדיר געפֿרעגט מיט גרויס דרך־ארץ און אַראָפּגעקראָכן פֿון דער בריטשקע.

— אַלדאָס גוטס, — האָט די ייִדענע געענטפֿערט — מען דאַרף דעם מוהל אַרײַנפֿירן צו דער יולדת. זאָל ער באַקוקן דאָס קינד פֿאַרן מל־זיין. קומט, ר׳ ייִד!



# קאַפּיטל פינף

ביי די שדים אין די זומפּן. — אגרת בת מחלת ימח שמה זאָל זי ווערן.

די חשובע ייִדענע האָט ר׳ משה־לייבן אַריינגעפירט אין אַ טונקל חדר. פאַרהאַנגען פון שווערן געלן בראָקאַט זענען דאָרט געווען אַרונטער־געלאָזן איבער די פענצטער. דאָס זון־ליכט פון דרויסן האָט זיך דורך זיי אַדורכגעזיפּט ווי אַן איידעלער בלאַסער ווייַן. פון הינטער אַ שפּאַנישע ווענטל האָט געוויינט אַ קינד.

די ייִדענע האָט אַפּגערוקט דאָס שפּאַנישע ווענטל און איבער־געלאָזט דעם מוהל אַליין מיט דער יולדת.

אין אַ גרויס און טייער מאַכאָנען הימל־בעט איז געלעגן אַ דראָבנע פרוי. זי האָט געטראָגן אַ קלאָר־ווייסע שפּיצענע שלאָף־קופּקע. פון אונ־טער דער שלאָף־קופּקע האָבן אַפּגעקוקט גאָלד־בלאָנדע האָר. די יולדת האָט אויסגעקוקט בלאַס און מיד. לעבן איר, איינגעוויקלט אין אַ טייער ווייס קישן מיט אַ סך בענדער און שפּיצן איז געלעגן און געוויינט אַ קינד.

ר׳ משה־לייב איז צוגעגאַנגען צום בעט. די יולדת האָט שווער אויפ־געהויבן דעם קאָפּ. זי האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן צי קיינער הערט נישט און מיט אַ שטיל קול געזאָגט צום מוהל:

— זייט וויסן, מיין טייערער ייִד, אַז מיין מאַן איז אַ שד. די אַלע ייִדן און ווייבער וואָס איר זעט דאָ זענען גאָלע פאַרשטעלטע שדים און „יענע־לייט". די פּאַלאַצן און עשירותן וואָס איר זעט דאָ זענען האָקוס־פּאָקוס און פאַרבלענדעניש. מיר זענען דאָ אינמיטן אַ גרויסער זומפּ פון די שעברעשינער וועלדער. עס איז ביי אייך נייערט אַן אויסדאַכטעניש,

אַז איר זענט אין אַ ישוב און זעט אַזוי פיל האָב און גוטס און קיין עין־הרע אַזאַ שפע מיט ייִדן.

ר׳ משה־לייב איז ווייס געוואָרן ווי די וואַנט. הענט און פיס האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן.

— אין אָט דעם שוואַרצן תוהו־ובוהו בין איך דער איינציקער מענטש — האָט די יולדת ווייטער געזאָגט — קינדווייז האָב איך מיך אין אַ ביי־נאַכט פאַרבלאָנדזשעט אויפן בית־הקברות פון אונדזער שטעטל. פון צווישן די מצבות איז פּלוצעם אַרויסגעפּאָרן אַ בויד מיט שדים. זיי האָבן מיך געכאַפּט און מיך אַוועקגעפירט אין די זומפּן פון די שעברעשינער וועלדער. דאָרט האָט מיט מיר חתונה געהאַט אַ גרויסער שר פון די שדים — און דאָס איז מיין מאַן. אָט די ברייטע רייכע ייִדענע איז, מישטיינס געזאָגט, מיין שוויגער. די שדישע מאַמע פון מיין מאַן דעם שד. זי איז אַ גרויסע שישקע ביי די „נישט־גוטע". זי איז ביי זיי עפּעס אַזוינס ווי אַן אויבער־גבאיטע. איר נאָמען איז אגרת בת מחלת. אין „זוהר" ווערט זי פּאָדראָבנע באַשריבן. די גרעסטע מקובלים זוכן זי אַרום מיט צירופים און השבעות, כדי פון איר פּטור צו ווערן. די ארורה איז אָבער נישט פון די שדיכעס וואָס לאָזן זיך כאַפּן פון די גרעסטע מקובלים.

— שמע־ישראל! — האָט ר׳ משה־לייב אַרויסגעשריגן אין גרויסע אַנגסטן.

— איך בין אַ בת־ישראל — האָט די יולדת געזאָגט — און יעדער ייִד איז מיר טייער. דערימאַך בין איך אייך מזהיר: מל־זיין מיין קינד — זאָלט איר. פאָרט איז עס אַ האַלבער ייִד. איר אָבער, זייט אָפּגעהיט נישט טועם צו זיין דאָס מינדסטע, און נישט דאָס מינדסטע נהנה צו זיין. מען וועט אייך דאָ וועלן מכבד זיין פון כל־טוב. מען וועט אייך דער־לאַנגען מעדני־מלכים וואָס איר האָט נאָך נישט געזען אפילו אין חלום. זייט אָבער וויסן, אַז דאָס אַלצדינג איז נייערט האָקוס־פּאָקוס און פאַר־בלענדעניש. עס איז נייערט טומאה־וואַסער וואָס די שדים שעפּן אין די זומפּן פון די שעברעשינער וועלדער. איר זענט אַ פאַרלוירענער פוןביידע וועלטן טאָמער חלילה וועט איר אָנרירן דאָס מינדסטע פון דער שדישער שפע וואָס איז בלויז שאָטן און תוהו־ובוהו.

די יולדת האָט געוויזן ר׳ משה־לייבן מיט אַ פינגער אויפן מויל, אַז מער קען זי נישט רעדן — מחמת מען גייט שוין ביי דער טיר.

די טיר האָט זיך טאַקע געעפנט. אין דער שלאָף־שטוב זענען אַריינ־געקומען דער אדיר מיט זיין מאַמע די ארורה אגרת בת מחלת. זיי האָבן ביידע געשמייכלט צום מוהל ווי הינט אומגעוואַשן. דער שד האָט זיך שמייכלענדיק געגלעט פאַר זיין שיינער באָרד. די שדישע אויבער־גבאיטע האָט געשאָקלט מיט אַלע גאָלדענע ציטער־נאָדלען פון איר טיפער קופּ־קע. אויף אַ גראָב מאַנסבילישן קול האָט זי געזאָגט צו ר׳ משה־לייבן:

— קומט, ר׳ מוהל!



## קאַפּיטל זעקס

הוליע־קבצן ביי די שדים. — ר׳ משה־לייב איז טויט הונגע־
ריק, נאָר ער היט זיך עפּעס טועס צו זיין.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון אַלע זייטן האָט מען געהערט דאָס קנאַלן פון בייטשן און דאָס הירזשען פון פערד. פאַרן פּריצישן „הויף" זענען פאַרפאָרן שאַרפע בריטשקעס און קאָטשן. דאָרט זענען גע־זעסן ייִדן־גבירים מיט שיינע בערד און סאַמעטענע קאַשקעטן. ווי אויך אַלטע און יונגע ווייבער אָנגעטון אין סאַמעט און אין זיידנס. אַלע זענען זיי געווען אין גרויס שמחה, געלאַכט און געשריגן „מזל־טוב" צום בעל־ברית און אַז מען זאָל דערלעבן צו דער חופה פון רך־הנימול.

ר׳ משה־לייב האָט געקוקט מיט גרויס פּחד און אומעט, מחמת ער האָט געוווּסט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ שוואַרץ פאַרבלענדעניש פון שדים, מזיקים און שרעטעלעך. עס איז נייערט אַ שפּיל פאַרן טייוול אין מיטן די פּוסטע זומפּן פון די שעברעשינער וועלדער.

דער ברית האָט ערשט באַדאַרפט צו זיין מאָרגן. דערווייל האָט מען מכבד געווען די געסט מיט אַ גרויסע וועטשערע. אויף דער דאָזיקער וועטשערע — נאָך קודם־הברית — האָט זיך שוין דער טיש געבראָכן פון מעדנים, וואָס ר׳ משה־לייב האָט נישט געזען אפילו אין זיין מאַמעס בויך. זיי האָבן פאַרריסן מיט זייערע ריחות און גלוסטענישן און ווי גע־שריגן צו ר׳ משה־לייבן: עס מיך!

דער ייִד איז געווען טויט־הונגעריק, ער האָט געהאַט אַ פול מויל מיט וואַסער און עס האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן. דער יצר־הרע האָט אים געפּאָרקעט. אָט־אָט האָט ער געוואָלט נעמען אַ לעפל און אים אַריינשטעקן אין אַ שיסל מיט פעטע יויך און לאָקשן.

אָבער ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך געהאַלטן מיט אייזערנע

צוזאַנגען. ער האָט געוווסט, אַז אַלע מעדני־מלכים אויפן טיש זענען אײטל תוהו־ובוהו. מען גיט אים דאָ צו טרינקען דעם עיפוש פון די שע־ברעשינער זומפּן, כדי ביי אים צוצונעמען ביידע וועלטן.

— פאַרוואָס עסט איר נישט, ר׳ מוהל? — האָט אים דער גבירישער בעל־ברית אונטערגעיאָגט און געסמאָטשקעט מיט די גראָבע פעטע ליפּן פון גרויס תענוג — אַזעלכע באַטעמטע לאָקשן קאָכט מען גאָרנישט אין אײער שעברעשין.

ר׳ משה־לייב האָט צוגעמאַכט די אויגן. די סלינע איז אים גערונען איבער די ליפּן און ער האָט קוים אַרויסגעבעבעט מיט גרויס ציטערניש:

— אַ דאַנק. לאַ־עלינו בין איך נישט בקו־הבריאה. דער רופא אין שטעטל האָט מיך נישט געהייסן עסן קיין לאָקשן.

אינצווישן האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן די קלעזמאָרים. די פידעלעך און קלאַרנעטן האָבן זיך צעגאָסן מיט זיסע ניגונים פון וועלכע מען האָט באַשיימפּערלעך געהערט ווי עס זינגט און פייפט דער בעל־דבר. ר׳ משה־לייב האָט געמיינט, אַז ער פאַלט אין חלשות פון מתיקות. דער הונגער האָט אים געטאָטשעט אין בויך ווי אַ וואָרעם. פון אַלע טעלער האָבן זיך צו זיינע נאָז־לעכער געטראָגן די וווּנדערלעכע גלוסטענישן פון די מעדנים.

באַלד האָט דער בדחן אָנגעהויבן צו זאָגן גראַמען. אַלע גראַמען זענען געווען לויב־געזאַנגען צו דער אכילה.

— עסט, ר׳ משה־לייב, אַ שטיקל אינדיק — האָט דער בעל־ברית אים מפציר געווען און געוויזן אויפן גרויסן שטיק געבראָטענעם אינדיק וואָס מען האָט ר׳ משה־לייבן אַרויפגעלייגט אויפן טעלער — ס׳איז שוין איינמאָל אַ מעדן! ווען זעט איר דען אין אײער שעברעשין אַזאַ אינדיק?

— האָט דער שד געלאַכט ווי אַן אומגעוואַשענער הונט און אָנגעהויבן צו פרעסן אינדיק.

ר׳ משה־לייבן איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. די קישקעס אין בויך האָבן זיך אים געדרייט פון הונגער. די סלינע פון מויל איז אים שוין גערונען איבער דער באָרד. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט וואָס די יולדת האָט אים געזאָגט, אַז דאָס איז נישט מער ווי שאָטן און קליפּה, און ער האָט קוים אַרויסגעבעבעט:

— עסט געזונטערהייט, ר׳ גביר. דער שעברעשינער רופא האָט מיר געאסרט צו עסן אינדיק.

# קאַפּיטל זיבן

האָקוס־פּאָקוס ביי דער קליפּה.

א גאַנצע נאַכט איז ר׳ משה־לייב געלעגן אין אַנגסטן און פּחד. אים האָט זיך כסדר אויסגעדוכט, אַז אַרום זיין בעט גייט מען אויף הי־נערשע פּיסלעך און מען איז מחרף־מגדף דעם שם־הקודש.

ער האָט געקוקט אויפן זייגער און געזען אַז ס׳איז חצות. עס האָבן נישט געקרייעט קיין הענער ווי ער איז געווינט געווען צו הערן אין די חצותן אין שעברעשין. אין די פינצטערע אינדרויסנס האָבן געמיאַוקעט קעץ. די האָר האָבן זיך אים געשטעלט קאַפּויער און ער האָט באַהאַלטן דאָס פּנים אין די קישנס און נאָך אַמאָל געזאָגט „המפּיל".

צומאָרגנס באַגינען האָט זיך געעפנט די טיר פון דעם חדר וווּ ר׳ משה־לייב איז מקלאָמפּערשט געשלאָפן. דער ייִד איז שוין געווען אָנגעטון און שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט „פון פאָרנט". אויף דער שוועל איז גע־שטאַנען דער בעל־ברית אָנגעטון אין אַ שיינער אַטלעסענער קאַפּאָטע. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ גרויס גביריש שטריימל. אונטערן אָרעם האָט ער געהאַלטן אַ טייערן סאַמעטענעם טלית־זאַק.

— קומט דאַוונען, ר׳ מוהל, — האָט ער געזאָגט.

ר׳ משה־לייב איז מיטן בעל־ברית אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן. דאָרט האָט שוין געראָיעט מיט גבירישע מאַנסבילן און אויסגעפּוצטע ווייבער. די ארורה אגרת בת מחלת איז געווען אויסגעסטראָיעט אין עסיק און אין האָניק און איינגעטונקען אין פּערל און אין אבנים־טובות. זי האָט גע־שאָקלט מיט די ציטער־נאָדלען פון איר קופּקע און אויף אַ גראָבן מאַנס־בילישן קול געזאָגט צו ר׳ משה־לייבן:

— גוט מאָרגן, ר׳ מוהל!

ר׳ משה־לייב האָט זי אָנגעקוקט אַ צעמישטער. ער האָט נעבעך וויל

געוווּסט, אַז אַלצדינג וואָס ער זעט איז בײַערט דער שקר־וכזב פון דעם תוהו־ובוהו.

מען האָט ר׳ משה־לייבן צוגעפירט צו אַ שול. דער ייִד האָט זײַנע אויגן נישט געגלויבט. אַזאַ יופי פון אַ שול האָט ער נאָך נישט געזען זינט ער לעבט. ער האָט בײַ זיך געטראַכט:

— ימח־שמה זאָל זי ווערן, די קליפּה! ווען עס גייט איר אין לעבן משחית צו זײַן אַ ייִד נעמט זי די מיאוסטע טומאה און בויט פון איר אויס אַ מיקלאָמפּערשט־שיין מקום־קדוש...

אינעווייניק איז די שול געווען נאָך שענער ווי אין דרויסן. אירע ווענט זענען געווען אויסגעמאָלן מיט די טייערסטע געמעלעכצן. הענג־לייכטער און העסעס האָבן אין איר געשעמערירט ווי אייטל גאָלד. זי איז געווען פול מיט מיקלאָמפּערשטע מתפּללים. אויבן אין דער ווייבער־שול זענען געזעסן אויסגעפּוצטע ווייבער. בראש פון זיי — האַרט בײַם גע־גאָטער — איז געזעסן די ארורה אגרת בת מחלת און מיקלאָמפּערשט געדאַוונט פון אַ גראָבן קרבן־מנחה־סידור מיט זילבערנע טאָוולען.

ווי ר׳ משה־לייב איז נאָר אַרײַנגעקומען אין שול האָט אַ חזן מיט משוררים אָנגעהויבן צו דאַווענען און צו זינגען „וכרת״. אַזאַ מתיקות פון חזנישע שטיקלעך, אַזאַ קול פון אַ חזן און אַזעלכע קוויטשערלעך פון משוררים האָט רב משה־לייב נאָך נישט געהאַט געהערט. ער האָט עס אפילו נישט געהערט דערציילן וועגן דעם גרויסן און באַרימטן חזן קאַשטן.



# קאַפּיטל אַכט

היט זיך, משה־לייב! — עס איז אַלצדינג הוילער שקר־וכזב!

ר׳ משה־לייב האָט מל געווען דאָס קינד און עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די גרויסע סעודת־מצווה. מ׳האָט דעם מוהל אַוועקגעזעצט אויבנאָן לעבן בעל־ברית און מען האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט מאכלים און משקאות וואָס עין לא ראתה. דער ייִד האָט שוין דעם צווייטן טאָג נישט געהאַט דאָס מינדסטע געגעסן. ער האָט אפילו צוגעמאַכט די אויגן און נישט געוואָלט קוקן אויף די פולע טעלער. נאָר וואָס פועלט צומאַכן די אויגן ווען די ריחות פון די מעדנים דערגרייכן ביז צו דער גרגרת און דער בויך איז אים שוין איינגעשרומפּן פון הונגער?

— עסט, עסט, ר׳ משה־לייב! ווי האָט איר אַזוינס ביי אייערע שעברעשינער כּניאָקעס? — האָט אים דער בעל־ברית אונטערגעיאָגט און דערביי האָט ער געהאַט אַ פולן פּיסק מיט מעדנים און דאָס פעטע שמאַלץ איז אים גערונען איבער דער שיינער באָרד.

דער ייִד האָט שוין געוואָלט אויסשטעקן די האַנט און נעמען אַ לעפל — נאָר אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער הערט אַ קול:

— משה־לייב, משה־לייב! היט דיר די ביינער! טאָמער וועסטו חלילה דאָס מינדסטע טועם זיין פון אָט דעם שקר־וכזב, ביסטו פאַרשטויסן פון ביידע וועלטן. דערצו וועסטו נאָך האָבן אַ פול מויל מיט עיפּושדיקער זומפּן־בלאָטע.

— כ׳בין עפּעס לאַ־עליכמדיק, ר׳ גביר — האָט ר׳ משה־לייב געזאָגט מיט בלאַסע ציטערדיקע ליפּן און שטאַרק צוגעקוועטשט די אויגן. — דער שעברעשינער רופא האָט מיך מזהיר געווען גאָרנישט צו עסן.

# קאַפּיטל נײַן

מען גיט אים צוריק די שליסלען

**וו**ען עולם שדים האָט זיך שוין געהאַט גוט אָנגעזשלאָקעוועט מיטן מיקלאָמפּערשטן טוב־ומטיב, האָט די קאַפּעליע אויפגעשפּילט אַ פרייי־לעכס. דער בדחן האָט אָנגעהויבן צו זאָגן גראַמען מיט באַהאַלטענעם ניבול־פּה.

פּלוצעם האָט זיך דער בעל־ברית אויפגעשטעלט. ער האָט אָנגענומען ר׳ משה־לייבן פאַר דער האַנט און צו אים געזאָגט:

— קומט, ר׳ ייִד! איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן.

ר׳ משה־לייב האָט אָנגעהויבן צו ציטערן מיט הענט און פיס. איצט איז ער זיכער געווען ווי דער טאָג, אַז דער משחית גייט אים קעפּן.

דער אדיר האָט אים אַרייַנגעפירט אין אַ חדר וואָס איז געווען פול אָנגעשטעלט מיט גרויסע גלעזערנע שאַפעס. די שאַפעס זענען געווען אָפענע און אין זיי זענען געשטאַנען אַלערליי טייערע זילבערנע חפצים. זייער העלע ווייסקייט האָט געבלענדט ר׳ משה־לייבן אין די אויגן. עס זענען דאָרט געווען אַלערליי בעכער און טאַצן, לייכטער און מנורהלעך, וווּנדערלעכע בשמים־ביקסן און זעלטענע זילבערנע „ידות״ צו ספרי־תורות, זילבערנע מזוזות ווי אויך אַלערליי זילבערנע קעסטעלעך צו מטבעות. די קעסטעלעך זענען געשטאַנען אָפענע און פולע ביזן אויג מיט זילבערנע מטבעות.

— נעמט עפּעס פון דעם זילבער, ר׳ מוהל — האָט דער אדיר גע־זאָגט און געוויזן אויף די אָפענע שאַפעס — איך האָב גענוג זילבער און איך האָב הנאה מהנה צו זיין אַ ייִד.

ר׳ משה־לייבן האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. נאָר ער האָט זיך געהאַלטן מיט אייזערנע צוואַנגען און האָט קוים אַרויסגעבעבעט:

— יישר־כוח, ר׳ גביר. איך האָב גענוג זילבער ביי מיר אין דער היים.

דערנאָך האָט אים דער אדיר אַריינגעפירט אין אַ שיינעם חדר און מיט נאָך גרעסערע שאַפעס. די שאַפעס זענען געשטאַנען אויפגעפּראַלטע. ר׳ משה־לייבן האָט אַ זעץ־געטון אין די אויגן אַ גוואַלדיקע שפע פון גאָלד, ברילִיאַנטן און אבנים־טובות.

— נעמט זיך כאָטשבי אַ פינגערל, ר׳ מוהל — האָט דער אדיר גע־שמייכלט און געוויזן אויף די אויפגעפּראַלטע שאַפעס — איך האָב גאָלד און ברילִיאַנטן ווי מיסט. נאָר א דאגה האָב איך! מיין גרעסטער פאַר־געניגן איז מהנה צו זיין אַ ייִד מיט מיין גאָלד.

ר׳ משה־לייב האָט זיך געבאָדן אין קאַלטן שווייס — פונדעסטוועגן האָט ער נאָך באַוויזן אַרויסצובעבען:

— איך האָב גענוג גאָלד ביי מיר אין דער היים, ר׳ גביר.

דערנאָך האָט ער אים אַריינגעפירט אין אַ דריט חדר. דווקא גאָר אַ פּשוט חדר מיט ווייס־אויסגעקאַלכטע ווענט. דאָרט זענען נישט געווען קיין שום חפצים. אויף די ווענט האָבן געהאָנגען האָקעס. אויף יעדן האָק איז געהאָנגען אַ בונט פּראָסטע אייזערנע שליסלען.

דאָ איז ר׳ משה־לייב פּלוצעם געבליבן שטיין. ער האָט גאָר אינ־גאַנצן פאַרגעסן ווו און ביי וועמען ער געפינט זיך.

אויף איינעם פון די האָקעס איז געהאָנגען אַ בונט פון זיינע אייגענע שליסלען אינדערהיים. די אייזערנע שליסלען צו די קאַסטנס מיט די גאָלדענע דוקאַטן, וועלכע ער האָט געזאַמלט און געזאַמלט במשך זיין גאַנץ לעבן.

— אויפן זילבער און אויפן גאָלד האָט איר זיך גאָרנישט געחידושט, ר׳ משה־לייב — האָט דער גביר געזאָגט מיט אַ שמייכל און זיך גע־גלעט פאַר דער שיינער באָרד — עפּעס דאָרט פּראָסטע אייזערנע שליסלען פריטשמעליען איך אַזוי? האַ?

— עס זענען דאָך מיינע שליסלען! — האָט דער ייִד אַרויסגעזאָגט מיט גרויס ציטערניש.

דאָ האָט ר׳ משה־לייב געזען ווי די גרויסע גבירישע אָסאָבע האָט זיך פּלוצעם פאַרוואַנדלט אין אַ קליין שוואַרץ קעצל. נאָר אַנשטאָט קעצישע פּיסלעך האָט ער געהאַט פּיסלעך פון אַ הון. דאָס קעצל האָט

ר׳ משה־לייבן אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר קאַלטע גרינע אויגן און צו אים געזאָגט מיט דעם קול פון אַ מענטש:

— הנה זייט וויסן, ר׳ משה־לייב, אַז איך בין אַ שר ביי די שדים. איך בין דער ממונה אויף די קאַרגע און קמצנישע ייִדן. איך האַלט זייערע שליסלען און לאָז זיי נישט געניסן פון זייער אייגן האָב־און־גוטס. איר, ר׳ משה־לייב, זענט בייגעשטאַנען דעם נסיון און האָט דאָס ווינציקסטע נישט געוואָלט נעמען ביי מיר. נאַט אייך צוריק אייערע שליסלען! פון איצט אָן וועט איר האָבן שליטה איבער אייער פאַרמעגן.

ר׳ משה־לייב איז אַהיימגעפאָרן און איז געוואָרן אַ גרויסער בעל־צדקה. ער איז נפטר געוואָרן בשיבה־טובה און נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ שם־טוב אויף אַלע ייִדן געזאָגט.



# קאַפּיטל איינס

דער יצר־הרע פּאַרלאָזט אַלע מלכי מזרח ומערב און נעמט זיך
צום פּרוש ר׳ ירוחם־געצל.

גאָר פּארצייטנס האָט געלעבט אין קרוין־פּוילן אַ ייִד האָט מען אים גע־
רופן ר׳ ירוחם־געצל דער פּרוש.

דאָס איז געווען א צעבראָכענער, אַ שברי־כלי פון אַ ייִד. אַן איינגע־
בויגענער אין דרייען און מיט אַ היפּשן הויקער אויף די פּלייצעס. אַחוץ
דעם וואָס ער איז נעבעך געווען אַ גרויסער קבצן, האָט ער נאָך געפּאַסט
משבת לשבת.

גאַנצע מעת־לעתן איז ער געזעסן און געלערנט. ביינאַכט האָט ער
געלערנט ביי אַ קינדל האָלץ.

וואָלט מען דאָך געמיינט — אַז ווען דער בעל־דבר קוקט אָן אַזאַ
ייִד, פּאַרקאַטשעט ער די פּאָלעס און אַנטלויפט פון אים ווי דער פּעפּער
וואַקסט.

הייבט זיך נישט אָן!

דער יצר־הרע איז גאָר עפּעס א מאָדנע בעל־תאוה. טייל מאָל פּאַר־
לאָזט ער אַלע מלכי־מזרח־ומערב, אַלע פּריצים און יפיפיות און וויל זיך
דווקא חברן מיט אַ ר׳ ירוחם־געצלען. ווען עס זאָל אים געראָטן צו פּועלן
ביי דעם דאָזיקן ייִד דאָס מינדסטע עבירהלע, וואָלט ער, דער ימח־שמו,
דערפּאַר אָוועקגעגעבן דאָס גאַנצע שוואַרצע גאָלד וואָס ער האָט ליגן אין די
קאַסעס פון גיהנום, דערצו וואָלט ער נאָך געגאַנגען אַ קאָזאַצקעלע מיט
לייליתן און איר געווונטשן מזל־טוב.

ר׳ ירוחם־געצל האָט נעבעך געוווּסט ווער עס האָט זיך אויף אים
אָנגעזעצט. לב יודע מרת נפשו. האָט ער נאָך מער אָנגעהויבן צו פּייניקן
זיין גוף מ׳שטיינס געזאָגט. זומער האָט ער זיך אַריינגעלייגט שטאָכעלקעס

אין די הויזן. ווינטער האָט ער זיך אַ נאַקעטער געוואַלגערט אין שניי. יידן האָבן נישט איין מאָל ר׳ ירוחם־געצלען געפונען אַ האַלב־דערפרוי־רענעם אויף טויט.

ר׳ ירוחם־געצל האָט נעבעך געזען, אַז וואָס ער זאָל נישט טון וועט ער זיך אין אַ מענטשלעכן ישוב מיטן יצר־הרע נישט קיין עצה געבן.

מיטן פּרושס גוף האָט דער ימח־שמו אפילו גאָרנישט געקאָנט מאכן. גיי און שפּיל אויף אַ שברי־כלי! דערפאַר האָט ער זיך באַזעצט ביי ר׳ ירוחם־געצלען אין די הרהורים און מחשבות ווי ביים טאַטן אין וויינ־גאָרטן. בייטאָג און ביינאכט ווען דער ייד איז אַ הונגעריקער געזעסן ביי דער גמראָ און מען האָט געמיינט, אַז ער זשיפּעט קוים — דעמאָלט גראָד האָט דער בעל־דבר אים געלאכט אין די מחשבות און צו אים געשריגן: געוואלד ירוחם־געצל, זיי נישט קיין בטלן! דערביי האָט ער גערופן צו הילף לילית און די ימח־שמוניצע האָט זיך דעם ייד געוויזן אין כל־יפיה.

ר׳ ירוחם־געצל האָט העכער געלערנט די גמראָ. ער האָט געוואָלט פאַרשרייען דעם יצר־הרע.



## קאַפּיטל צוויי

ר' ירוחם־געצל גייט אַוועק אין אַ פּוסטער קרעטשמע כדי צו ווייזן דעם בעל־דבר אַ פייג.

אַמאָל איז צו ר' ירוחם־געצלען דערגאַנגען, אַ שמועה, אַז ערגעץ־ווו אין ווייטע וועלדער שטייט אַ פּוסטע קרעטשמע. דאָרט וווינט אַן אַרענדאַר, אַ גראָבער יונג, אַ מוכסן. מחמת דער עם־הארץ וווינט תמיד צווישן ביימער און גויִים דערימאַך האָט ער זיך אָנגענומען מיט עשוס רציחה און פירט זיך אויף ווי דער סאַמאָראָדנער עמלק. ער האַלט אפילו אַ מלמד צו זיין בנקל. דער מלמד אָבער מוז דאָרט אין דער קרעטשמע, אַרבעטן עבודת־הפרך, טראָגן פּאָמעניצעס און טרייבן די קי. דערביי נעמט דער אַרענדאַר די בייטש אין דער האַנט אַריין און ווען עס פאַרגלוסט זיך אים קאַטעוועט ער דעם מלמד ביז בלוט. עסן גיט ער אַ קרענק מחמת ער איז אַ ווילדער קמצן. קיין שום מלמד האלט נישט דאָרט אויס מער ווי אַ וואָך. ער מוז נעבעך אַנטלויפן פון דער קרעטשמע און דער אַרענדאַר יאָגט אים נאָך אַרויס מיט דער בייטש.

פאַר ר' ירוחם־געצלען איז עס געווען אַ בשורה־טובה און ער האָט ביי זיך געטראַכט: לאָמיך אַהין גיין אין יענער פוסטער קרעטשמע און ווערן אַ מלמד ביי דעם אַרענדאַר. אונטער דער בייטש פון אַזאַ באַלעבאָס וועל איך שוין זיכער, אם ירצה השם, ווייזן דעם יצר־הרע אַ פייג.



## קאַפּיטל דריי

אַלע אין שטעטל פאַרגעסן דעם פּרוש אָבער ער גייט און גייט
אין די וועלדער און חזרט ש״ס אויף אויסנווייניק.

ילך — אַזאַ עני ואביון ווי ר׳ ירוחם־געצל האָט נישט געהאַט צו פּאַקן די גרויסע מאַיאָנטקעס. ער האָט גענומען אַ זעקל אויף די פּלייצעס. אין זעקל האָט ער מער נישט געהאַט ווי טלית און תפילין און אַ סידורל, ווי אויך א צעריסענע גמראָ בבא־בתרא. ער האָט קיינעם נישט דערציילט וווּ אַהין ער גייט. פּלוצים האָט מען געזען, אַז דער פּרוש ר׳ ירוחם־געצל איז נעלם געוואָרן. נאָר ווער טראַכט לאַנג וווּ אַהין עס איז אַוועקגעגאַנגען אַן אָרעמאַן?

צומאָרגנס האָט דאָס גאַנצע שטעטל שוין געהאַט פאַרגעסן ר׳ ירוחם־געצלען.

דער ייִד איז אָבער געגאַנגען צופוסנס און אַ באָרוועסער. ער איז געגאַנגען טאָג אויס טאָג איין. די היץ האָט אים געברענט בייטאָג און די קעלט האָט אים געמוטשעט ביינאַכט. בייטאָג האָט ער מער נישט געגעסן ווי אַ האַלבע רויע קאַרטאָפליע וואָס ער האָט מיט די פינגער אויסגעגראָבן אויף אַ פעלד און ער האָט געטרונקען אַ ביסל וואַסער פון אַ קוואַל. ער איז געגאַנגען און געחזרט ש״ס אויף אויסנווייניק. ר׳ ירוחם־געצלען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז אים אַ ביסל לייכטער געוואָרן אין די מחשבות. משמעות האָט דער יצר־הרע צו זיך געזאָגט: פאָלג מיך אַ גאַנג! כ׳האָב שוין מער נישט וואָס צו טון, נאָר מיטצוגיין מיט ירוחם־געצלען און צו ווערן אַ מלמד ערגעץ אין אַ פּוסטער קרעטשמע!

# קאַפּיטל פיר

דער אַרענדאַר טרייבט ר׳ ירוחם־געצלען אַריין מיט אַ באַטעק
אין דער קרעטשמע.

ר׳ ירוחם־געצל איז אַריינגעקומען אין די טונקלענישן פון אַלטע וועלדער. זיי האָבן געברומט אין זיינע אויערן ווי אַ מעשה־בראשית. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען. די פיס זענען אים געוואָרן פאַרבלוטיקט און ער האָט כסדר געחזרט ש״ס אויף אויסנווייניק.

ס׳איז געוואָרן גאָר פאַרנאַכטלעך. די שטאַמען פון דיביימער האָבן זיך געריטלט אין שקיעת־החמה. דער וואַלד־מאַך, אין וועלכן ר׳ ירוחם־געצל איז געגאַנגען מיט זיינע פאַרבלוטיקטע פיס, האָט אויסגעקוקט ווי רויט גאָלד.

פלוצים זעט ער פונדערווייטנס אַ פוסטע קרעטשמע. פון אַן איינגע־פאַלענעם דאַך רויכערט זיך אַ קוימען. משמעות קאָכט מען דאָרט וועטשערע.

ר׳ ירוחם־געצל איז צוגעגאַנגען צו דער קרעטשמע, געעפנט דאָרט די טיר, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ און געזאָגט: גאָט העלף, ייִדן!

— דאָ גיט מען נישט קיין נדבות — האָט ער געהערט אַ געשריי פון אינעווייניק — טראָג זיך אָפּ שנאָרער! אָט קום איך אַרויס און דער־לאַנג דיר, הינטישער זון, מיטן באַטעק!

אומר ועושה — פאַר דער טיר האָט זיך באַוויזן אַ הויכער אָנגעפּרע־סענער בר־נפש, מיט אַ רויט פּנים און מיט אַ גראָבן רויטן קאַרק. ער איז געגאַנגען אָנגעטון אין שפּאַנצער און הויזן ווי אַ גוי און געהאַלטן אַ לע־דערנעם באַטעק אין דער האַנט.

— דאָ גיט מען נישט קיין נדבות — האָט דער בר־נפש געריטשעט מלא־רציחה און אויפגעהויבן אויפן פּרוש ר׳ ירוחם־געצל דעם לעדער־נעם באַטעק.

— איך האָב געהערט אז איר דאַרפט אַ מלמד. — האָט דער ייִד געזאָגט מיט גרויס עניוות און איינגעבויגן זיין רוקן גרייט מקבל צו זיין באהבה די שמיץ פונעם באַטעק.

— קומט אַריין, הינטישער זון — האָט דער אַרענדאר געריטשעט און געפּאָכעט אין דער לופטן מיטן באטעק און אַריינגעטריבן ר׳ ירוחם־געצלען אינעווייניק אַריין אין דער קרעטשמע ווי מען טרייבט א קעלבל אין שטאַל.



# קאַפּיטל פינף

ר׳ ירוחם־געצל גייט אַדורך שבעה־מדורי־גיהנום, אָבער אים דוכט
זיך אויס אַז ער איז אין גן־עדן.

עס איז נישט צו באשרייבן די פּייניקונגען און עינויים וואָס דער פּרוש ר׳ ירוחם־געצל איז אַדורכגעגאַנגען אין זיין מלמדות אין דער קרעטשמע. נישט בלויז וואָס דער אַרענדאַר איז געווען אַ רשע־מרושע. אויך די קרעטשמערקע איז געווען אַ ווילדע מרשעת און האָט זיך געשאַפּט מיט ר׳ ירוחם־געצלען ווי מיט אַ האנטשערקע. ער האָט פאַר איר געמוזט טון אלערליי מלאכות־בזויות. דאָס בנאָקל — ר׳ ירוחם־געצלס תלמיד — איז אויך אינגאנצן געווען געראָטן אין זיין טאַטן. ר׳ ירוחם־געצל האָט אים קוים געקאָנט אויסלערנען אַן אלף. דער תכשיט איז קוים איינגעזעסן ביים סידורל, — ער איז געזעסן מיטן באטעק אין דער האנט, ער האָט גאָרנישט געהערט וואָס ר׳ ירוחם־געצל רעדט צו אים. זיינע אויערן זענען געווען אָפן נייערט פארן ברומען פון די וועלדער אינדרויסן און פאר דעם בילן פון הינט. טאָמער האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז ר׳ ירוחם־געצל האלט אים, חלילה, אַ רגע לענגער ביים סידור, האָט ער אויפגעהויבן דעם באַטעק און געוואָלט דערלאנגען דעם מלמד איבער דער פלייצע.

אַזוי ווי ר׳ ירוחם־געצל האָט סיי־ווי געפּאסט משבת לשבת, האָט ער כמעט ווי נישט געזען ווי דער אַרענדאַר מיט זיין משפחה טוען נישט מער נאָר פרעסן צעזעצטערהייט. אפילו שבת־קודש שניידט מען מיט גרויס קארגשאפט פאר ר׳ ירוחם־געצלען אָפּ אַ פּעניצל חלה, און מען לייגט אים אַרויף אויפן טעלער אַ קליין ווידעלע פון אַ פישל. אויך פונעם פלייש גיט מען אים נאָר אַ פּיצעלע אויפן שפּיץ־מעסער.

ר׳ ירוחם־געצלען איז אָבער אויסגעקומען, אז ער לעבט אין א גן־עדן. עס האָט געהערשט אַן אויסטערלישע ריינקייט אין זיינע מחשבות, און ער האָט ביי זיך געטראַכט: איך האָב דעם בעל־דבר אָפּגעטון אויף טערקיש. דער ימח־שמו וואָלט שוין איינמאָל דאָ געהאט א פּינצטער לעבן.

## קאַפּיטל זעקס

דער יצר־הרע קומט צו ר׳ ירוחם־געצלען אין דער פּוסטער קרעטשמע אַ פֿאַרשטעלטער ווי אַ פֿרומע חשובע רביצין. — ענדע גוט, אַלץ גוט.

מאַכט זיך אַ מעשה — דער קרעטשמער, די קרעטשמערקע און דאָס בנאָקל זענען אַוועקגעפֿאָרן אויפֿן יאַרמאַרק. זיי האָבן ר׳ ירוחם־געצלען אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל אָפּהיטן די פּוסטע קרעטשמע. טאָמער קומט עמיצער, זאָל ער אים פֿאַרקויפֿן בראָנפֿן און אַוועקלייגן דעם פּדיון אין אַ שופֿלאָדל. אויב עס וועט פֿעלן כּי־הוא־זה, אַפֿילו אַ טשוועקל אָדער אַ שטרוי — האָט דער אַרענדאַר געזאָגט און געוויזן דעם באַטעק — וועט ער אים, דעם הינטישן זון, אָנלערנען, אַז ער וועט עס האָבן צו געדענקען אויפֿן גאַנצן לעבן.

ר׳ ירוחם־געצל איז געבליבן איינער אַליין אין דער מפּולת. גראָד האָט זיך געמאַכט אַ שטורעם־ווינט. אינדרויסן האָבן די וועלדער געוואָיעט ווי טויזנט רוחות. דערנאָך האָט אָנגעהויבן צו דונערן און צו בליצן און ס׳האָט געכליאַפּעט אַ מבול פֿון אַ רעגן.

ר׳ ירוחם־געצל איז געזעסן ביים שענק־טיש און געלערנט די גמרא „בבא־בתרא״.

פּלוצים קלאַפּט עס ביי דער קרעטשמע־טיר.

ר׳ ירוחם־געצל האָט זיך דערמאָנט אין דעם באַטעק וואָס דער אַרענ־דאַר האָט אים געוויזן און ער איז געלאָפֿן עפֿענען די טיר.

אויף דער שוועל אין שטאַרקן גאָס רעגן איז געשטאַנען אַ ייִדענע אין אַ טיפֿע קופּקע מיט בענדער. זי איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ שוואַרצער זיידענער מאַנטילקע ווי אַ חשובע רביצין. זי איז געווען דורכגעווייקט פֿון רעגן ווי אַ נאַסע קאַץ.

— לאָזט מיך אַרײַן אין קרעטשמע, רב ייִד — האָט זי געזאָגט — וואָס זאָגט איר צום מבול אין דרויסן? האַ?

אין וואַלד איז געוואָרן נאָך פינצטערער פונעם געוויטער. די דונערן האָבן געקנאַקט. די בליצן האָבן זיך געשלענגלט אין דער לופטן ווי ווײַסע פײַערדיקע בײַטשן.

ר׳ ירוחם־געצל האָט געהאַלטן אָפֿן די טיר. ער איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. זײַן באָרד האָט זיך געוויִעט אינעם שטורעם־ווינט.

די ייִדענע איז אַרײַנגעגאַנגען אין קרעטשמע און זיך אַוועקגעזעצט בײַם שענק־טיש. ר׳ ירוחם־געצל האָט זיך ווײַטער גענומען צו דער גמרא „בבא־בתרא“.

האָבן דאָך אָבער ווײַבער נײַן מאָס רייד, האָט די רביצין נישט געקוקט דערויף וואָס זי איז מבטל אַ ייִד פֿון לערנען. זי האָט אָנגעהויבן צו דער־ציילן אַ מעשה ווי אַזוי זי קומט אַהער אין די ווילסטע וועלדער. עפּעס א מעשה פון פדיון־שבויים און הכנסת־כלה. הכּלל, סאַמע מצוות און מעשים־טובים.

דערהערט ווי אַ ייִדענע איז זיך מוסר נפש פֿאַר מצוות ומעשים־טובים, האָט ר׳ ירוחם־געצל אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער גמרא און מן־הצד געוואָלט אַ קוק טון אויף דער צדיקת.

ר׳ ירוחם־געצל האָט אַליין נישט געוווּסט ווי אַזוי עס איז אים פּלוצים געקומען אויף דער מחשבה, אַז די דאָזיקע פֿרומע אשה איז אויך א גרויסע יפת־תואר.

ר׳ ירוחם־געצל לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און וויל נישט ווײַטער טראַכטן וועגן דער רביצין. ער הערט אָבער ווי פון איר מויל הערן זיך נישט אויף צו שיטן פֿרומע רייד און סאַמע דברי־מוסר.

פּלוצים הערט ר׳ ירוחם־געצל ווי אײַנמיטן די פֿרומע רייד טוט די רביצין אַ געלעכטערל און דאָס געלעכטערל טוט אים אַ שאַרפן ברי אויפן האַרץ ווי קאָכעדיקער צוקער.

נישט ווילנדיק הויבט ער אויף די אויגן פון דער גמראָ „בבא־בתרא“. ער טוט בלויז א קוק אויף דער טיפער פרומער קופּקע מיט די בענדער. פּאַמעלעכל גליטשן זיך זײַנע בליקן אַראָפּ צו די אויגן פון דער ייִדענע. ער זעט ווי זיי פינקלען ווי די בליצן אינדרויסן אין געוויטער.

מיט געוואַלד לאָזט ר׳ ירוחם־געצל אַראָפּ די אויגן צו דער גמרא

„בבא־בתרא". ער שפּירט אין זיך דעם כוח־הדם, — אָבער ער הערט ווידער ווי די ייִדענע שיט מיט דברי־מוסר.

פאַמעלעכל הערט ער ווי זי זאָגט א וואָרט ניבול־פּה. נישט חלילה סתם ניבול־פּה, נאָר גלאַט אַזוי, ווי א משל אויף א דבר־מצווה.

ביי ר' ירוחם־געצלען האקט אין די שלייפן. אויף זיין בלאַס פּנים באַווייזט זיך א שמייכל. כלומרשט שמייכלט ער צו א תוספות. זיינע אויערן אָבער הענגען ביי דער רביצינס מויל. און ווידער זאָגט זי א פּעפּערדיקן ניבול־פּה און ווידער נייערט בתורת־משל.

— אין ר' ירוחם־געצלען קאָכן שוין די געבלוטן. ער ווייסט אליין נישט ווי אזוי אויף זיינע ליפּן איז פּלוצים ארויפגעקומען א וואָרט ניבול־פּה.

ווי ער האָט דאָס וואָרט אַרויסגעזאָגט האָט אין דרויסן אַ קנאַק געטון אַ דונער. ר' ירוחם־געצלען איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ער האָט געזען ווי דאָס גיהנום עפנט זיך אונטער זיינע פיס. ער האָט הויך און ביטער אָנגעהויבן צו וויינען פון גרויס חרטה.

די דונערן אינדרויסן האָבן געקנאַקט. די בליצן האָבן געשניטן דורך די שויבן. די וועלדער האָבן געוואָיעט.

ר' ירוחם־געצל האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען.

פּלוצים הערט ער א קול:

— וויינט נישט ר' ירוחם־געצלשי, סערדצע! קוקט מיך אָן, נארישער ייִד! איך בין דאָך נישט חלילה קיין ייִדענע. איך בין דאָך בלויז דער יצר־הרע.

ר' ירוחם־געצל האָט אויפגעהויבן די פאַרוויינטע אויגן.

אויפן אָרט פון דער רביצין איז געזעסן עפּעס אַ שוואַרצער בר־נש מיט צוויי הערנערלעך אויפן קאָפּ במקום תפילין און אין אַ שווארצן טלית אָן ציצית.

דער שווארצער בר־נפש איז געזעסן גאָר אַ שטילער און אָנגעקוקט דעם פרוש ר' ירוחם־געצלען מיט גרויס רחמנות.



## קאַפּיטל איינס

די גלוסטעניישן פון שמערל און שמערלניצע פון דער שטאָט גימל און לאַנד דלת

איך וויל איצט, טייערע לייענער און לייענערינס, דערציילן אַ מעשה פון אַ ייִד אַ בעל־תאווה און אַ ייִדענע אַ בעל־תאווהניצע — נאָר איך וועל נישט אָנרופן דעם נאָמען פון דער שטאָט ווי אויך פון דעם לאַנד וווּ דאָס פּאָר פּאָלק האָט געוווינט. צו רעדן שלעכטס אויף ייִדן — אפילו אויף די ערגסטע ייִדן — מוז מען זיין נזהר ווי פאַר פייער. דערימאַך לאָמיר בעסער רעדן אויף פּידרעך־לשון: דער ייִד האָט געהייסן שמערל, די ייִדענע — שמערלניצע. די שטאָט האָט געהייסן גימל און דאָס לאַנד — דלת.

אָט דער שמערל פון דער שטאָט גימל איז געווען פון קאָפּ ביז די פיס משוקע אין די תאוות פון עולם־הזה. אַלצדינג איז געווען פאַר אים ווייניק און צו אַלצדינג האָט אין אים געברענט אַ ווילד גלוסטעניש — אחוץ, פאַרשטייט זיך, דאָס גלוסטעניש צו מצוות ומעשים־טובים. יעדע זאַך אויפן עולם־הדמיון, — און האָט זי געמעגט זיין גאָר אויסטערליש, האָט דער דאָזיקער שמערל אויסגעשטרעקט צו איר זיין האַנט און האָט זי דווקא געוואָלט האָבן.

ווען דער סמך־מים זעט אַזעלכע ייִדן, פאַרשטייט זיך, אַז ער טוט נישט מער נאָר שמעקט זיי אָן דעם בייזן האלדז. ער זשאַלעוועט נישט און שטופּט זיי אונטער צו וועלן נאָך און נאָך. בינו לבינו הייסט ער זיינע שווארצע משרתים גוט אונטערצוהייצן די קעסלען פון גיהנום.

דער אשה, דער שמערלניצע הייסט עס, איז אויך אַלצדינג געווען צו ווייניק. דערצו איז זי, די ייִדענע, געווען אַ גרויסע יפת־תואר און ס'האָט קיין שיעור נישט געהאט צו די פוצעגישן און תכשיטים און אנדערע ווייבערישע שמאכטעס צו וועלכע די שמערלניצע האָט געהאט חשק.

טאָג ווי נאכט איז דאָס נעמלעכע פּאָר־פּאָלק געווען אריינגעטון אין תאוות. מחמת דערימעך האָבן זיי גאָר פאַרגעסן, אַז אַן אַנדערער מענטש דאַרף אויך עפּעס. אַן אָרעמאַן האָט זיך געמעגט אויסציען — זיי וואָלטן אים נישט געגעבן קיין פּרוטה. אַ שאָד צו נעמען א פּרוטה און אוועקצוגעבן אַ פרעמדן — האָט מיט זיי אַריינגעטענהט דער בעל־דבר און באלד האָט ער זיי געמאכט, א טריפהנעם חשבון וואָס מען קאָן אַלץ קריגן פאַר א פּרוטה — און אַז זיי, שמערל מיט דער שמערלניצע, זענען דערצו קודמער ווי אַנדערע ייִדן.

דער בעל־דבר דאַרף נישט קיין סך צו טענהן כדי מען זאָל זען, אז ער איז גערעכט און אז מען זאָל אים פאָלגן.

זענען דאָך די תאוות פון אַ בשר־ודם טיפער ווי אלע אָפּגרונטן און זיי האָבן נישט קיין דנאָ — איז פאַר דעם פּאָר־פּאָלק נאָך אלצדינג געווען צו ווייניק. הגם די שמערלניצע איז געווען א גרויסע יפת־תואר, פונדעסטוועגן האָט שמערל טעג און נעכט געחלומט: איך וואָלט טשיקאווע געווען צו טון אַן עבירה מיט דער סאמאַראָדנער לילית! וואָס? עס קומט מיר נישט?

וואָס די שמערלניצע האָט געחלומט, ווייס איך נישט. ווייבער האָבן א טבע צו שווייגן ביי אזעלכע ענינים. מן־הסתם האָט זי אויך געהאט א יצר־הרע צום סמך־מים —

בקיצור — אין דעם פּאָר־פּאָלק האָט זיך געוועקט א גוואלדיק גלוס־טעניש אַ קוק אַריין צו טון אין גיהנום. זיי האָבן געהערט, אַז דאָרט וואַל־גערן זיך אַרום גרויסע עשרותן און לילית און סמך־מים דרייען זיך דאָרטן אַרום שפּילטער נאקעטע ווי אָדם און חוה אין גן־עדן.



## קאַפּיטל צוויי

דער פּאַלאַץ פון אַ פּריץ אַ מכשף. — שמערל און די שמערלניצע ברענען צו דער פינצטערער מציאה.

ויהי היום מאכט זיך א מעשה — עס האָט דערגרייכט צו די אויערן פון שמערל דעם בעל־תאווה, אַז הינטער דעם שטעטעלע טית שטייט אַן אַלטע מפּולת פון אַ פּאַלאַץ. דעם פּאַלאַץ האָט גאָר־גאָר פאַרצייטנס געבויט אַ גרויסער פּריץ א מכשף. ער האָט דעם פּאלאַץ אַרומגענומען מיט דריי מויערן, און אינעווייניק האָט ער געלאָזט מאכן א סך און אַ סך טירן. עס איז בקבלה סיי ביי ייִדן אין שטעטעלע טית און סיי ביי די גוייִם אויף די דערפער, אַז איינע פון די טירן עפנט זיך אויף אונטן אַראָפּ צום גיהנום. יעדע נאכט פלעגט דאָרט לילית אַרויפצוקומען אין פּאלאַץ אריין אַן אָנגעטוענע בכל יפיה. מען האָט דאָרט געפראוועט בעלער, קאַפּעליעס מלאכי־חבלה האָבן געשפּילט אויף די טייערסטע כלי־זמר. מען האָט געפרעסן און געזויפן און אוועקגעטון כל עבירות שבעולם.

דער בעל־תאווה שמערל, פון וועלכן מיר האלטן איצט דערציילן, האָט געהערט די מעשה. וחמתו בערה בו — די גבלייטן האָבן זיך אין אים אָנגעצונדן. דער יצר־הרע האָט אין אים געקאָכט ווי אַ קעסל. ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז דאָס גיהנום איז פול מיט די יאָמערן און געוויינען פון די רשעים וואָס מען ברענט דאָרט און מען בראָט אין אייביקע עינויים. ער האָט בלויז געזען פאַר די אויגן די ימח־שמוניצע וואָס קומט צום פּריץ און טוט מיט אים אָפּ די עבירות שבעולם און די מלאכי־חבלה פון גיהנום שפּילן נאָך צו א פריילעכס.

שמערל האָט עס דערציילט זיין אשה שמערלניצע דער יפת־תואר. ביי איר האָט אויך אָנגעהויבן צו קאָכן דער יצר־הרע. עס האָט זי אָנגענומען אַ שוואַרץ גלוסטעניש צו טון אַן עבירה מיטן סמך־מים.

## י. י. טרונק

דאָס פּאָרפּאָלק האָט נישט לאַנג געבראַיעט, געהייסן איינשפּאַנען די בריטשקע און געפאָרן אָנקוקן די מפּולת.

עס איז געווען א חורבה פון אַ פּאַלאַץ. ביי אַ מיושבדיקן מענטש וואָלטן זיך די האָר אויפן קאָפּ געשטעלט קאַפּויער בעת ער וואָלט זי אָנגעקוקט. מויערן מיט אָפּגעקרישלטע ציגל. אַנשטאָט פענצטער זענען געווען לעכער. אינעווייניק זענען די ווענט פול געווען מיט שטויב און שפּינוועבס. אין דער מפּולת זענען געווען פייכטע פאַרדומפּעצטע טונקלע־נישן און דאָרט זענען אַרומגעפלויגן פלעדערמייז. אומעטום ווו מען האָט נאָר אַ קוק געטון האָט מען געזען שווערע פאַרהאַקטע טירן.

שמערל מיט דער שמערלניצע האָבן אַ קוק געטון אויף די טירן — און די תאוות האָבן ביי זיי צוגענומען דעם שכל. זיי האָבן געוווסט, אַז איינע פון די טירן פירט אַראָפּ צום גיהנום און אז דורך אָט דער טיר פלעגט לילית ביינאַכט אַריינקומען צום פּריץ מיט אירע שוואַרצע קלעז־מאָרים. ביים בעל־תאווה האָט דער כוח־הדם שוין געאַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע. די אשה, שמערלניצע די יפת־תואר, האָט געטון אַ שווערן און אַ זיסן זיפץ. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אז דער סמך־מים שטעקט אַריין דורך דער טיר זיין גרויסן לייבן־קאָפּ מיט די רויטע קוד־לעס. ער גייט אָנגעטון אין בלויזן העמד, שמייכלט מיט אַלע מאַנסבילשע גלוסטעניש און גלעט זיך — מעשה פאַרליבטער בחור — פאַר זיין רוי־טער פייערדיקער באָרד.



## קאַפּיטל דריי

שמערל און די שמערלניצע קוקן אויף די פאַרהאַקטע טירן
און גליִען ווי אויף פּאָקן.

בקיצור איך וועל נישט לאַנג מאריך זיין. דער ייִד שמערל פון דער שטאָט גימל אין לאַנד דלת האָט נישט באַלאַמוטשעט און האָט אָפּגעקויפט אָט די מפּולת פון דעם אַמאָליקן פּאַלאַץ. קיין סך האָט אים די דאָזיקע פינצטערע מציאה נישט געקאָסט. ער האָט געדונגען באַלמעלאָכעס און געלאָזט אויסווישן די שפּינוועבסן פון די ווענט און אַרויסטרייבן די פלעדערמייז. אין די לעכער פון די מויערן האָט ער געלאָזט אַרייַנשטעלן פענצטער. ווען די חורבה האָט שוין געהאַט באַקומען דאָס פּנים פון אַ שטיקל ישוב, האָט מען ערשט געזען ווי ווייט דער בעל־דבר קאָן נעמען אַ מענטש און אים פירן אויפן שטריקל.

אין צוויי חדרים פון דעם מיקלאָמפּערשטן פּאַלאַץ האָט שמערל געהייסן אַרייַנשטעלן צוויי ברייטע הימל־בעטן. איין בעט פאַר זיך און איינס — פאַר זיין אשה שמערלניצע, וואָס איז געווען, ווי מיר ווייסן, אַ גרויסע יפת־תואר. אין אַ דריט אָפּגעלעגן חדר האָט ער אויפגעשטעלט א געלעגער פאַרן משרת יאָסל, וועלכן ער האָט מיטגענומען אין דער חורבה אַרייַן. ווי מיר ווייסן, איז כל מושל על דבר שקר כל משרתיו רשעים — איז דאָס דאָזיקע משרתל אויך געווען א צאַצקעלע.

די ערשטע נאַכט, ווען דאָס פאָרפאָלק האָט זיך געלייגט שלאָפן אין די בעטן אַרייַן, האָבן זיי קיין אויג נישט צוגעטון. דער כוח־הדם האָט זיי געוואָרפן אין דער הויך. זיי האָבן נאָר אויפגעהאָרכט צי מען קלאַפּט נישט ביי איינער פון די פילע טירן. שמערל האָט געמיינט, אַז אָט קומט צו אים אַרייַן לילית און טאַקע אין בלויזן העמד. ער האָט נעבעך געגליט ווי אויף פאָקן. די שמערלניצע האָט אויך געגליט ווי אויף פאָקן. זי האָט פאַר זיך געזען די רויטע באָרד פון דעם סמך־מים רחמנא ליצלן.

אין דרויסן האָבן גערוישט די וועלדער און אין די פינצטערנישן איינעווייניק אין דעם פּאַלאַץ זענען ארומגעפלויגן פלעדערמייז, וואָס די באַלמעלאָכעס האָבן נישט באַוויזן אַרויסצוטרייבן.

## קאַפּיטל פיר

שמערל פאָרט אַוועק צוליב מסחר און די שמערלניצע טאַפּט
ביי די טירן.

און ווידער איז ויהי היום און עס מאַכט זיך אַ מעשה — דער ייִד שמערל הנ״ל האָט באַדאַרפט אַוועקצופאָרן צו אַ גרויסן פריץ מכּוח מסחר. האָט ער דאָך אָבער מורא געהאַט, טאָמער חלילה בעת ער וועט נישט זיין אינדערהיים, וועט דערווייל די שמערלניצע אויסגעפינען די טיר צום גיהנום און פון דאָרט אַליין אַרויסהייבן די גאַנצע סמעטענע. קנאה שווינט נישט אפילו אָן אייגן ווייב. האָט ער גענומען און אָנגעזאָגט דער צאַצקע, דעם משרת יאָסל, אַז ער זאָל דער ייִדענע קוקן אויף די פינגער און זי נישט לאָזן טאַפּן ביי די טירן. טאָמער קומט ער, שמערל, אַהיים און גע־פינט כּי־הוא־זה ביי די טירן, וועט ער נעמען דעם משרת און אחת דתו להמית — ער וועט אים אַרויסטרייבן מיט דער בייטש.

יאָסל האָט צוגעשווירן, אַז ער וועט האַלטן אָפן ביידע אויגן. שמערל האָט געטון אַ שווערן זיפץ, זיך אויפגעזעצט אויף דער בריטשקע און אַוועקגעפאָרן צום פּריץ.

ווען די שמערלניצע איז געבליבן אַליין אין דער חורבה האָט זי דער בעל־דבר נאָך מער אָנגעהויבן צו פּאָרקען. ער האָט איר געוויזן דעם סמך־מים אין אַלערליי געשטאַלטן. די ייִדענע האָט געמיינט, אַז עס עקט זיך מיט איר פון גרויס גלוסטעניש. זי האָט נישט געקוקט אויף אַלע הזהרות פון דעם משרת יאָסל.

אַ גאַנצן טאָג איז זי אַרומגעגאַנגען ביי די פאַרהאַקטע טירן. זי האָט געטאַפּט און געקלאַפּט און נישט געהערט און געזען ווי יאָסל רייסט זיך פאַר די האָר און בעט זיך ביי איר, אַז זי זאָל רחמנות האָבן אויף זיין לעבן. דער באַלעבאָס וועט אים זיכער ממיתן.

## קאַפּיטל פינף

רעד צו דער וואַנט! — אַ האַנט ווי אַ שפּין. — די שמערלניצע ווערט פאַרשוווּנדן הינטער אַ טיר. — יאָסל דער משרת רייסט זיך פאַר די האָר.

יהי היום — די שמערלניצע עסט נישט און שלאָפט נישט, רק גייט אַרום און טאַפּט ביי די טירן און פּרוּווט זיי עפענען. הינטער איר גייט נאָך ווי אַ שאָטן יאָסל דער משרת און בעט זיך ביי איר, אַז זי זאָל כאָטש וואַרטן ביז דער באַלעבאָס וועט צוריקקומען. ר' שמערל — האָט יאָסל געטענהט — שטייט דאָך אויך און וואַרט צו עפענען די טיר צום גיהנום. אין צווייען, באַלעבאָסטעשי, וועט איך זיין היימלעכער אַראָפּצו־גייך אונטן אין שאול־תחתית און ברענגען פון דאָרט די גרויסע פּויטיקע.

רעדט צו דער וואַנט! די ייִדענע הערט נישט. זי געפינט זיך אין הינערפלעט און זעט נאָר פאַר די אויגן דעם סמך־מים און זיין רויטע באָרד.

פּלוצים — די שמערלניצע טוט אַ שטופּ ביי אַ טיר און די טיר טוט אַ קנאַק. מען הערט ווי דאָס שווערע שלאָס דרייט זיך איבער. עס עפנט זיך אַ שפּאַרונע און פון דער שפּאַרונע שיט זיך שטויב.

די ייִדענע האָט אַרויסגעפּלאַצט מיט א שאַליק און פריידיק געלעכ־טער. יאָסל דער משרת איז געבליבן שטיין מיט אַרויסגעזעצטע אויגן. ער האָט געזען ווי פון דער שפּאַרונע שטרעקט זיך אַרויס א לאַנגע שוואַר־צע האַנט, אַ האַנט מיט אַ סך שמאָלע פינגער, זי האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אַ גרויסער און רירעוודיקער שפּין.

די האַנט האָט די ייִדענע אַרומגענומען און אַריינגעצויגן הינטער דער טיר.

די טיר האָט זיך ווידער פאַרהאַקט און געבליבן שטום כמקדם.

י. י. טרונק

יאָסל דער משרת איז געפאַלן אין חלשות.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאפּט און געזען, אַז די באַלעבאָסטע איז נישטאָ, האָט ער זיך דערמאָנט וואָס עס איז געשען. ואיך אשא פּנים? וואָס וועט ער זאָגן ווען ר׳ שמערל וועט צוריקקוקען פון פּריץ און געוויר ווערן, אז זיין ווייב, די שמערלניצע, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטער איינער פון די פאַרהאַקטע טירן? פון גרויס עגמת־נפש און שרעק האָט דער יונג אָנגעהויבן זיך צו רייסן פאַר די האָר און צו מאַכן געוואַלטן.

שפּעטער איז ער צוגעלאָפן צו דער טיר און אין איר אַריינגעהאַקט מיט ביידע פויסטן. געוויינט און גערופן די שמערלניצע מיט גוטן און מיט בייזן. אין קול ואין עונה. רעד צו דער וואַנט.

אַזוי איז ער געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג און געהאַקט אין דער טיר. ער האָט נישט געגעסן און נישט געטרונקען, רק גערופן און געוויינט.

עס איז געוואָרן נאַכט. פלעדערמייז האָבן אָנגעהויבן אַרומצופליען אין די פינצטערנישן פון דער חורבה. דער משרת יאָסל האָט זיך קוים צוגע־שלעפּט צו זיין געלעגער. ער האָט פאַרגראָבן זיין פּנים אין די קישנס, געכליפּעט און געזיפצט און ענדלעך איינגעשלאָפן אין אנגסטלעכע חלומות.



## קאַפּיטל זעקס

שמערל שרייט: שמערלניצע און יאָסל! אָבער אין קול ואין עונה. — די פֿאַרהאַקטע טירן שווייגן.

שמערל פֿון דער שטאָט גימל האָט מקצר געווען זיינע מסחרים מיטן גרויסן פּריץ. ער האָט זיך געאיילט צוריקצופֿאָרן אַהיים אין מיקלאָמ־פּערשטן פּאַלאַץ אַריין. עס האָבן אין אים געברענט סיי די ווילדע גלוס־טענישן און סיי די קנאה אויף זיין ווייב די שמערלניצע. זי דרייט זיך דערווייל אַליין אַרום, די יידענע, ביי די פֿאַרהאַקטע טירן. מי יודע — ווער ווייסט וואָס זי האָט שוין דערגרייכט, בעת ער, שמערל, איז אין דער פרעמד?

ער האָט אָפּגעמאַכט די געשעפֿטן און זיך אַריינגעזעצט אין דער בריטשקע. ער האָט געהייסן טרייבן די פֿערד אויף האַלדז און נאַקן.

די בריטשקע איז געפֿלויגן ווי פֿייל פֿון בויגן, אָבער שמערל איז נעבעך געזעסן מיט פֿינצטערע מחשבות.

ענדלעך האָט ער קוים דערלעבט אַהיימצוקומען. הענדום־פּענדום איז ער אַריינגעלאָפֿן אין דעם מיקלאָמפּערשטן פּאַלאַץ. דאָס שטילעניש וואָס ער האָט דאָ געטראָפֿן אויפֿן ערשטן ברוך־הבא האָט ביי אים שוין צוגענו־מען דאָס לשון.

— שמערלניצע! יאָסל! — האָט ער אָנגעהויבן צו שרייען איבער די ליידיקע חדרים.

אין קול ואין עונה — עס איז ווי אין אַ פּוסטער שטייג פֿון וואַנען די פֿייגעלעך זענען אַרויסגעפֿלויגן.

ווי אַ משוגענער איז ער אַרומגעלאָפֿן איבער די הויכע ליידיקע סאַ־ליעס פֿונעם פּאַלאַץ. אַלע פֿאַרהאַקטע טירן האָבן צו אים געשוויגן עפּעס ווי שטומע אומהיימלעכע עדות. ער האָט גערופֿן, געשריגן און געפּלוכט.

עס האָבן אים נאָר געענטפערט הוילע ווידער־קולות פון די אָפענע פּאַ־לאַץ־חדרים.

פּלוצים הערט ער אַ שטיל געוויין.

שמערל איז צוגעלאָפן צו דער טיר פונוואנען דאָס געוויין איז גע־קומען. ער האָט געזען ווי יאָסל דער משרת ליגט אָן איינגעקאָרטשעטער צווישן די קישנס און כליפּעט.

— יאָסל! האָט שמערל אַ געשריי געטון נישט מיט זיין קול.

יאָסל איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט און געפאַלן שמערלען צו די פיס ווי אַ געשלאָגענער הונט. שטיל און אין געוויין האָט ער דעם באַלעבאָס דער־ציילט די גאנצע מעשה.

תחילת האָט שמערל געהאט בדעה יאָסלען צו צעטרעטן מיט די פיס ווי מען צעטרעט אַ וואָרעם. ער האָט אָבער געשפּירט ווי די פיס פאָלגן אים נישט. ער אַליין, שמערל, האָט זיך גאָר אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און הויך אָנגעהויבן צו וויינען אויף די פאַרלוירענע גליקן.

די פאַרהאַקטע טירן האָבן געשוויגן.



# קאַפּיטל זיבן

אַז מען זוכט געפינט מען. — מילא, אויב אַ ייִד זוכט זיין ווייב איז אַדרבה.

די שמערל האָט זיך געהאט גוט אויסגעוויינט האָט ער געשפּירט ווי דער כח־הדם הויבט אין אים אָן פונדאָסניי צו אַרבעטן. מיטאַמאָל האָט ער זיך געפילט שטאַרקער און פעסטער. וואָס וועל איך דאָ זיצן און וויינען?— האָט ער צו זיך געוואלדעוועט — אויב די שמערל׳ניצע האָט געפונען די ריכטיקע טיר, איז מיין נשמה אויך נישט קיין ציבעלע. איך וועל אויך פּרווון זוכן. יגעתי ומצאתי — אַז מען זוכט גוט געפינט מען.

און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן אַרומלויפן ביי די פאַר־האַקטע טירן און אין זיי צו קלאַפּן און געפּרווט זיי אויפצושטופּן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער איז טויט הונגעריק און אַז זיינע מלבושים זענען איינ־געשטויבט פון וועג און פון זיצן אויף דער ערד און אַז זיינע אויגן זענען נאָך נישט אויסגעווישט פון וויינען.

ער האָט וואָס אַמאָל ווילדער און שטאַרקער געקלאַפּט אין די טירן.

אַזוי איז פאַרגאַנגען אַ האַלבער טאָג. דער שווייס איז אים געריננען אויפן פּנים און איבער דער צעשויבערטער באָרד. די הענט זענען אים געוועזן נאַס און האָבן אים ווי געטון פון האַקן. ער האָט אָבער אַלצדינג געהאַט פאַרגעסן און נישט געשפּירט קיין מידקייט און קיין ווייטיק. ער איז ווייטער אַרומגעלאָפן ביי די טירן און געקלאַפּט.

די זון האָט זיך שוין געהאַלטן ביים זעצן. די שויבן פון דעם מיקלאָמ־פּערשטן פּאַלאַץ האָבן זיך פאַרפאַרבט אויף רויט. דאָ האָט זיך שמערלען פּלוצלונג אויסגעדוכט, אַז דאָס שלאָס איז איינער פון די טירן אין וועלכער עד האָט געקלאַפּט האָט זיך איינגעוויינגיק איבערגעדרייט און אַז עפּעס האָט זיך אַ ריר געטון.

מיטביידע פויסטן האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין דער געריררטער טיר און זי געפּרוווט אויפצושטופּן מיט זיין גאַנצן גוף.

ענדלעך האָט זיך די טיר אויפגעמאכט. הינטער דער טיר איז גע־שטאַנען א שווארצער מענטש, הויך און דאַר, מיט גרינע אָפענע אויגן און מיט אַ שמאָלער שפּיציקער באָרד וואָס האָט אים געגרייכט ביז צום נאָפּל.

פון גרויסער פרייד וואָס אַ טיר האָט זיך סוף כל סוף געעפנט, האָט שמערל גאָרנישט באמערקט די אימהדיקייט פון דעם שווארצן מענטש און ווי ער, דער פרעמדער, קוקט מיט גרינע קאלטע אויגן און הויבט אויף אין דער לופטן א פּאָר לאנגע שווארצע הענט מיט שארפע שפּיציקע פינגער.

— וואָס קלאַפּט איר אַזוי ביי די טירן, ר׳ שמערל? האָט אים דער שווארצער מענטש געפרעגט.

— איך זוך מיין ווייב, די שמערלניצע — האָט שמערל געענטפערט און זיך געשטופּט ארייננצוגיין דורך דער אָפענער טיר.

— מילאָ, אויב אַ ייִד זוכט זיין ווייב, איז אדרבה, — האָט דער שוואר־צער מענטש געזאָגט און געטון אַ געלעכטערל, וואָס ווען שמערל וואָלט נישט אַזוי פול געווען מיט תאווה און קנאה, וואָלט ער זיכער געווען גע־פאַלן אין חלשות פון פּחד.

—קומט, ר׳ שמערל — האָט דער פרעמדער געזאָגט — איך וועל אייך אַוועקפירן צו אייער ווייב.



## קאַפּיטל אַכט

אין חושך־מצרים.

דער שווארצער מענטש האָט שמערלען אָנגענומען מיט א קאלטער האנט, פון א בר־מנן. הינטער זיי האָט זיך באותה הרגע פארהאקט די טיר און ס׳איז געוואָרן חושך־מצרים.

זיי זענען געגאנגען אַראָפּ און אַראָפּ אין די טיפענישן. שמערל איז געפירט געוואָרן דורך קאלטע און געדרייטע טרעפּ. ס׳איז געוואָרן פינצ־טערער און פינצטערער. א קאלטע אייזיקע פארדומפּעצטקייט האָט געשלאָגן פון די ווענט. שמערלען איז אויסגעקומען אַז מען טראָגט אים אין אַ טיפן שטיקנדיקן זאַק.

דער מענטש וואָס האָט אים געפירט האָט געשוויגן. ער האָט פעסט שמערלען אָנגעהאלטן מיט זיינע בר־מינן־הענט און אים געצויגן מיט זיך.

זיי זענען געגאנגען טיפער און טיפער.

פלוצים האָט שמערל געהערט ווי הינטער די ווענט טוען זיך אָפּ גע־וויינען און מאוימהדיקע קולות פון געפייניקטע. אזא גרויליק און ביטער יאָמערן האָט ער נאָך זינט זיין לעבן נישט געהערט. אינמיטן דעם געיאָמער האָבן זיך אַרויסגעריסן שארפע און שניידיקע געלעכטערס. עס האָבן געפיפן בייטשן. הינט האָבן רציחהדיק געבילט. שלאנגען און עקדישן האָבן גע־צישעט און געסיקעט.

שמערל האָט אָנגעהויבן צו ציטערן מיט הענט און פיס און איז געבליבן שטיין.

— שרעקט זיך נישט, ר׳ שמערל — האָט דער פרעמדער געזאָגט מיט אַ געלעכטערל — מיר זענען שוין אין גיהנום, און וואָס עס טוט זיך הינטער

די וועגט איז פּשוט בתכלית הפּשטות. די מלאכי־חבלה פּייניקן די רשעים און לאַכן דערביי פון גרויס תענוג.

ווען שמערל האָט געהערט ווו ער געפינט זיך, איז אים נעבעך געוואָרן זייער ביטער אויפן האַרץ. נײן! — האָט ער ביי זיך געטראַכט — דאָ טאַנצט נישט לילית אַ נאַקעטע בכל יפיה — אין אַלע אירע גלוסטעניש. די קאַ־פּעליעס שפּילן דאָ נישט קיין פריילעכס. עס האַלטן נאָך גאָר ווייט דערפון אַז די ׳מח־׳שמוניצע זאָל מיט מיר, שמערלען, פון שטעטעלע גימל, טון אַן עבירה.

פלוצים האָט ער דערשפּירט ווי דער כח־הדם ביי אים ווערט קאַלט ווי אייז. ער האָט חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער מעשה. וואָס האָט מיר גע־טויגט דער פּאַלאַץ מיט די פּאַרהאַקטע טירן? — האָט ער ביי זיך גע־טראַכט — בעסער וואָלט איך געבליבן זיצן צווישן ייִדן אין שטעטעלע גימל און נישט געהאַט אין זינען קיין פּריציִשע יצר־הרעס. אָבער וואָס פועלט חרטה אין גיהנום? הינטער די וועגט הערט זיך כסדר די ביטערע געוואַלדן פון די געפּייניקטע רשעים. די מלאכי־חבלה לאַכן העכער און פאַרשייטער און פּאַכן און קנאַלן מיט די בייטשן.

שמערל האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן און אַ פּרוּוו טון צוריק צו גיין. די קאַלטע בר־מינן־הענט האַלטן אים אָבער ווי מיט צוואַנגען און ציען אים אַראָפּ טיפער.



# קאַפּיטל ניין

## גליקן אין גיהנום.

שמערל דערזעט פּלוצים ווי טיף אין די פינצטערנישן הויבט קוים אָן צו שימערן אַ ליכטל. דאָס ליכטל ווערט פּאַמעלעכל גרעסער און העלער און גאָלדיקער. עס הויבט אָן צו גלייכן צו אַן אָנהויב פון זון־אויפגאנג אין אַ פינצטערער נאַכט.

הינטער די ווענט הערט מען וואָס שטאַרקער און ביטערער דעם גע־יאָמער פון די געפּייניקטע.

דאָס ליכט אין וועלכן שמערל ווערט איצטער אַריינגעפירט נאָך אַ וואַנדערן אין אַ חושך־מצרים מאַכט אים לייכטער אויפן האַרצן. ער שפּירט אין זיך עפּעס פון זיין אַמאָליקן לעבנס־חשק. אָבער טאָקע נישט מער ווי עפּעס. דער חשק ווערט שטאַרקער אין שמערלען, וואָס העלער און ליכ־טיקער און שאַרפער עס ווערט די זוניקייט וועלכער ער גייט אנטקעגן.

פּאַמעלעכל ווערט דאָס ליכט אַזוי העל אַז שמערל מוז שוין צוהאַלטן די אויגן.

דער שוואַרצער מענטש וואָס גייט מיט אים צוזאַמען אין דער ליכטי־קייט עפנט אויף אַ טיר.

שמערל קומט אַריין אין אַ רחבותדיקער גאָלדענער סאַליע. אַלצדינג דאָ איז לויטער בליצנדיק גאָלד. די סופיטן, די דילן, די ווענט — אַלצדינג בליצט און בלאַנקט אין אייטל גינגאָלד. אינמיטן פון דער סאַליע שטייט אַ גינגאָלדענע שטול און אויף איר זיצט די שמערלניצע אין גאָלדענע מלבושים מיט אַ גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ.

אין שמערלען קאָכט שוין דער כח־הדם ווי גאָר כמקדם — און ער טוט אַ געשריי צו דער שמערלניצע:

— האָסט זיך שוין איינמאָל אַריינגעכאַפּט אין דער ריכטיקער סמע־טענע, מיין ווייב!

די שמערלניצע האָט אָנגעקוקט שמערלען און געמאַכט מיט די ליפּן. זי האָט געוואָלט ענטפערן.

באותה הרגע האָבן זיך אַ סך טירן מיטאַמאָל געעפנט אין דער סאַליע. פון דאָרט זענען אַרויסגעקומען שורות מיט לאָקאַיעס. אַלע האָבן זיי גע־פינקלט אין אייטל בגדי־זהב. זיי האָבן געטראָגן גאָלדענע שיסלען, גאָל־דענע קרוגן און גאָלדענע בעכער. אויף די שיסלען זענען געלעגן טייערע גאָלדענע פּירות. די קרוגן און די בעכער זענען פול געווען ביזן אויג מיט גאָלדענעם וויין. אָט די אַלע זעלטענע מעדנים האָבן די לאָקאַיעס מיט גרויס אונטערטעניקייט צוגעטראָגן צו דער שמערלניצע און זיך פאר איר טיף פאַרבוקט. זיי האָבן איר געוויזן מיט גאָלדענעם טייט־העלצער, אז זי זאָל עסן.

די שמערלניצע האָט אָנגעהויבן צו עסן און צו טרינקען.

— אַ רוח אין אלע טאַטעס־טאַטן אַריין! — האָט שמערל זיך מער נישט געקאָנט איינהאלטן און אויסגעשריגן אינמיטן דער סאַליע — האָסט דיך, ווייב מיינס, אַריינגעקריגן אין דעם אמתן שמאלץ־גרוב!

די שמערלניצע האָט געגעסן און געטרונקען. זי האָט דערביי געקוקט אויף איר מאַן מיט אַ פּאָר גרויסע טרויעריקע אויגן. דער קאָפּ האָט זיך איר געטרייסלט אונטער דער גאָלדענער קרוין.

— שמערל מיין מאַן — האָט זי ענדלעך אַרויסגעזיפצט — דאָס גאָלד וואָס דו זעסט איז דאָס הייסע פייער פון גיהנום. איך זיץ דאָ אויף אַ כסא־מלוכה, אָבער אלצדינג בריט און ברענט מיך מיט די גרעסטע עינויים. די קרוין אויף מיין קאָפּ, די גאָלדענע מלבושים, די גאָלדענע שיסלען, בעכער און קרוגן, — די גאָלדענע פּירות און די גאָלדענע וויינען — אלצדינג איז דאָס ריינסטע גיהנום־פייער און ער ברענט און בראָט מיין גוף און מיינע אינגעווייד אויף נישט אויסצוהאַלטן. די סמאָלע־קעסלען, אין וועלכע עס פּרעגלען זיך אַנדערע רשעים, זענען אַ קינדער־שפּילעכל אַקעגן די יסורים פון אָט דעם גאָלדענעם פייער. שמערל, מיין מאַן, איך בין פון די אומ־גליקלעכסטע אין גאַר דעם גאַנצן גיהנום.

די שמערלניצע האָט אָנגעהויבן צו וויינען אין אירע גאָלדענע בגדי־מלכות. זי האָט געשריגן אַז מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן און זי בעסער אַריינזעצן אין אַ פינצטער פאַס פון שלאַנגען און עקדישן.

די לאָקאַיִעס האָבן מיט גרויס הכנעה איר געוויזן אויף די קרוגן און שיסלען און זי געהייסן עסן און טרינקען.
און די שמערלניצע האָט געמוזט פאָלגן.

**
*

אין לאַנד דלת האָבן ייִדן דערציילט, אַז ווי באַלד שמערל איז צוריק אַהיימגעקומען, איז ער געוואָרן א מדינה־גייער. ער האָט זיך אָנגעטון אין שמאַטעס און איז אַוועק איבער דער וועלט מיט א כאָפּטע אורחי־פּרחי.



## קאַפּיטל איינס

דער בעל־דבר וויזט ר׳ שמואל שעפסלען דעם חלק עולם־הבא. — ווער וועט זיצן לעבן מיר אין גן־עדן?

אמאָל איז געווען אַ ייִד אַ גרויסער תלמיד־חכם, האָט ער געהייסן ר׳ שמואל־שעפּסל. עס איז ממש געווען לא פסק פומיה מגירסאָ. טאָג און נאכט איז ער געזעסן על התורה ועל העבודה. דערצו איז ער געווען אַ ייִד זייער אַן אָפּגעהיטענער און אַ בעל־מידות־טובות.

אַ ייִד קומט נישט קיין קניפּ אין בעקל אריין פאר דעם וואָס ער דינט טריי דעם אויבערשטן. כי לכך נוצרת. צו וואָס דען האָט מען פון הימל גענומען ייִדן און זיי אַוועקגעשטעלט אונטערן באַרג סיני? אוודאי נישט, אַז זיי זאָלן זיך אַרומדרייען ווי די גויִים ביי די הבלי עולם־הזה און אין זינען האָבן שווילטאָג.

ווען דער בעל־דבר קוקט זיך צו און זעט ווי א ייִד האָרעוועט אזוי שווער פארן השם־יתברך — פארשטייט זיך, אז ער האָט דערפון דאָס גרויסע גאל־פּלאצעניש. נאָר וואָס קאָן ער טון? גיי שלאָג־אָן אַן עבירה אַ ייִד ר׳ שמואל־שעפּסל וואָס טוט נישט מער נאָר זיצט ביי ש״ס ופּוסקים?

איז ער זיך מישב, דער ימח־שמו, און זעצט זיך אַמאָל אַוועק לעבן ר׳ שמואל־שעפּסלען און הייבט אָן צו מאַכן אַ פּראָסטן שניידערישן חשבון.

— וואָס איז דאָ שייך צו רעדן, ר׳ שמואל־שעפּסלשי — זאָגט צו אים דער בעל־דבר מיט א גמראָ־ניגון — ווערליק אייער האָרעוואניע, קיין עין־הרע, שטייען פאר אייך איבער הונדערט און צוואנציק יאָר אָפּן אלע טירן פון גן־עדן.

ר׳ שמואל־שעפּסל צופּט זיך ביים בערדל און שמייכלט אריין אין א האַרבן תוספות.

דער בעל־דבר האָט דערזען דאָס שמייכעלע ביי ר׳ שמואל־שעפּסלען

אויפֿן פּנים — און דווקאָ אינמיטן א הארבן תוספות — האָט ער זיך, דער ימח־שמו, גאָר מחיה געווען. האָט ער ווייטער נישט געזשאלעוועט און גע־נומען אויסמאָלן פֿאַרן תלמיד־חכם דעם גאַנצן ראָסקאָש פֿון דעם עולם־הבאָ וואָהין מען וועט אים, ר׳ שמואל־שעפּסלען, אַריינפֿירן מיט די גרויסע פּאַראַדן. ער וועט גיין אונטער אַ חופּה און דערביי וועלן מלאכי־השרת בלאָזן מיט זילבערנע שופרות.

פֿאַמעלעכל האָט דער יצר־הרע געוויזן די גאָלדענע שטול אויף וועל־כער מען וועט אים, ר׳ שמואל־שעפּסלען, אַוועקזעצן אויפֿן ברעג פֿון דעם נהר־אפרסמון. דער תלמיד־חכם האָט געזען, אז לעבן זיין גאָלדענער שטול שטייט נאָך א גאָלדענע שטול. „מן־הסתם וועט מען דאָרט אוועקזעצן עפּעס אַ וואזשנעם צדיק־הדור״ — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ביי זיך געטראַכט — „אַ ווערטעלע ועמען מען באַדאַרף אוועקזעצן לעבן מיר!״

פֿונדעסטוועגן איז ער טשיקאווע געווען צו וויסן דעם נאָמען פֿון זיין שכן אין גן־עדן. „מען זיצט דאָך עפּעס דאָרט אויף עולמות״ — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ביי זיך געטראַכט און ווידער אינמיטן אַ האַרבן מהרש״א — „מען דאַרף צו וויסן ווער עס וועט זיין מיין צווייטער שכן אין גן־עדן״.

און ער האָט א פֿרעג געטון דעם בעל־דבר:

— פֿאר ועמען שטייט גרייט די צווייטע שטול לעבן מיר?

— דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסעל געזען ווי דער בעל־דבר ווערט קליין ווי א פּינטעלע און פֿארשווינדט אין דער לופֿטן.

דער תלמיד־חכם איז געבליבן אָן ענטפֿער.



# קאַפּיטל צוויי

ר׳ שמואל־שעפּסל מאַכט צירופים און יחודים.

**ר**׳ שמואל־שעפּסלען האָט די מעשה אָנגעהויבן שטאַרק צו פּאָרקן. סטייטש? אָט ווייזט מען אים בחיו זיין שיינעם עולם־הבאָ און די גאָלדענע שטול אויפן ברעג פונעם נהר־אפרסמון. מען ווייזט אים אפילו די שטול פון דעם שכן, אם ירצה־השם, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר. דעם סאַמע שכן אָבער האַלט מען אויבן באַהאַלטן אין אַ פּוטער־פּעסל און מען וויל אים נישט ווייזן.

— „מן־הסתם איז עס עפּעס אַ גוואַלדיקער גאון־עולם, וועלכן מען וויל נישט מבטל זיין פון לערנען און אַרויפּברענגען אין גן־עדן אַריין כדי אים מיר צו ווייזן" — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל זיך אָנגעהויבן צו טרייסטן.

פאָרם איז ער זייער טשיקאַווע געווען צו וויסן ווער עס וועט מיט אים צוזאַמען זיצן אין גן־עדן. די נייגעריקייט איז אין אים געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. אין די צוויי שעה וואָס ער איז געשלאָפן במשך דעם גאַנצן מעת־לעת האָט ער איצטער אויך נישט געקאָנט צוטון קיין אויג.

סוף כל סוף האָט ר׳ שמואל־שעפּסל זיך גענומען צוהילף אַ ספר פון קבלה־מעשית. ער האָט אָנגעהויבן מיחד צו זיין יחודים און שטאַרק מפציר צו זיין, אַז מען זאָל אים פון אויבן ווייזן זיין שכן אין גן־עדן.



## קאַפּיטל דריי

זו תורה וזו שכרה? — דער שכן אין גן־עדן איז סענדער־בער דער קצב.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט לאַנג געמאַכט צירופים און יחודים. סוף־כל־סוף האָט מען אים אין חלום נאָך א מאָל געוויזן די צוויי שטולן אין גן־עדן. אויף דער צווייטער שטול, הארט לעבן אים, דעם גרויסן תלמיד־חכם וואָס איז יומם־ולילה עוסק בתורה ועבודה, זיצט נישט קיין אַנדערער ווי דער גרעסטער עם־הארץ פון שטעטל, סענדער־בער דער קצב.

ר׳ שמואל־שעפּסל קוקט גוט אין חלום. ער פּינטלט נעבעך מיט די אויגן און קאָן זיך אַליין נישט צוגלייבן דאָס וואָס ער זעט. קוק היינט, קוק מאָרגן. עס איז נישט קיין אַנדערער ווי סענדער־בער דער קצב.

ווערט ר׳ שמואל־שעפּסל שטאַרק ביי זיך געפאַלן. אינמיטן חלום הייבט ער אָן ביטער צו זיפצן. זו תורה וזו שכרה? „נאָך אזוי פיל האָרעוואַניע אין דער תורה זעצט מען לעבן מיר אַוועק עפּעס דאָרט א פּראָסטאַק אַ קצב“.

כאַפּט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אויף מיט גרויס שבירת־הלב און פּילט ווי ער באָדט זיך אין שווייס. ער שלאָפט ווידער איין. ווידער ווייזט מען אים סענדער־בערן דעם קצב ווי א שכן אין גן־עדן. ער כאַפּט זיך אויף מיט נאָך א גרעסער שבירת־הלב און שלאָפט פונדאָסניי איין. ווידער זעט ער ווי דער קצב סענדער־בער זיצט לעבן אים אויף דער שטול ביים נהר־אפרסמון.

מען האָט אים געוויזן דריי מאָל נאָכאַנאַנדער דעם אייגענעם חלום.

מיר ווייסן, אויב א חלום ווייזט זיך דריי מאָל נאָכאַנאַנדער איז ער א צייכן פון דעם אויבערשטן אמת.

## קאַפּיטל פיר

ותתחלחל המלכה מאוד. — ר׳ שמואל־שעפּסל דרייט זיך נעבעך אַרום אָן אַ קאָפּ.

חילת האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל כלומרשט גענומען טרייסטן. „ס׳איז דאָך נישט שיין אַז מען זאָל נעבן מיר אַוועקזעצן אַ קצב" — האָט ער ביי זיך געטראַכט — „מן־הסתם איז אָט דער סענדער־בער א נסתר, — א למד־וואָווניק וואָס פאַרשטעלט זיך נאָר פאַר א פּראָסטאַק. אין דער אמתן זיצט ער גאַנצע נעכט און לערנט און איז אָנגעשטאָפּט מיט נגלה און נסתר. מילאָ, אויב אזוי, קאָן מען עס נאָך אויסהאַלטן!"

האָט ער גענומען זיך אויספרעגן אויף די פירעכצן און דרכים פון סענדער־בערן דעם קצב. אויב ער איז באמת אַ נסתר וועט אים שוין ר׳ שמואל־שעפּסל כאַפּן ביי דער האַנט.

שטעטל האָט זיך אפילו געחידושט וואָס אַזאַ גרויסער תלמיד־חכם ווי ר׳ שמואל־שעפּסל הייבט זיך פּלוצים נאָכצופרעגן אויפן קצב. יידן האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס און דערציילט ר׳ שמואל־שעפּסלען פון די גראָב־יונגערישע פירעכצן פון דעם קצב. עס זענען געווען מעשיות וואָס די אויערן פון אַ תלמיד־חכם טאָרן גאָרנישט הערן. מילאָ פון א שייטל סידור איז אָפּגערעדט. ער יכולט דאָרט נישט וואָס נישט יכולען הייסט. עס איז א רחמנות צו קוקן ווי דער קצב מוטשעט זיך ביים סדר אָפּריכטן. א גראָבער יונג ככתוב והתום מיטן גאַנצן קנאַק. דערצו איז ער א פּרעסער א זולל־וסובא. ער לאַכט הויך ווי א גוי און דער עיקר — ער רעדט ניבול־פּה צו די ווייבער וואָס קומען צו אים אין יאַטקע קויפן א פונטל פלייש.

ר׳ שמואל־שעפּסלען איז נעבעך פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן ווען ער האָט דערהערט ווער עס איז אַזוינער און אזעלכער דער שכן זיינער אין די עולמות־עליונים. לא זו הדרך! אזוי פירן זיך נישט אויף די נסתרים און

די למד־וואָוו. ער האָט נעבעך גאַנצע טעג און נעכט געזיפצט: „מיט וואָס האָסטו זיך, ר׳ שמואל־שעפסל, חלילה פאַרזינדיקט, אז מען זאָל דיר אָנטון אזעלכע בזיונות אין גן־עדן?״

פון דאָס ניי האָט ער געמאַכט צירופים און יחודים און געפּרווט זיך טרייסטן, אַז אפשר האָט ער געמאַכט אַ טעות אין די הויכע חשבונות און מען האָט אים נישט געוויזן דעם ריכטיקן. ניין! תמיד האָט מען אים גע־וויזן סענדער־בערן דעם קצב ווי זיין אייביקן שכן ביים נהר אפרסמון.

ותתחלחל המלכה מאוד — ר׳ שמואל־שעפסל האָט זיך אַרומגעדרייט גאָר אַ צעמישטער.



# קאַפּיטל פינף

סענדער־בער דער קצב ווייזט אַז ער איז נישט פון די למד־וואָוו.

ויהי היום מאכט זיך א מעשה, סענדער־בער דער קצב ווערט, נישט פאר קיין ייִדן געדוכט, אַן אלמן. דער קצבניאק וואַרט צומאָל נישט איבער די שלושים און הייבט שוין אָן צו שרייען צו די ווייבער וואָס קומען צו אים אין יאַטקע, אז מען זאָל זיך מרחם זיין אויף זיין לעבן און אים שאַפן אַ שידוך און דווקאָ מיט אַ בתולה. הכל יודעים כלה למה נכנסה לחופּה — אלע ווייסן ווי אַ ייִד איז זיך נוהג מיט א ווייב נאָך דער חתונה. ייִדן זענען אָבער ביישנים און מען רעדט נישט דערפון בפרהסיה. ווען עס קומט יאָ אַמאָל אויס צו רעדן דערפון, איז מען עס מרמז אונטער זיבן שטערצלעך. אַ גראָבער יונג ווייסט דאָך אָבער נישט פון קיין קונצן, און וואָס ער טראָגט אויף דער לונג לייגט ער באַלד אַרויס אויף דער צונג.

האָט אָט דער סענדער־בער אַרונטערגענומען דאָס פּייגן־בלעטל פון מויל און אינמיטן דער יאַטקע האָט ער פאר די ווייבער אָנגעהויבן צו שרייען בקול רם אז דער יצר־הרע פּאָרקעט אים און אז ער מוטשעט זיך און קאָן נישט לעבן אָן אַ ווייב.

די פּראָסטע ווייבער אין דער יאַטקע האָבן געכיכיקעט. די פרומע נשים האָבן אים געמוסרט און אים גערופן „טריפה פּיסק“.

פארשטייט זיך, אז מען האָט די אַלע מעשיות צוגעטראָגן ר׳ שמואל־שעפסלען. דער ייִד האָט פונדאָסניי באַקומען א געוואַלדיקן שבירת־הלב.

# קאַפּיטל זעקס

אַ ציגײַנערקע לייגט קאָרטן און סענדער־בער גליט ווי אויף פּאָקן.

מאַכט זיך אַ מעשה — אין די וועלדער אַרום שטעטל זענען אָנגעפאָרן ביידלעך מיט ציגיינער. ס'איז געווען סוף זומער. די שפּעט־עפּל אויף די ביימער האָבן אָנגעהויבן צו ווערן צייטיק. ס'האָט געשמעקט מיט ראש־חודש אלול.

די ציגיינער האָבן זיך אויסגעלייגט אין וואַלד וואָס איז געווען האַרט ביים שטעטל. ביינאַכט האָט מען געהערט זייערע געזאַנגען און געזען די פייערלעך וואָס זיי האָבן אָנגעצונדן. קליינע פערדלעך האָבן זיך געפּענטעטע געפּאַשעט אַרום די ציגיינערישע געצעלטן.

בייטאָג זענען אין שטעטל אַריין אָנגעקומען אַלערליי ציגיינערקעס, יונגע און אַלטע. זיי האָבן געטראָגן רויטע קליידער, און אַ סך קרעלן אויף די העלדזער. די יונגע ציגיינערקעס האָבן געהאַט פּעך־שוואַרצע צעפּ און זיך שעלמיש געוויגט אין די היפטן. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין ייִדישע טירן און אָנגעשלאָגן צו לייגן קאָרטן. פאַרזעסענע מוידן און פּראָסטע ווייבער האָבן זיך טאַקע געלאָזט לייגן קאָרטן און געוואָלט געוויר ווערן וואָס עס איז זיי באַשערט.

שוואַרץ־אָפּגעברענטע ציגיינער און אין הויכע גלאַנציקע שטיוואַלעס האָבן זיך געדרייט אויפן מאַרק און אַרום די ייִדישע קרעמלעך. כלומרשט זיי האָבן געהאַט צו פאַרקויפן קופּערנע פאַנען און כלומרשט האָבן זיי געזוכט צו קויפן פערד. ייִדן האָבן אָבער געוווּסט, אַז זיי מיינען נאָר עפּעס צוצוגנבהנען און מען האָט זיך פאַר זיי געהיטן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט — אַן אַלטע ציגיינערין האָט געלייגט קאָרטן דעם סאַמע קצב סענדער־בער און טאַקע ביים יאַטקע־קלאָץ. זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ וואַרע מכשפה מיט גרויע קודלעס אויפן קאָפּ און האָט

געטראָגן א רויט געבלימלט קלייד און גרויסע אוירינגען אין די אויערן. זי האָט ארויסגעלייענט פון די קאָרטן א גאנצן זאק מיט מזל. דערביי האָט זי סענדער־בערן דערציילט, אז אינדרויסן אין וואלד אין די ציגיינערישע ביידלעך געפינט זיך אַ ײִדישקע. אַזאַ שיינהייט פאַרמאָגט נישט סיי דער פוילישער מלך און סיי דער מלך פון די ציגיינער. די אַלטע האָט אויסגעמאָלן די בתולה פון אויבן ביז אַראָפּ און מיט אַלע פּיטשעווקעס, און הויך און פאַרשייט געלאכט מיט איר ציינלאָזן מויל און אָנגעקוקט דעם קצב מיט גרויסע שווארצע און ברענענדיקע אויגן.

סענדער־בער האָט געמיינט, אַז עס כאַפּט אים די נכפה ביים סאמע יאַטקע־קלאָץ. ער האָט געגליט ווי אויף פּאָקן.

די ציגיינערקע האָט נישט אויפגעהערט צו לייגן אירע קאָרטן און צו דערציילן פון דער יצר־הרעדיקער יפהפיה.

# קאַפּיטל זיבן

סענדער־בער שפּרינגט אין דער לופטן.

סענדער־בער דער קצב האָט ממש געשפּרונגען אין דער לופטן. אינמיטן העלן טאָג האָט ער געוואָלט צומאַכן די יאַטקע און מיטגיין מיט דער אַלטער ציגיינערקע אין די ביידלעך אַריין וואָס אין וואַלד און דאָרט אָנקוקן די בתולה.

די אלטע האָט אָבער נאָך פאַרשייטער געשמייכלט. זי האָט צוזאַמענגענומען אירע קאָרטן און געזאָגט צום קצב:

— אויב דו וועסט מיר געבן צוויי זילבערנע רובל וועל איך דיך אהין נעמען.

סענדער־בער האָט אַרויסגעכאַפּט צוויי זילבערנע רובל כסף־טהור און זיי דערלאַנגט דער ציגיינערקע. באַלד האָט ער פאַרשלאָסן די יאַטקע און אַרויסגעגאַנגען מיט דער גויע אויפן מאַרק.



# קאַפּיטל אַכט

נישקשה, שמואל־שעפּסל באַקומט אַ שיינעם שכן אין גן־עדן!

ווען דער יצר־הרע פאַרבלענדט עמיצן די אויגן נעמט ער ביי אים צו יעדעס ברעקל בושה.

סענדער־בער האָט גאָרנישט געזען ווי אַלע מאַנסבילן און ווייבער אויפן מאַרק טייטלען אויף אים מיט די פינגער. שטעטל איז גאָר אַרויס פון די כלים. אַ יהדות פון אַ קצב! ווי שעמט זיך נישט אַ ייִד בפּרהסיה צו גיין מיט אַ ציגיינערקע? און וווּהין גייט ער עס?

ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו טרעפן. ווייבער האָבן געשמועסט, אַז די מכשפה האָט סענדער־בערן אָנגעטון אַ כשוף און זי שלעפּט אים אַוועק אין שאול־תחתיה. פאַרשטייט זיך, אַז די מעשה האָט ווי אַ וויכער דערגרייכט צו די אויערן פונעם תלמיד־חכם ר׳ שמואל־שעפּסל. דער ייִד איז געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט און האָט נעבעך געזיפצט:

— נישקשה שמואל־שעפּסל! באַקומסט אַ שיינעם שכן אין גן־עדן.



# קאַפּיטל נײַן

צווישן די ציגײַנערישע ביידלעך.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט — סענדער־בער איז מיט דער ציגײַנערקע אַרײַנגעקומען צווישן די ביידלעך אין וואַלד. פון אַלע געצעלטן האָבן זיך אַרויסגעשטעקט צעפּלאָמטע ציגײַנערישע קעפּ און נײַגיריק באַקוקט דעם ייִד מיט דער אַלטער. די גויע איז דאָרט געווען אַ חשובע שישקע. זי האָט אויף ציגײַנעריש לשון זיך אַדורכגעשמועסט מיט עטלעכע עלטסטע וואָס זענען געזעסן לעבן אַ פֿײַערל און געקלאַפּט מיט האַמערס אויף קו־פּערנע פּאַנען.

מען האָט סענדער־בערן צוגעפֿירט צו אַ געצעלט. מען האָט עס אויפֿ־געמאַכט. דאָס זון־ליכט האָט אַ שלאָג־אַרײַן געגעבן אין געצעלטישע אינע־ווייניקייטן. אויף אַ פּאַק מיט קישנס איז דאָרט געזעסן אַ האַלב־נאַקעטע בתולה. זינט סענדער־בערס מחשבות האָבן געטראַכט וועגן ווײַבער האָט ער נאָך אַזאַ גלוסטיקע שיינקייט נישט געזען. זי האָט אין זיך געהאַט אי פֿון די תמימותדיקע רייצן פֿון אַ בת־ישראל און אי פֿון דער פֿאַרשײַטקייט פֿון אַ ציגײַנערקע. דער יצר־הרע האָט נעבעך געמוזט גוט האָרעווען איידער עס איז אים געראָטן אויסצוטראַכטן אַזאַ אתרוגל פֿון אַ יפֿיפֿיה.

די בתולה האָט געשטריקט אַ זאָק. זי האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטון אויף סענדער־בערן מיט שוואַרצע און וואַרעמע אויגן. דער קצב האָט דערשפּירט דער מאַמעס מילך אין מויל. ער איז געשטאַנען און געאָטעמט ווי אַ ברונסטיקער בוהיי און שטאַרק געפֿינטלט מיט די אויגן.

— דאָס איז די שיינע ייִדישקע — האָט די אַלטע ציגײַנערין געזאָגט און פֿאַרשײַט געטון סענדער־בערן אַ צי פֿאַר דער באָרד.

— רעד צום ייִד, אסתרקע! — האָט זי שטרענג באַפֿוילן דער ייִדישקע.

אסתרקע האָט מיטאמאָל טרויעריק א קוק געטון אויף סענדער־בערן און אַ זיפץ געטון.

דער זיפץ האָט דעם קצב ממש צעשניטן דאָס האַרץ פון ליבשאפט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד לעבן דעם מיידל און זי אָנגעהויבן אויסצופרעגן ווער זי איז און ווי אזוי זי קומט צווישן די ציגיינער?

פּאמעלעכל האָט זיך אסתרקע צו אים צוגעוויינט. פּלוצים האָט זי זיך פונאַנדערגעוויינט. זי האָט דערציילט אַ גאַנצע מעשה ווי אַזוי ציגיינער האָבן זי צוגעגנבהט א נאַכט פאַר איר חופּה. זי האָט געוווינט אין אַן עק פון א קליין יידיש שטעטעלע. ציגיינער האָבן אונטערגעצונדן דאָס שטעטעלע. יידן זענען נעבעך אַוועק מיטן פייער. ווו איר חתן איז אהינגעקומען ווייסט זי נישט. מן־הסתם האָבן אים די ציגיינער דערהרגעט אָדער אים אַריינגע־וואָרפן אין די פלאַמען. מען האָט איר פאַרבונדן די אויגן און מיטגעפירט מיט די ציגיינערישעביידלעך. מען לערנט זי ציגיינעריש לשון ווי אויך לייגן קאָרטן. מען וויל זי מאכן פאר אַן אמתע ציגיינערקע.

דאָס געוויין האָט זי נאָך שענער און גלוסטיקער געמאכט. סענדער־בער האָט ממש געפילט ווי ער ווערט פארברענט פון ליבשאפט און גלוסטעניש.

— איך בין אַן אלמן — האָט ער איר פלוצים געזאָגט — אויב איך וועל דיך אויסקויפן פון די ציגיינער וועסטו מיט מיר חתונה האָבן?

אסתרקע האָט סענדער־בערן לאנג, לאנג געקוקט אין די אויגן און געענטפערט: יאָ!



## קאַפּיטל צען

סענדער־בער גליט ווי אויף פּאָקן און גרייט זיך צו דער חופּה.

שטעטל איז באַלד געגאַנגען אויף רעדלעך, אַז דער קצב האָט זיך פֿאַר־ליבט אין אַ ייִדישער ציגיינערקע — עפּעס דאָרט אַ פֿאַרשייטע מויד פֿון אַלדי שוואַרצע יאָר — און ער גייט מיט איר חתונה האָבן. ווייבער האָבן אים געשאָלטן מיט דער תוכחה: אַ יהדות פֿון אַ גראָבן יונג אַ בעל־תאווהניק! אָט אָט האָט ער באַגראָבן דאָס ערשטע ווייב און דער יצר־הרע שטעקט אים שוין אָן דעם בייזן האַלדז. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט עס געהערט און נאָך ביטערער געזיפּצט.

סענדער־בער האָט געגליט ווי אויף פּאָקן און זיך נישט געקאָנט דער־וואַרטן צו דער חופּה. ער האָט זיך האָפּערדיק געבחורט און איז געוואָרן מיט צען יאָר ייִנגער. אין דער יאַטקע האָט ער בקול רם פֿאַר אַלע ווייבער דערציילט פֿון דער שיינער כלה און געגעבן אָנצוהערענישן וועגן זיין מאַנס־פֿאַרשווינישקייט אויף אַלע ייִדן געזאָגט. פּראָסטע ווייבער האָבן געלאַכט און אים גוטמוטיק געגעבן אין טאַטנס טאַטן אַריין. די פֿרומע נשים האָבן אויסגעשפּיגן פֿאַרן יאַטקע־קלאָץ.

סענדער־בער האָט געוואָלט מאַכן אַ חתונה, אַז שטעטל זאָל עס האָבן צו געדענקען. ער האָט ברייט געעפֿנט דעם בייטל.

די כלה האָט ער אויסגעסטראָיעט ווי אַ בת־מלכה. וואָס ער האָט איר געמאַכט איז פֿאַר אים געווען צו ווייניק. אין אַ יעדן נייעם קליידל האָט אסתרקע אויסגעקוקט שענער און גלוסטיקער — און דער קצב האָט זיך ממש געפּרעגלט אין האָניק.

אויף די ציגיינער האָט ער באַשענקט ביד רחבה. מקטן ועד גדול האָט ער זיי אַלע פֿאַרבעטן אויף דער חתונה. ער האָט באַשטעלט אַ קאַפּעליע פֿון די בעסטע קלעזמאָרים ווי אויך אַ באַרימטן בדחן וואָס זאָל באַזינגען

אסתרקען צו כלה־באדעקנס. ער האָט געטראכט וועגן אונטערפירערס און אונטערפירערקעס. דערווייל האָט ער געזען, אז די פרעסאַרניע אויף דער חתונה זאָל זיין פון אַזאַ שפע וואָס שונאים זאָלן פּלאַצן און גוטע פריינד זאָלן אים מקנא זיין.

כדי די חתונה זאָל אויסקומען בתכלית הגבירישקייט האָט סענדער־בער באשלאָסן צו מאכן באגלייך מיט דער חופה־סעודה אויך א גרויס אָרעם־מאָלצייט פאר די אָרעמעלייט און ארחי־פרחי פון הקדש און פון דער סביבה. נישקשה, האָט סענדער־בער געטראכט. — און געטראכט האָט ער טאָג און נאכט נאָר וועגן אסתרקען — זאָל די וועלט וויסן וואָסער ברייטע האנט א קצב האָט, ווען עס איז אים באשערט אזא עולם־הזה!



## קאַפּיטל עלף

ציגיינער און ייִדן קומען אויף דער חתונה.

אין חופּה־טאָג האָט אויסגעקוקט ווי דאָס גאַנצע שטעטל גייט חתונה האָבן. אַזאַ פרייִלעכן רעש האָט סענדער־בער געוואָרפן ארום זיך. ער האָט געלאַכט, געשריגן און געוואַלדעוועט און אַלעמען געזאָגט מזל־טוב און אַלעמען, קינד און קייט פארבעטן אויף דער שמחה. פון אַ סך קוימענעס אין שטעטל האָט געזעצט א רויך. מחמת סענדער־בערס קיך איז גאָר נישט געווען בכוח אליין אָפּצוקאָכן די געוואַלדיקע פּרעסאַרניע. גויִים האָבן גע־שלעפּט טונען מיט פיש. וויבער האָבן געשלעפּט גאַנצע קוישן און פלאַכ־טעס מיט געקוילעטע עופות. ס׳איז געווען עפּעס צו זען. דער קצב האָט פאַר אַלצדינג געצאָלט און נישט געפרעגט וואָס עס קאָסט.

צוועלף אזייגער בייטאָג האָט דער וואַלד אַרום דעם שטעטל אויפגע־שאַלט מיט פידלען און פייפיאָלן. ס׳זענען אָנגעקומען צופאָרן די ציגיינערישע פורלעך. די פורלעך זענען געווען באהאנגען מיט בלומען, גרינסן און צווייגן. דאָרט איז געזעסן די כלה מיט די ציגיינערקעס. די ציגיינערקעס אָנגעטוענע אין פאַרביקע קליידער און אין קארעלן האָבן געפינקלט אין דעם זון־ליכט ווי לעבעדיקע בלומען. די עלטסטע פון די ציגיינער זענען געריטן אויף פערד. א ציגיינערישע קאַפּעליע האָט געשפּילט אויף א פורל. אסתרקע איז געגאַנגען אָנגעטון אין די נייע קליידער וואָס סענדער־בער האָט איר געמאכט. זי האָט אַלעמען פארבלענדט מיט איר שיינקייט. דער קצב איז געשטאַנען פאַר דער יאַטקע אָן אָנגעטוענער ווי א חתן. דאָס פּנים האָט אים געלויכטן פון שמחה.

מיט גרויס פּאַראַד האָט מען די כלה אַריינגעפירט צו א שכנטע. דאָרט האָבן שוין געוואַרט די ייִדישע קלעזמאָרים בראָש מיטן בדחן. די קלעז־מאָרים האָבן אויפגעשפּילט א קבלת־פּנים. דער בדחן האָט אָנגעהויבן צו

זאָגן גראַם. שטעטל איז געשטאַנען אויף וווּנדער. מען האָט אַריינגעקוקט דורך די פענצטער. ווייבער מבינותטעס האָבן געשמועסט, אַז די ציגייַ־נערקעס האָבן די כלה באַגאָסן מיט אַ חן־וואַסערל, מחמת דערימאַך קוקט זי אויס ווי אַ וואַרע בת־מלכּה. „אַ בייז מזל פון אַ קצב״ — האָבן ווייבער געשאָלטן — „אָקערשט האָט ער באַגראָבן אַ ווייב. איצט וועט ער ערשט וויסן פון אַ זיס לעבן״.

סענדער־בער האָט געהערט און געקוואָלן. ר׳שמואל־שעפּסל אין בית־המדרש האָט באַהאלטן דעם קאָפּ אין אַ ספרים־שאַנק און דאָרט נעבעך שווער און ביטער געזיפצט.



## קאַפּיטל צוועלף

סענדער־בער באַשטייט דעם נסיון און איז משיג די תורה כולה
אויף איין פוס.

אוונט־צו איז סענדער־בער געווען גאָר אין גרויסן בגילופן. יעדע מינוט איז ער אַריינגעלאָפן א קוק טון אויף דער כלה. אסתרקע איז שוין געזעסן מיט צעפלאָכטענע האָר אויף דער כלה־שטול. ער האָט געמאכט צו איר מיט די הענט און געלאַכט מיט אַזאַ תאווה, אַז ווייבער האָבן אים גע־מוסרט און צו אים געזאָגט: „גראָבער יונג פון אַ קצב! די מינוטן זענען דיר שויך, בעל־תאווהניק, צו לאַנג פאַרן שיינעם עפּעלע?!“

ענדלעך האָט זיך אָנגעהויבן די חתונה. עס זענען געקומען א האלב שטעטל ייִדן און ווייבער וואָס דער קצב האָט פאַרבעטן אויף דער שמחה. עס זענען אויך אָנגעקומען די מדינה־גייער און די ארחי־פרחי פון הקדש און פון דער סביבה. זיי זענען געקומען אויף דער אָרעם־מאָלצייט. די טיִשן האָבן זיך געבראָכן פון כל־טוב. ייִדן האָבן אין זיך דערפילט תאוות־אכילה קוקנדיק וואָס סענדער־בער האָט צוגעגרייט. ביי די ארחי־פרחי און מדינה־גייער האָט זיך ממש געגאָסן דער גאַווער פון די מיילער. זיי האָבן געפינקלט מיט די אויגן ווי הונגעריקע וועלף. די בערד האָבן ביי זיי געציטערט פון זשעדנעקייט. מען האָט אָנגעצונדן א סך ליכט און אלע האָבן זיך אַרומגע־זעצט ביי די טישן. אין צווייטן חדר האָט שוין דער בדחן באַזונגען די כלה.

סענדער־בער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויבנאָן צווישן די שענסטע באַ־לעבאטים פון שטעטל. ער האָט געוואַרט, אַז דער בדחן און די קלעזמאָרים זאָלן אַריינקומען און מען זאָל אים פירן צו דער חופּה.

עולם האָט זיך צוגעכאַפּט צו די טישן און עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּרעסאַרניע הגדולה.

פלוצים — אינמיטן דעם גרויסן האַסטיקן עסן האָט מען דערהערט מן־הצד — ביים טיש פון די ארחי־פרחי — א ביטער יאָמערלעך געוויין.

עולם ייִדן האָבן זיך אומגעקוקט. אַ יונגער מדינה־גייער, אַ קרוע־ ובלוע, פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט. ער טרייסלט זיך אינ־ גאַנצן פון וויינען.

דערינען ביי דער כלה האָבן די קלעזמאָרים געשפּילט א וויינענדיקס. דער בדחן האָט געזאָגט דברי־מוסר.

עס איז געוואָרן א שטילעניש. אלע האָבן אהינגעקוקט צום אָרעמאַן. סענדער־בער האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן פון זיין אויבנאַן און אהינגע־ גאַנגען גאָר אונטן צום אָרעם־מאָלצייט־טיש.

ער האָט נישט געוואָלט, אז זיין שמחה זאָל פאַרשטערט ווערן. מיט גרויס געריךטקייט האָט ער זיך אָנגערופן צום כליפּענדיקן ארחי־פּרחי:

— וואָס וויינט איר נעבעך, יונגערמאַן? איך וועל אייך געבן א שיינע נדבה.

דער יונגערמאַן האָט אַראָפּגענומען די הענט פון פּנים און לאַנג געקוקט סענדער־בערן אין די אויגן אַריין.

— עס איז מיין כלה וואָס גייט איצט מיט אייך צו דער חופה — האָט ער שטיל געזאָגט — איך בין איר חתן כדת משה וישראל. עס איז גרויס דער ווייטיק אין מיין הארץ און איך וויין מיך אויס.

דער חתונה־עולם האָט שטום געשוויגן.

סענדער־בער איז געוואָרן ווייס ווי דער טויט. עס האָט זיך אויסגע־ דוכט, אז דער קצב איז מיטאַמאָל איינגעשרומפּן געוואָרן אויף א העלפט. ער האָט מיט אַרויסגעזעצטע אויגאַפּּלס לאַנג געגלאָצט אויפן אָרעמאַן.

פלוצים האָט ער זיך, סענדער־בער, ווי אויפגעהויבן. ער האָט שווער אָפּגעזיפצט, אויסגעשטרעקט זיינעביידע הענט אין דער לופטן און אַ ריטש געטון אין דער וועלט אַריין:

— זאָל מען אַריינפירן די כלה!

ווייבער האָבן אַריינגעפירט די כלה. זי איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ ווייס חופה־קלייד און אין ווייסע שלייערן. זי האָט א קוק געטון אויפן מדינה־ גייער און האָט זיך הויך און ביטער פונאַנדערגעוויינט.

דאָ האָט סענדער־בער דער קצב זיך אויסגעטון די שיינע חתן־קאַפּאָטע און דעם נייעם טוכענעם קאַשקעט. ער האָט גענומען און מיט די אייגענע

הענט אָנגעטון דעם ארחי־פרחי אין די גבירישע מלבושים. ער האָט אים אוועקגעפירט אויבנאָן און אים דאָרט אוועקגעזעצט צווישן די שיינע באַלעבאַטים.

— זאָל דער בדחן באַזינגען דעם חתן! לאָמיר חתן־כלה פירן צו דער חופה! אויפגעשפּילט זאָל ווערן! — האָט ער אַ געשריי געטון ווי נישט מיט זיין קול.

נאָך דעם דאָזיקן געשריי האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. פּאַמעלעכל, טריט ביי טריט, איז ער אַראָפּגעגאַנגען גאָר גאָר אונטן און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים אָרעם־מאָלצייט־טיש צווישן די מדינה־גייער.

***

ווען דער תלמיד־חכם ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געהערט די מעשה האָט ער צו זיך געזאָגט:

הרבה פנים לתורה. די תורה האָט אַ סך פּנימער. איינער האָרעוועט ביי איר יומם־ולילה ס׳גאַנצע לעבן — און ער דערגרייכט קוים צו אַ שמץ פון אַ השגה. אַן אַנדערער, נעמט אַ הרף־עין און איז אין אים משיג די גאַנצע תורה כולה אויף איין פוס. ס׳איז פאַר דיר, שמואל־שעפּסל, אַ גרויסע זכיה צו זיצן אין גן־עדן לעבן דעם קצב סענדער־בער.



## ביז איצט דערשינען אין פאַרלאַג „יידבוך"

### און פאַראַן אין פאַרקויף:

**י. ל. פרץ** — דריי חסידישע דערציילונגען

**אַלבום־פאָרמאַט, געכתיבהט פון קינסטלער משה פייגענבלום. — לוקסוס־באַנד.**

**ח. ש. קאַזדאַן** — מעטאָדיק פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור **(אויספאַרקויפט)**

**י. י. טרונק (ניו־יאָרק)** — כעלעמער חכמים

(יידן פון דער קלוגסטער שטאָט אין דער וועלט).

**לוקסוס־אויסגאַבע, מיט קאַריקאַטורן, געצייכנט פון י. שלאָס, 300 זייטן.**

אַלבום־קאַריקאַטורן —

**טיפּן לויט** כעלעמער חכמים **פון י. י. טרונק. — פּרעכטיקע צייכענונגען. — אַ צירונג אין יעדער יידישער שטוב. — מאָלער — יצחק שלאָס.**

**ד"ר שלמה סיימאָן (ניו־יאָרק)** — אַמאָליקע יידן

**געקליבענע דערציילונגען פון אַ שיינער תקופה. 190 זייטן.**

**פּראָפ. ליבמאַן הערש (שווייץ)** — אויף דער גרענעץ פון צייטן

**געקליבענע אַרטיקלען אויף יידישע טעמעס, דערשינענע זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה. — 304 זייטן, לוקסוס־אויסגאַבע.**

**יצחק פערלאָוו (ישראל)** — אין אייגענעם לאַנד

**דערציילונגען פון לעבן אין מדינת־ישראל. — דערציילונגען פון „נאָכן שטורעם" — פּראַכט־אויסגאַבע. — 352 זייטן.**

**י. י. טרונק** — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט

**384 זייטן, פּראַכט־אויסגאַבע.**

## עס גרייט זיך צום דרוק:

**ד"ר ש. סיימאָן** — יידישקייט, וווהין (תוך יידישקייט)

---

**וועגן אַלע ענינים פון פאַרלאַג, זיך ווענדן:**

Editorial "IDBUJ"

Boulogne Sur Mer 671/75 — T. E. 62-9566

Buenos Aires — República Argentina

# פראַגמענטן פון פרעסע־אָפּרופן וועגן די דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „יידבוך״



וועגן **יצחק פּערלאָווס** בוך: „אין אייגענעם לאַנד״ (יצחק וואַרשאַווסקי, „פאָרווערטס״, ניו־יאָרק, דעם 19טן אַפּריל 1953)

...פּערלאָוון האָט דער צווייטער וועלט־קריג פאַרשאַפט אַ וועלט מיט צרות, אָבער ער האָט אים אויך גע־געבן אַ וועלט מיט דערפאַרונג. פּער־לאָוו האָט צוגעזען דעם חורבן פון וואַרשע, ער איז געלאָפן צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדישע שרייבער קיין לעמבערג, קיין ביאַליסטאָק, קיין טאַשקענט, אויסגעווען האַלב־רוס־לאַנד.

...שפּעטער איז פּערלאָוו אָנגעקו־מען קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט ווידער דורכגעמאַכט און צוגעזען הייס און קאַלטס.

דער גורל האָט פּערלאָוון אַריינ־געטריבן אין סאַמע געווירבל פון די ייִדישע צרות און ייִדישע האָפנונגען, וועגן מען לייענט זיינע ביכער, זעט מען, אַז דאָ רעדט אַ מענטש, וואָס קען אַלץ פון דער ערשטער האַנט.

...צו דעם קומען צו אַ רייע אַנ־דערע מעלות.

פּערלאָוו באַזיצט אַ לעבעדיקן ייִדיש און האָט דעם חוש און דעם טאַלאַנט פון אַ דערציילער. ער האָט אַ כוח צו פאַראינטערעסירן דעם לייענער.

ער האָט נאָך אַ מעלה: זיין פּראָזע האָט ריטם. אַ מבין פילט, אַז דער שרייבער האָט אַ זין פאַר דעם קלאַנג פון ווערטער, פאַר דער מאָס פון אַ זאַץ.

...אַ לייענער וואָס איז קיינמאָל נישט געווען אין ארץ ישראל קריגט פון דעם בוך „אין אייגענעם לאַנד״, אַ היפשן באַגריף וועגן דעם לעבן דאָרט. פּערלאָוו איז נישט קיין פאַר־טיימאַן, ער האָט קיינער פון די פאַר־טייען נישט געשוואוירן קיין טרייהייט און ער קען זיך דערלויבן צו זאָגן דעם אמת, אַזוי ווי ער זעט אים.

...יענע וואָס ספּעציאַליזירן זיך אין האָבן טענות צו שריפטשטעלער וואָלטן געקענט פאָרוואַרפן פּער־

לאָוון, אַז ער ווייזט צופיל דאָס מי־אוסע און קראַנקע פון ישוב און צו ווייניק דאָס שיינע און פּאָזיטיווע, אָבער דאָס איז אַ טענה, וואָס איז אַזוי אַלט ווי די ליטעראַטור. דיזעל־בע טענות האָט מען געהאַט צו אַלע שרייבער אין דער וועלט. עס איז מאָדנע, נאָר די באַזינגער פון לעבן און פון רעזשימען זענען כמעט אַלע מאָל געוועזן די טאַלאַנטלאָזיקייטן.

די טאַלאַנטן, ווי די נביאים, האָבן כמעט אַלעמאָל געריסן פּאָסן.

דער קינסטלערישער מענטש איז נישט קיין אָפּטימיסט, ער איז נישט קיין באַזינגער, ער חנפעט נישט זיין אייגן פאָלק און ער שוינט נישט אַנ־דערע פעלקער.

...צום גליק ווערט דאָס באַנאַלע בטל ביי יצחק פּערלאָוון אין שטאַר־קע שילדערונגען, אין אַ כאַראַקטע־ריסטישן דיאַלאָג, אין אינטערעסאַנ־טע פּאַסירונגען. פּערלאָוו בוך ווילט זיך לייענען, ער האָט וואָס צו דער־ציילן, ער האָט אַ ים מיט דערפאַ־רונגען, אַ סך קענטשאַפט פון ייִדיש, אַן אויג וואָס זעט און די קראַפט צו שילדערן. אויב ער וועט אויף זיך אַרבעטן און נעמען ערנסט זיין באַ־רוף, קען ער וואַקסן הויך.

**וועגן זעלבן בוך אָט אויך געשריבן** יעקב באָטאָשאַנסקי („די פּרעסע“, ב. **איירעס, דעם 19טן דעצעמבער 1952):**

...„אין אייגענעם לאַנד“ איז דאָס זיבעטע בוך, וואָס דער פאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן שטיל און אָרנטלעך. אויך אָט דאָס בוך ווי אַלע זעקס פריִערדיקע, האָט „ייִדבוך“ אַרויסגע־געבן פיין, שיין און מיט געשמאַק.

...מיט זיין פּראָזע האָט פּערלאָוו זיך אימפּאָנירט נישט ווייניקער ווי מיט זיינע לידער — ער האָט גיך געוווּנען דעם לייענער.

...זיין שרייבן איז לייכט, צוגעגנ־לעך און פאַרכאַפּט. מען דאַרף באַלד אָנערקענען, אַז מען מערקט נישט קיין ספּעציעלע אָנשטרענגונג ביים שרייבער צו געווינען דעם לייענער.

ער זינדיקט נישט און ער פעלשע־וועט נישט.

...פּערלאָוו באַצווינגט נישט זיין מאַטעריאַל, אַז ער זאָל פאַרכאַפּן. עס איז ביי אים פאַראַן נאַטירלעכער טעמפּעראַמענט, וואָס רייסט מיט. מען לייענט אים געשמאַק, ווען ער דערציילט נישט קיין אויסערגעוויינ־לעכע זאַכן. ער פאַרכאַפּט אויך, ווען ער דערציילט אינגאַנצן נישט, נאָר ער רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, אָט ווי אַ שטייגער אין דעם עסיי „איך וויל נישט שטאַרבן“.

...דער אָפּטסטער מאָטיוו איז ביי פּערלאָוון די סאַטירע קעגן די מלו־

כה־באַמטע, די פּקידים, וואָס האָבן די קעפּ פאַרלוירן.

...פאַראַן דערציילונגען, וואָס פאַר־מאָגן נישט קיין פּאַטאָס און נישט קיין סאַטירע און זיי שילדערן דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז.

...בכלל איז אין „אייגענעם לאַנד" אַ בוך, וואָס דער שטאַף דערפון איז פון אַ העכערער קוואַליטעט ווי די פאָרם, אָבער עס איז אַ בוך וואָס לייענט זיך געשמאַק און שטייט אין דער מיט צווישן בעלעטריסטיק און פובליציסטיק.

---

## וועגן **יצחק פּערלאָווס** בוך „אין אייגענעם לאַנד" שרייבט גבריאל וויסמאַן („לעבנספראַגן", יוני 1953, תל־אביב).

...געשריבן איז דאָס בוך „אין אייגענעם לאַנד" רעאַליסטיש, אַפילו נאַטוראַליסטיש. לייכט, פאָלקסטימ־לעך, צומאָל: סענטימענטאַל — דער־ציילט יצחק פּערלאָוו וועגן די שרעקלעכע ליידן, וואָס זיינע העלדן האָבן אַדורכגעמאַכט אין דער קאַש־מאַרער וואלפורגיס־נאַכט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן גאַנצע זעקס יאָר. דורך פאַרשיידענע מלחמה־ און נאָך מלחמה־פייערן, לאַגערן, „עקזאָדוס" און אַנדערע בראַנדן, דערפירט דער מחבר זיינע העלדן קיין ישראל און דאָ ערשט הייבט זיך אָן פאַר זיי אַ ניי קאַפּיטל.

...יצחק פּערלאָוו איז אַ גוטער שילדערער, דער לעזער ווערט נישט מיד ביים לייענען אים. דאָס איז דער בעסטער סימן מובהק פון אַ גוטן דערציילער.

...דאָס רובֿ פון פּערלאָווס דער־ציילונגען שפּרודלען מיט געלונגע־נע פאַרגלייכונגען, מיט זאַפטיקער שפּראַך און זענען פאַרווירצט מיט פיינע פאָלקס־ווערטלעך, וואָס גיבן צו אַ סך חן...

...דאָס באַווייזט, אַז פון יצחק פּערלאָוון קען מען דערוואַרטן ווײַ־טערדיקע שאַפונגען, אין וועלכע עס זאָל קומען צום אויסדרוק דער טי־פער געראַנגל און פּראָבלעמען, וואָס גייען אָן און נורטעווען אין לאַנד.

●

## וועגן **פּראָפ' ליבמאַן הערשס** בוך „אויף דער גרענעץ פון צייטן"
(א. ל. שוסהיים, „די נייע צייט", בוענאָס־איירעס, פון 31סטן יולי 1952)

...צום אָנקומען פון פּראָפ' ליבמאַן הערש קיין אַרגענטינע האָט דער פאַרלאַג „יידבוך" ביי דער געזעל־שאַפט פון יידיש־וועלטלעכע שולן

אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון דעם געלערנטנס אַרטיקלען אויף ייִדיש־טעמעס אונטערן טיטל: „אויף דער גרענעץ פון צייטן". דער באַנד שריפטן איז זייער שיין אַרויסגעגעבן ווי אַלץ, וואָס דערדאָזיקער פאַרלאַג גיט אַרויס, און עס איז באמת אַ שיינע מתנה פאַר דעם ייִדיש־שווייצאַרישן געלערנטן, וועלכער, כאָטש ער לעבט שוין כמעט אַ האַלבן יאָר־הונדערט אין דעם פון ייִדישקייט איזאָלירטסטן ווינקל פון דער שווייץ, אין גענף, איז ער דאָך געבליבן דער פוילישער, אָדער בעסערע געזאָגט, דער מזרח־אייראָפּעיִשער ייִד, וועלכער האָט זיך נישט פאַרפרעמדט פון אונדזערע דאגות און זאָרגן, פון אונדזערע פּראָבלעמען און קאַמפן אין וועלכע ער איז געבליבן אין אונדזער ייִדישער קולטור־וועלט אַן אייגענער מענטש.

---

די „יודישע וואָכענשאו" (אויסגאַבע אין דייטש), ב. איירעס, אָקטאָבער 1952 וועגן פּראָפ. **הערש** בוך „אויף דער גרענעץ פון צייטן":

...די געזעלשאַפט פאַר ייִדיש־וועלטלעכע שולן האָט צו דער געלעגנהייט פון פּראָפ' ליבמאַן הערשס קיום־פּראָבלעם פון ייִדן אין די תפוצות. מיט אַ רייכן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל קומט דער מחבר צו אַ גאַנץ פּעסימיסטישן אויספיר.

ער איז אָבער דאָך איבערצייגט, אַז דער שאַפונגס־כוח און דער אומבויגזאַמער ייִדישער ווילן וועלן דעם קריזיס איבערקומען.

אָנקומענדיק אַהער אַרויסגעגעבן אין בוך־פאָרם אַ רייע זיינע עסייען, אין וועלכע דער מחבר באַהאַנדלט דעם

דאָס ייִדנטום האָט זיך געקענט אויפהאַלטן נאָר צוליב דער פאַרשפּרייטונג איבער די תפוצות. לויט דעם מחברס מיינונג, שענקט מען דעם פּראָבלעם זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט.

